נאַטאַן אַש

# דער צווייאונצוואנציקסטער אויגוסט

יידיש: ל. האַדעס

פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע

# די אונטערערד-באַן.

אַלץ שנעלער און שנעלער האָט ער געשפּרייזט אַנטקעגן דער זונען-שיין, האַרי גראָסמאַן איז אָפּגעשטאַנען, איז געלאָפן הינטער אים און גערופן: „וואָס איז די בהלה? וואַרט אויף מיר“, ער אָבער האָט געשפּרייזט ווייטער, איז אַדורך דעם ברייטן דורכגאַנג, ווו די טירן זענען געשטאַנען זומערדיק אָפן, און איז אַרונטערגעגאַנגען מיט די ברייטע שטיינערנע טרעפּ. די זון האָט באַהעלט די צאָל-געביידע און די סטאַטוטען אַרום; די זון האָט דרייט געגליט אין די פענסטער פון וואָקזאַל-בנין. ער האָט געשפּרייזט גראָד-אויס אין זון. ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: כאָטש איין רגע זיין אין זונען-שיין. אָבער ער האָט זיך באַלד פאַרשעמט און האָט געטראַכט: איך דאַרף גאָר אינגאַנצן קיין זון-ליכט נישט. איך דאַרף נור די אונטערערד-באַן-סטאַציע, דאָרטן איז זון. איך גיי צו דער אונטערערד-באַן-סטאַציע און נישט צו דער זון.

פון אַלע זייטן זענען אָנגעקומען מענטשן: פון שטאַנדאַר-אויל-געביידע, פון בראָדוויי 42, פונם קונאַרד-בנין, וואָס הינטער בראָדוויי, זיי זענען געגאַנגען לענג-אויס דעם בראָדוויי, האָבן גייענדיק אָנגעטון העטשקעס, האָבן געקלאַפּט מיט די שטעקנס אָן דעם גאַס-פלאַסטער; גרופּעס צו צוויי-דריי מענטשן זענען געגאַנגען עטוואָס שנעלער פּאָרויס, גערעדט, געלאַכט. שיק-יינגלעך, משרתימלעך, קליינע ביורא-אָנגעשטעלטע אין קורצע הויזן מיט לאַנגע מאָגערע פיס פלעגן אַלע ווײַלע פאַרביילויפן און פאַרשטעלן דעם וועג. נענטער צו דער סטאַציע איז געוואָרן אַלץ מער מענטשן, עס איז געוואָרן געדיכטער און ענגער. ער און

האַרי גראָסמאַן זענען צוגעקומען צום אַריינגאַנג; דאָרטן האָט געווימלט מיט מענטשן; זיי זענען געווען אויפגערעגט, צעהיצט, אין נאָענטסטן אויגנבליק וועט געשען עטוואָס וווּנדערפולעס, האָבן געזאָגט זייערע פנימער.

אַזוי האָט אויך דזשים געפילט. באַלד וועט עפּעס אַ וווּנ-דער געשען. אפשר אין דער אונטערערד-באַן, אפשר אינדער-היים, אפשר שפּעטער אין אָוונט. נאָכן ביורא, ווען די טאָג-אַרבעט איז געענדיקט, און די צייט ביז מאָרגן ניין אינדערפרי געהערט צו אים אַליין, — פילט ער זיך גליקלעך, איז ער אויפגע-רעגט. האַסטיק איז ער געגאַנגען צום באַגאָסענעם מיט זון-ליכט בוילינג-גרין, וואָס פירט צו דער אונטערערד-סטאַציע. אַ קליינטשינ-קע וויילע וועט ער באַהעלט זיין דורך דער זון. ער וועט דאָך נישט גיין אין אַ קעגנזעצלעכער ריכטונג פון דער סטאַציע, צום אָרט, פון וואַנען ער וואָלט געקאָנט זען די זון, ער וועט דאָך נישט איבערקווערן די גאַס, אַרויפגיין אויף די טרעפּ פון דער צאָל-געביידע און פאַרברענגען דאָרטן אין שטראָמען זונען-ליכט, קוקן פון דאָרטן אויף דעם טונקעלן בראָדוויי, וואָס הויבט זיך באַרג-אַרויף, מיט די גרויסע מויערן פון ביידע זייטן, און אויף די מענטשן, וואָס איילן זיך אַהיים. ניין, נאָר איין רגע וועט ער פילן די זון פון דזשערסיי און דערנאָך וועט ער קויפן אַ צײַ-טונג און אַרונטערגיין.

האַרי גראָסמאַן איז אים נאָכגעלאָפן און גערופן: „היי, וואַרט! וואָס איז די יאָגעניש?" דערנאָך האָט האַרי אים דעריאָגט, און זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען ווייטער. ביים איינגאַנג אין דער אונטערערד-באַן-סטאַציע איז געשטאַנען אַ בחור, אויפן באָדן צווישן זיינע פיס זענען געלעגן פּעק ווייסע, גרינע און ראָזע צייטונגען, און ער האָט אויסגעשריגן זייערע נעמען. דזשים האָט געזאָגט זשורנאַל, האַרי האָט געזאָגט טעלעגראַם. און דער בחור האָט מיט ביידע הענט אַרויסגענומען צייטונגען פון די פּעק, צונויפגעקנייטשט זיי מיט די פינגער, און אַריינגעשטעקט אונטער דזשימס און האַריס אָרעם. דריי סענט יעדערע, — זיי זענען אַרונטערגעגאַנגען.

נאָך דער זונען-שיין אויבן איז דאָרטן אונטן געווען טונקל, און עס האָט געהערשט אַ ליאַרם, אַ פיל שטאַרקערע

ווי אויף דער גאַס: עס האָט זיך געהערט אַ געקלימפּער פון מעטאַל אָן מעטאַל, פון מטבעות, וואָס ווערן געוואָרפן אין שפּאַלט פון דריי-אויטאָמאַטן, אַ גערויש פון דריי-אויטאָמאַטן, וואָס האָבן זיך מיט מענטשן געדרייט; מענטשן האָבן געטוישט געלט, און געגאַנגען אויפן פּעראָן; אַ צוג איז געגאַנגען פון דער צווייטער זייט און האָט פאַרהילכט אַלע אַנדערע גערוישן. די סטאַנציע איז געווען איבערפולט; מענטשן האָבן געקויפט צייטונגען, נאַשוואַרג. נערוועזע מענטשן האָבן געשפּאַנט איבערן פּעראָן הין-און-צוריק. האָבן זיך אָנגעלענט אויף זיילן און געפּרוווט לייענען די לעצטע נייעס, און נאָך דעם זון-ליכט זענען די אויגן נאָך נישט געוווינט געווען צו דער דעמערונג.

נעבן דעם צייטונגס-קיאָסק זענען געשטאַנען צוויי מיידלעך, נישט קיין מיידלעך, וועלכע אַרבעטן אין דער אונטערשטער שטאָט. שוואַרצער זייד אויפן קערפּער, און דורכן זייד האָט דער קערפּער זיך ווייך דורכגעלייכט, האָט זיך געוויגט, ווען די מיידלעך זענען געגאַנגען אָדער געשטאַנען. זיי שפּאַצירן זעקס דעם זייגער אַרויף בראָדוויי, באַטראַכטן די דורכפאָרנדיקע אויטאָס, און ווען זיי זעען אָן אויסלענדישן אויטאָ מיט איינעם אָדער צוויי מענער אינעווייניק, וואַרפן זיי צו אַ קום-אַהער-בליק. קום-אַהער און שפּיל מיט מיר.

דזשימס אויגן באַגעגענען האַריס בליק, און האַרי טוט אַ לייכטן ווונק. לאַנגזאַם גייען זיי צו צום צייטונגס-קיאָסק, צו די מיידלעך, נאָר יענע באַמערקן זיי אינגאַנצן נישט, גיבן צו פילן, אַז זיי באַמערקן נישט. דזשימס אויגן באַטראַכטן די מיידלעך, ציען פון זיי אַראָפּ די קליידער, אַנטבלויזן זיי, ווילן באַשטימען, וועלכע איז אים בעסער געפעלן. דערנאָך איז ער מיט האַרין געבליבן שטיין, און זיי האָבן געקוקט.

קום, קוק אויף מיר, האָבן גערעדט דזשימס אויגן, שענק אונז אַ בליק און אַ חנוודיקן קום-אין-בעט-שמייכל. איך קאָן פון דיר אַ תל-מאַכן, האָט ער געזאָגט, גיב מיר אָקאָרשט דערצו אַ געלעגנהייט. איך וואָלט פון דיר געמאַכט אַ תל, און דיר וואָלט דאָס געפעלן געוואָרן. דו וואָלסט געשריגן: טייערינקער, נאָך! דו וואָלסט געוואָרן ליב און זיס און וואָלסט פאַרגעסן אין אַלע דיינע פריערדיקע ליבהאָבער.

מיר וואָלטן אייך אָנגענעמע שעהן פאַרשאַפט, האָבן גערעדט דזשימס אויגן. מיר וואָלטן אייך גענומען אין אַ קינאָ און געגעבן טרינקען ביליקן שנאַפס. מיר וואָלטן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט געווען אימשטאַנד צו באַגלייטן אייך אינדערהייך אין אייער צימער. אָבער אונז וואָלט אַוודאי געלונגען צו פאַרשאַפן אייך אייניקע אָנגענעמע אויגנבליקן אונטן. סיידן, אַז אונטן דאָרטן איז פאַראַנען אַ שווייצאַר ביי דער ווינדע. „אַ טייוול זאָל נעמען דעם שווייצאַר", זאָגט ער הויך.

„וואָס האָסטו געזאָגט?" האָט געפרעגט האַרי, וועלכער האָט געקוקט אויפן צווייטן מיידל.

„דער טייוול זאָל זיי נעמען!"

„זיי זענען גאַנץ פיינע", זאָגט האַרי און קוקט נאָך אַלץ אויפן מיידל.

די מיידלעך זענען אַרויס אויפן פעראָן. זיי האָבן דזשימען מיט האַרין נישט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט, אַלע זייערע באַוועגונגען האָבן גערעדט: איר גייט אונז לחלוטין נישט אָן. איר האָט נישט קיין קאַדיליאַק. איר זענט גאָרנישט. איר פאָרט נאָר מיט דער אונטערערד-באַן. מיר, אויב מיר פאָרן מיט דער אונטערערד-באַן, איז דאָס דערפאַר, ווייל אין אָט דער שעה זענען אויפן אונטערשטן בראָדוויי נישטאָ קיין אויטאָ-דראָזשקעס. אויב אַזוי, זאָגט דזשים, טאָרן מיר נישט דורכלאָזן דעם מאָמענט. עס וועט זיין אַ יאַגד. איר וועט מיט אונז פאָרן, איר וועט פון אונז אָנגעריירט הערן, און איר וועט הנאה-האָבן.

דער צוג איז אָנגעקומען, זיי האָבן פאַרגעסן אַלץ אויף דער וועלט, אויסער, אַז דער צוג איז אָנגעקומען און אַז מען מוז איינשטייגן. דער צוג איז שוין געווען פול. די קאָנדוקטאָרן האָבן זיך געבייזערט: „לאָזן אויסשטייגן, פריער לאָזן אויסשטייגן". קיינער האָט די קאָנדוקטאָרן נישט געהאָרכט. זאָלן דידאָזיקע לייט אויסשטייגן, אויב זיי קאָנען; מיר שטייגן-איין. דער עולם האָט זיך געוואָרפן צום צוג. מען האָט זיך געדריקט, גע-שטופט, געשטויסן מיט די עלנבויגנס, און מען איז אַריין אין צוג.

דיביידע מיידלעך האָבן גענומען איינשטייגן, און גאַנץ האַרט נעבן זיי, צו זיי צוגעפרעסט, דזשים און האַרי. די מיידלעך זענען געווען דערצאָרנט, האָבן אויסגעזען צו זיין שרעקלעך

אויפגעבראַכט. דאָס מיידל, וועלכע איז געפעלן געוואָרן דזשימען, האָט געזאָגט: „הערט אויף פונדעסטוועגן צו שטופּן זיך". דזשים האָט געשמייכלט: וואָס באַדייט דאָס הערט אויף צו שטופּן זיך? וו מיינסטו דען, געפינסטו זיך?

„מיר האָבן ביי זיי נישט נושא חן געווען", זאָגט ער צו האַרי.

דער קאָנדוקטאָר האָט אַריינגעשטופּט די לעצטע איינ-שטייגנדיקע אין צוג און פאַרמאַכט הינטער זיי די טיר. אַ קלונג, און דער צוג האָט גערירט. דזשימס פּיס האָבן אויסגע-זוכט אַ פריי אָרט צו שטיין, מיט די עלנבויגנס האָט ער זיך פאַרשאַפט פּלאַץ, און ער האָט גענומען באַטראַכטן די פּלאַקאַטן.

דרייסיק דאָלאַר מיט פופציג סענט. מוז ער דער מוטער געבן צען דאָלאַר און דעסין די דריי דאָלאַר, וואָס ער איז איר שולדיק, דעם שניידער צוויי דאָלאַר, און וויפיל דזשאָען? אַך, גאָט, פיר מיט פופציק, און אפשר איז ער גאָך שולדיק פאַר עטלעכע פעקלעך פּאַפּיראָסן. עס איז פאַרפאַלן. מען האָרעוועט די גאַנצע וואָך ווי אַ הונט, און צום סוף, ווען מען קריגט-אָפּ די שכירות און מען צאָלט-אויס אַלע חובות, — איז מען ווידער קבצן.

מען מוז זיך מישב זיין. דעסין די דריי דאָלאַר מוז מען אָפּגעבן, אַנדערש וועט זי, ווי זי האָט געזאָגט, קיין סענט מער נישט באָרגן. און דער שניידער גיט דעם אָנצוג נישט אַרויס, אויב ער קריגט נישט אָפּ זיין געלט, דזשאָע? ער מוז אים געבן כאָטש צוויי דאָלאַר, אויב נישט קאָן ער פאַרביי דעם פּאַפּיר-געשעפט גאָרנישט אַדורכגיין. האָבן מיר שוין זיבן. און דער מוטער...

מוטער, איך האָב זייער אַ שווערע וואָך, ווועסט האָבן גענוג פינף דאָלאַר? אַ בחור, וואָס איז מיר שולדיק געלט, האָט מיר צוגעזאָגט אויף דער קומענדיקער וואָך. זיי אַ גוטער ברודער, מוטער, און וואַרט אַ פּאָר טעג. גוט אַזוי, מוטער?

אַזוי וועט זיין אין אָרדענונג. אײַנגאַנצן צוועלף דאָלאַר, און אַכצן בלייבט, און דאַמאָלסט — פאָרגעלט, פרישטיק, און דער אָנצוג, וואָס באַלד מוז ער אים האָבן. און ער פרעגט זיך, וויפיל וועט אים היינט אין אָוונט קאָסטן העלען.

אַלע האָבן זיך אַ שאָקל-געטון, ווען דער צוג האָט זיך

האַסטיק פאַרקערעוועט. צוערשט אַלע קעפּ און קערפּערס אין איין זייט, און באַלד אין דער אַנטקעגנדיקער. ווען דער צוג האָט זיך צו־האַסטיק אָפּגעשטעלט, האָבן אייניקע אָפּגעלאָזן די רימענס, און שיער נישט אומגעפאַלן. אייניקע האָבן געזאָגט, איך באַדויער, אַנדערע — אַנטשולדיקט, אַנדערע ווידער האָבן גאָרנישט נישט געזאָגט און האָבן נאָר געגלאָצט די אויגן איינע אויף די אַנדערע. אַז מען איז געקומען אויף דער רעקטאר — און דערנאָך אויף דער גארטלאַנד־סטריט, האָבן אייניקע געדאַרפט אויסשטייגן, און נאָך מער זענען איינגעשטיגן. ווידער איז געוואָרן אַ שרעקלעכער געדראַנג, מען איז געשטאַנען צונויפגעדריקט, געפּרעסט צו די זיצנדיקע, צו דער טיר. אייניקע האָבן פאַרשטיקט געהוסט, אייניקע האָבן צאָרנדיק פּראָטעסטירט. „הערט־אויף, זייט מוחל, צו שטויסן זיך". „נעמט־צו, איך בעט אייך, אייער עלנבויגן". ווידער האָט מען געשלאָסן די טיר, און זיי זענען געפאָרן ווייטער.

האַרי גראָסמאַן האָט געפּרוווט אַריינקוקן אין זיין צייטונג, און בשעתן לייענען פלעגט ער פון צייט־צו־צייט וואַרפן אַ בליק אויפן מיידל, צו וועלכער ער איז געווען צוגעדריקט, און האָט צוגעוווּנקען צו דזשימען. אויך דזשים האָט צוריקגעוווּנקען.

אָלרייט, שוועסטער. ווער נישט בייז. מיר וועלן דיך נישט אויפעסן. מיר זענען נאָר בשר־ודמס. מיר פילן גערן נעבן זיך אַ שטיק ערשטקלאַסיק פלייש, אויב אַפילו מיר וועלן עס קיינמאָל נישט קאָנען פאַרזוכן. מיר זענען נישט אַזעלכע. מיר זענען גוטע יאַטן. קום, זיי ליב, גיב אַ שמייכל.

אַך, נעמט זיי דער רוח. „קוק אויף זיי נישט, האַרי". מען קאָן מיינען, אַז מיר פירן דאָ מיט זיך אַ פּאָר רומענישע קעניגינס. מיט אַזעלכע טאָר מען גאָרנישט אָנהייבן. זיי קאָנען דורך די קליידער זען, און ווייסן באַלד וויפיל דו האָסט אין טייסטער. און מען האָט ווייניק. דאָס איז נישט פאַר זיי. קוק נאָר, וואָס פאַראַ קליידער זיי טראָגן. מיינסט, אַז דאָס איז עקו פּט אויף די פאַרדינסטן פון אַן אָנגעשטעלטן? פאַרגעס זיי.

היינט אָוונט וועט ער זי טרעפן, זי וועט אויף אים וואַרטן ביי 5 געטס סאָדע־וואַסער־פאָנטאַנען אויפן טיימס־סקווער. זי וועט

שמייכלען, האַלאָ זאָגן, ביים אָרעם אים אָננעמען, און זיי וועלן צום בראָדוויי גיין. זיי וועלן צו אַ קינאָ קומען, אַריינגיין, אין דער פינסטער זיצן איינער נעבן אַנדערן. ער וועט זי ביי דער האַנט נעמען, איר וואַרימקייט און ווייכקייט פילן; און זיצנדיק דאָרטן און האַלטנדיק זיך איינער אָן צווייטן, וועלן זיי נענטער באַקאַנט ווערן.

ער האָט געשמייכלט. אין זיין דמיון איז ער געזעסן מיט איר אין קינאָ; ער האַלט זי פעסט. ער האַלט זי אַזוי פעסט, ווי נאָר ער קאָן, וויפל זי דערלויבט; און ער פרוווט טרעפן, וואָס וועט געשען צווישן זיי, ווען ער וועט זי בעסער קענען, ווי וועלן זיי האַנדלען, וואָס וועלן זיי רעדן צום סוף אָוונט, ווען ער וועט ביי דער טיר פון איר הויז זי אויף „אַ גוטע נאַכט" קושן.

אָבער צי וועלן זיי זיך טאַקע אויף „אַ גוטע נאַכט" צעקושן? וועט זי צום סוף אָוונט נאָך זיין צו אים ליב, וועט זי נאָך זיין אַזוי ליב, ווי, בעת ער וועט זי ביי ליגעט טרעפן? אָדער זי וועט אויף אים זיין בייז, וועט זיך דערמאָנען עפּעס פון ערשטן העלפט אָוונט, און וועט מיט אַ קורצן „אַ גוטע נאַכט" אין שטוב אַריין, די טיר פאַרמאַכן און אים איבערלאָזן אַ צאָרנדיקן צוליב אַ געפּטרטן אָוונט? אָדער אפשר — נאָר אויף דעם איז שווער צו האָפן — וועט זי זיין צו אים גוט און אים איינלאַדן אַריינ-צוגיין אין שטוב, אפשר וועט ער זי גאָר אין דער אויטאָ-דראָזשקע איינרעדן, אַז זי זאָל אים אַריינלאָזן. און וויבאַלד אַזוי, צי וווינט זי צוזאַמען מיט אירע עלטערן, צי מיט אַ חברטע? אָדער אפשר וווינט זי אַליין, און ער וועט זיך געפינען ביי דער טיר פון איר שלאָפצימער.

האַרי האָט צו אים עטוואָס געזאָגט.

„איז דען דאָס נישט קיין בזיון און שאַנדע?" האָט גע-פרעגט האַרי.

איבער דעם קאָפּ פון איינער אַ פרוי האָט האַרי אים דער-לאַנגט די צייטונג. ער האָט איבערגעלייענט אַן איבערשריפט:

**סאַקאָ און וואַנזעטי פאַרלירן די האָפענונג, זיי מוזן היינט ביינאַכט שטאַרבן.**

ער האָט געלייענט דאָס קעפל — און לכתחילה נישט פאַר־שטאַנען; דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט און אָפּגעגעבן צוריק די צייטונג.

„וועמען גייט דאָס אָן?" האָט ער געפרעגט.

האַרי האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין זיין צייטונג. די ביידע מיידלעך זענען אַלץ נאָך געווען בייז. אַ קליינגעוויקסיקער מאַן האָט עטלעכע מאָל געזאָגט: „לאָזט מיך אַדורך. איך דאַרף דאָ אויסשטייגן", האָט זיך געשטופּט דורכן עולם, כּדי צוצוקומען צו דער טיר. דער צוג איז געבליבן שטיין. דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגעשריגן: ברוקלין-בריק. פיל מענטשן זענען אויסגעשטיגן. פיל זענען איינגעשטיגן. די ביידע מיידלעך האָבן פאַרנומען זייך־פּלעצער. אַ הילכיקער קלונג, און דער צוג איז ווייטער געפאָרן.

דזשים און האַרי האָבן זיך איבערגערוקט אַהינצו, וווּ די מיידלעך זענען געזעסן, און זיי זענען געשטאַנען איבער זיי, צו־האַלטנדיק זיך פאַר די רימענס. ווען דער צוג פלעגט זיך פאַר־קערעווען, פלעגן קני אומגערן אָנרירן קני, אָפטמאָל פלעגן קני בכיוון זוכן קני אָנצורירן. דזשימס בליק האָט געשוועבט איבער די קליינע היטעלעך, איבער די מיט זייד-באַדעקטע קערפּערס, און ער האָט באַמערקט, אַז ביי איינער פון די פּרויען איז די בלוזע געווען זייער טיף אויסגעשניטן, און ביים איינבויגן זיך האָט ער געזען אירע בריסטן. אַ רגע לאַנג האָט ער, זייענדיק בייז אויף דער פרוי, געוואָלט אָפּקערן זיך, נאָר ער האָט נישט געקאָנט און האָט נישט אויפגעהערט צו קוקן. ער האָט דערפילט אַ באַגער זיך אַראָפּצובויגן און דידאָזיקע ברוסטן באַרירן און גלעטן; זיין האַנט-גריף אויפן רימען איז שוין אַפילו שוואַכער גע־וואָרן, נאָר ער האָט זיך גיך באַהערשט, האָט פעסטער צונויפ־געדריקט דעם רימען און כסדר אַראָפּגעקוקט.

די פרוי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און האָט דערזען, ווי ער באַטראַכט אירע בריסטן. זי האָט נישט פאַריכט די בלוזע, נישט פאַרשטעלט אַפילו די בריסטן מיט דער האַנט, נאָר זי האָט געבליקט גלייך אויף אים, מיט פאַראַכטונג אויפן געזיכט, און אירע אויגן האָבן גערעדט: ממזר דו איינער, קוק זיך דיר, אויב דיר געפעלט. קוק זיך דיר אויס דיינע אויגן. דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל, וואָס דו זעסט זיי.

ביי אַ סעקונדע האָט ער נאָך געבליקט אויף איר, און האָט מיט איר אָנגעהויבן אַ מלחמה אויף בליקן; ער טאָר איר נישט נאָכגעבן, ער טאָר נישט אַראָפּלאָזן דעם בליק; אָבער באַלד האָט ער דערפילט אַ וואַרימקייט אין נאַקן, זיינע באַקן און אויערן האָבן גענומען פלאַמען, און ער האָט אָפּגעקערט די אויגן, האָט זיך געפילט נאַריש און דערדריקט. ער האָט די פרוי געהאַסט. זיין האַנט האָט באַגערט זי צו שלאָגן, צו פאַרשאַפן איר יסורים. ער האָט גערעכנט, אַז קיינער קוקט אויף אים נישט, האָט געמיינט, אַז האַרי זעט נישט, ווי ער האָט זיך פאַרויטלט. ער האָט זיך אַליין פיינט-געהאַט, דערפאַר, וואָס די פרוי האָט אים גובר געווען. די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען איבערצוגיין אין אַן אַנדער קופּע, אָבער אומעטום איז געווען פאַרפּאַקט, און האַרי וואָלט געפרעגט, צוליב וואָס טוט ער דאָס.

דער צוג איז געפאָרן זייער שנעל. קעגנשטאַנדן האָבן געקלאַפּט. מענטשן האָבן זיך באַוועגט, מענטשן זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיט פאַרגליווערטע אויגן געקוקט אין איין פונקט, פאַרזונקען אין געדאַנקען. אייניקע אַרבעטער האָבן גערעדט איטאַליעניש. אַ יונגער בחור אין ווינקל האָט געלייענט אַ יידישע צייטונג. צוויי קליינע מיידלעך האָבן געכיכיקעט. אַ סאָלידער מאַן, אין אַ האַרטמאַן-הוט מיט גרויע הענטשקעס אויף די הענט, האָט געלייענט דעם בערזן-באַריכט און מיט זיין בלייפעדער געמאַכט אויף דער צייטונג נאָטיצן. איין מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ מינע פון וועלן ניסן, האָט האַסטיק אַרויסגעצויגן פון קעשענע דאָס טאַשן-טיכל און האָט זיך צענאָסן. אַ מיידל, וועלכע האָט אויף דער פערצנטער סטריט געהאַט אַ ראַנדעוווּ, האָט צורעכטגעמאַכט דאָס געזיכט. זי האָט געריבן אַ שמוציק פודערוישל אָן אַ האַרט שטיקל פודער און האָט געמאַכט ווייסע פלעקן אויף דער נאָז, באַקן, גאָמבע און האַלז, דערביי האָט זי זיך געחנדלט אין אַ קליינעם טאַשן-שפּיגל. זי האָט געעפנט אַ ליפּןבליישטיפט, פּייכט-געמאַכט די ליפּן מיט דער צונג, גראָד האָט דער צוג דאַמאָלסט אַ שטאַרקן טרייסל-געטון, און זי איז שיעור נישט אומגעפאַלן, — דערנאָך האָט זי זאָרגפעלטיק געמאַכט צוויי רויטע פלעקן אויף דער אויבערשטער ליפּ און פאַנאַנדערגעריבן עס מיטן קליינעם פינגער; דערנאָך האָט זי אויף דער אונטערשטער

ליפ דורכגעפירט א ברייטן שטריך. זי האָט פּייבט-געמאַכט אַ ברעג פון אַ טאַשן-טוך און האָט געווישט דעם ליבע-בויגן פון מויל. דערנאָך האָט זי אַלץ צוריק אַריינגעשטאָפּט אין האַנט-בייטל און האָט זיך אויפגעשטעלט.

דזשים האָט נאָך אַלץ געפילט צאָרן, נאָר איצטער האָט ער נישט געוווּסט פאַרוואָס. זיינע אויגן האָבן באַטראַכט די פּנימער פון די מענטשן אין וואַגאָן, אייניקע האָבן געלייענט ציישונגען, אַנדערע האָבן זאָרגלאָז געפלוידערט; זיינע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבער די פּלאַקאַטן: אַ קראַגן-רעקלאַמע מיטן בילד פון אַ שיינעם יונג, וועלכער טראָגט אַזאַ קראַגן; אַ זייף-רעקלאַמע מיט אַ פיין מיידל, וואָס באָדט זיך; אַ זאָקן-באַנד: „אויב איר טראָגט נישט קיין לאַנגע הויזן, דאַרפט איר אָפּטער טוישן די זאָקן-בענדער". ער האָט געמאַכט אַ גרימאַסע.

נו, מילא. ער האָט גענומען די צייטונג, געפונען די ספּאָרט-רובריק און גענומען לייענען וועגן דעם פאַרשטייענדיקן קאַמף. דער אימפּרעסאַריאָ טעקס ריקאַרד האָט אים פאַרוקט קיין טשיקאַגאָ. וועט ער דאָס שוין דורך ראַדיאָ הערן. סיי-ווי-סיי, אַז מען גייט זען אַ גרויסן קאַמף, קאָסט דער איינטריט-בילעט צען דאָלאַר, און דער רינג איז אַזוי ווייט, אַז מען וויים נישט, ווער און וואָס. פון אָט די פלעצער זעען די באָקסערס אויס ווי צוויי ליאַלקעס, און מען קאָן נישט זען די קלעפּ; נאָר ווען דער גאַנצער עולם ליאַרמט, ליאַרמט מען מיט; אויפן וועג אַהיים לייענט מען אַן עקסטראַ-צייטונג, און אויף מאָרגן פאַרציילט מען אין ביוראָ אַלץ, ווי עס איז צוגעגאַנגען.

יעדנפאַלס זעט טוניי אויס ווי אַן איידעלער מאַן, וואָס לייענט ביכער, און באָקסערס, וועלכע לייענען ביכער, קאָנען נישט פיל ווערט זיין. דעמפּסיי, דאַקעגן, איז אַ באָקסער, וואָס מאַכט נישט קיין איבעריקע אָנשטעלן; אַלץ-איינס אָבער, ווי איינער זעט-אויס, צי וואָס דער צווייטער טוט; דזשים האָפט, אַז דעמפּסיי וועט זיגן.

ער האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט האַרין. זיי האָבן אָנגעהויבן צו דעבאַטירן וועגן דעם באָקסן-קאַמף. דזשים זאָגט דאָס, האַרי יענץ, דזשים ענטפערט, אָבער האַרי רייסט אים איבער און זאָגט דעם היפוך; דזשים פרוּווט ווייטער רעדן, אָבער האַרי לאָזט אים נישט קומען צום וואָרט. זיי רעדן הויך, איבער

שרייענדיק דעם ליאַרם פון צוג, און אַלע אַרום הערן, אייניקע מענטשן קוקן אויף זיי און האָרכן, אַנדערע טוען דאָס נישט. דזשימען הייבט דאַן אָן צו פאַרדריסן, און ער וואָלט זייער געוואָלט, אַז האַרי זאָל אים כסדר נישט איבעררייסן. ער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין ציימונג. האַרי האָט אַ ווײַלע נאָך גערעדט, אָבער ער האָט באַמערקט, אַז דזשים הערט נישט, און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

דזשים האָט זיך גענומען צום הומאָריסטישן טייל, און האָט געלייענט די ערשטע שפאַלט. ער האָט געלייענט מיט התמדה, נישט דורכגעלאָזט קיין איין וואָרט, אָבער ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער נישט געלאַכט, נאָר גענומען זיך צו דער צווייטער שפאַלט. ער האָט דורכגעלייענט די גאַנצע זייט און האָט דערנאָך צונויפגעלייגט דאָס בלאַט. ער האָט קיין איין שמייכל נישט געטון. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער צונויפגעלייגט די גאַנצע ציימונג, פאַרוקט זי אונטערן אָרעם, אויסגעשפּיצט די ליפּן און גענומען שטיל פייפן. אַ טאָוול „פערצנטע סטריט" האָט פאַרבייגעשוועבט, און זיי זענען געווען אין דער פערצנטער סטריט.

האַרי האָט געזאָגט: „אויף ווידערזען!" דזשים האָט געענטפערט: „אויף ווידערזען, מאָרגן!" האַרי איז אויסגעשטיגן. אַנטקעגן די ביידע מיידלעך איז פריי געוואָרן אַ פּלאַץ. דזשים האָט האַסטיק זיך אַ לאָז-געטון, און ער האָט אים רעכטצייטיק פאַרכאַפּט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט פאַנאַנדערגעוויקלט די ציימונג.

ער פרעגט זיך, צי זיינע העמדער זענען שוין דאָ פון דער וועשעריי. ער האָט דער מוטער געזאָגט, אַז היינט מוזן זיי זיין גרייט. ער האָט געזאָגט: „איך גיי מאָנטיק אַרויס; די העמדער מוזן זיין ריין". דעסי האָט זיך אַריינגעמישט: „פאַרוואָס קויפסטו זיך נישט גענוג העמדער אויף אויסצוקומען?" און זי האָט צוגעגעבן: „ווי קאָן ער זיך העמדער קויפן, אויב יעדן אָוונט גייט ער מיט אַן אַנדער מיידל!" דעסי פאַרדינט פונקט אַזוי פיל, וויפיל ער, און זי איז אים דערמיט שטענדיק דערגאַנגען די יאָרן. „און איך שפּאָר מיין געלט" — פלעגט זי זאָגן. זי האָט תמיד געלט. טראַכט ער נאָר צו אַ גוטן תירוץ, — האָט זי שטענדיק גענוג געלט אויף צו באָרגן אים. „אָבער דו זאָלסט מיר דעם

באַוענסטן מאָנטיק אָפּגעבן, אויב נישט וועל איך דיר קיין סענט מער נישט באָרגן".

יאָ, און דעסי גיט נאָך יעדע וואָך דער מוטער מער געלט, ווי ער, און אויך דערמיט דערגייט זי אים די יאָרן. און ווען ער ענטפערט, אַז זי דאַרף דאָך קיין געלט נישט אויף פאַרבּרענגען, ווייל יעדן אָוונט גייט זי מיט פיליפן, דערווידערט זי: „און פאַרוואָס זוכסטו זיך נישט אויס קיין אָנשטענדיק מיידל, וואָס זאָל נישט זיין אָנגעוויזן אויף דיין געלט?" אַן אָנשטענדיק מיידל. דעסי איז יינגער פון אים, און דאָך וועט זי איינגיכן חתונה-האָבּן, און וואָלט זי נישט געמוזט קויפן קיין מעבל, וואָלט זי גאָר נישט געשפּאָרט.

אַ פרוי האָט צו אים אַראָפּגעבליקט. ער איז געזעסן פאַרזונקען אין געדאַנקען, און באַטראַכט די צייטונג, ווען ער האָט דערפילט איר בליק. זי וויל זיין פּלאַץ. ניין, איר קאָנט אים נישט האָבּן, האָט ער געזאָגט אין געדאַנק. איך שטיי נישט אויף. דאָס איז מיין פּלאַץ, פאַרשטאַנען? איך בין מיד. פאַרוואָס, צום טייוול, קוקט איר נישט אויף אַנדערע? פאַרוואָס גראָד אויף מיר? ער האָט געוואָלט צוריקקוקן, האָט עס דאָך נישט געטון, און ווידער אַריינגעקוקט אין דער צייטונג. ער האָט געוואָלט צוריקקערן זיך צו זיינע געדאַנקען, נאָר די פרוי האָט אים דערין געשטערט. יעדנפאַלס וועט ער נישט אויפשטיין.

כאַפּט דער טייוול דעסין, כאַפּט דער טייוול פיליפּן, כאַפּט דער טייוול די פרוי, וואָס שטייט נעבּן אים. ער האָט געהאַט אַ באַגער עמיצן באַזונדערס שטאַרק פיינט-האָבּן, און ער האָט אַ קוק-געטון אַנטקעגן, ווו עס איז געזעסן די פרוי מיט די בריסטן. אָבער דורך דער מענגע מענטשן האָט ער געקאָנט זען נאָר איין פוס אין אַ זאָק פון לייב-קאָליר און איין קני. עס איז געווען אַ שיינער פוס, פונדעסטוועגן, זאָל דער טייוול נעמען דעם פוס.

אויך סימסאָנען זאָל כאַפּן אַ טייוול. אין איין שיינעם טאָג וועט ער אָן אַ שום וואָרנונג אַוועקגיין און סימסאָנען ווייזן, צי איז ער נויטיק אָדער נישט. יענער זאָגט זיך דאָס אָפּ: „אויב איר וועט, מיסטער קאָוואַן, ווען עס איז האָבּן דאָס געפיל, אַז איר הייבּט-אָן דער פירמע נויטיק צו ווערן, אָדער, אַז די פירמע האַנדלט קעגן אייך נישט קאָרעקט, מעגט איר אונז פאַרלאָזן".

ער וואָלט חשק געהאַט גלייך אַוועקגיין, אָבער דעסי וועט זאָגן: „נו, יאָ, שוין ווידער אָן אַ שטעלע, דו מיינסט, אַפּנים, אַז איך דאַרף דיך אויסהאַלטן". עס איז פיל לייכטער סימסאָנען איינגאַנצן נישט ענטפערן, און שטום פאַרלאָזן דאָס צימער, איידער טאָג-איין טאָג-אויס אויסהערן דעסיס ברומערייען, בעת ער קומט אַהיים, נישט האָבנדיק געפונען קיין פּאָסטן. היינט, זעקס מאָנאַטן נאָכן אָנהייבן אַרבעטן קריגט דאָך יעדערער אַ לוין-העכערונג, און ער פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט קריגן געהעכערט.

בעת ער איז אַריין אין קאַבינעט, האָט ער נישט געהאַט צוגעגרייט, וואָס סימסאָנען צו זאָגן. ער האָט נישט געוואָלט גרייטן זיך. ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט: איר זענט מיר שולדיק אַ לוין-העכערונג, און איר ווייסט דערפון, און איך וועל זי קריגן. בעת ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, איז ער פונדעסטוועגן געווען צעשראָקן. ער האָט דערהערט אַ הילכיקן: „אַריין", און איז אַריינגעגאַנגען. סימסאָן איז געזעסן ביים שרייב-טיש, האָט עפּעס געלייענט און נישט אויפגעהויבן די אויגן; נישט אַ קוק-געבנדיק, ווער עס איז אַריין, האָט ער געפרעגט: „וואָס האָט איר באַדאַרפט?", און ווייטער געלייענט. נאַטירלעך, ווי באַלד סימסאָן האָט נישט געוווּסט, ווער דאָס איז, האָט דזשים נישט געקאָנט זאָגן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן און ער האָט געשוויגן. אַז סימסאָן האָט געענדיקט, האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס פּאַפּיר אויפן שרייב-טיש, האָט באַמערקט, אַז עמיצער איז דאָ אין צימער, האָט אויפגעהויבן די אויגן און איבערגעחזרט; „וואָס האָט איר באַדאַרפט?". דזשים האָט דערקלערט, ער אַרבעט שוין זעקס מאָנאַטן ביי דער פירמע, און האַלט, אַז ער דאַרף קריגן אַ לוין-העכערונג. סימסאָן האָט געענטפערט: „הער קאָוואַן, איר וועט קיין העכערונג נישט קריגן", און האָט צוגעגעבן די פראַזע וועגן דער נויטיקייט.

דזשים האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין שרייב-טיש און האָט תיכף אָנגעשריבן צוויי אָפּערטעס: צו דער מאַגרודער קאָמפּאַניע, אַ צווייטע — צו אַ. ג. ווייליע, און האָט זיי פאָרגעלייגט זיין דינסט. און אַז סימסאָן וועט ווען עס איז זיך דערוויסן וועגן די-דאָזיקע בריוו...

דזשימען איז קאַלט געוואָרן ביים בלויזן געדאַנק וועגן דעם

אָבער עס איז קנאַפּ-וואָס וואָרשיינלעך, אַז סימסאָן זאָל זיך דערוויסן. זאָל דאָס געשען, וועט ער מוזן גיין. אָבער וואָס פאַרא אַ באַפרידיקונג דאָס וואָלט געווען — אַריינקומען צו סימסאָנען און זאָגן: „איך האָב אַן אַנדערע שטעלע". וואָס וואָלט סימסאָן געזאָגט?

און אפשר ליגט אינדערהיים אַ בריוו פון מאַגרודער, מיט אַ פאָרשלאָג וועגן אַ שטעלע. אַוודאי פערציק דאָלאַר אַ וואָך און אַ סטענאָטיפּיסטין. ער וועט האָבן אַן אייגענעם קאַבינעט, אַן אייגענע סטענאָטיפּיסטין. ווילט איר, הער קאָוואַן, איצטער אונטערשרייבן די בריוו? אַך, הער קאָוואַן, וואָס זאָל איך זאָגן, אויב עמיצער וועט קומען? נישט — הער קאָוואַן —, אַזוי ווי סימסאָן רעדט-אַרויס. דער רופט יעדערן הער, ווען אַפילו ער ציט פון עמיצן די עצמות. הער קאָוואַן, מיר זענען געצוווּנגען אייך צו קינדיקן. מיר זענען דערגאַנגען, אַז איר האָט אָנגעגעבן אַן אָפּערטע אונזערע קאָנקורענטן. געפינט איר נישט, אַז עס וואָלט לגבי אונז געווען פיל קאָרעקטער צו פאַרלאָזן אונז, איידער איר האָט געפּרוּווט מזל ביי אַנדערע?

עס וואָלט געווען שרעקלעך, ווען סימסאָן זאָל זיך אויף דעם אָנשטויסן. מען וואָלט אים אַרויסגערופן, אויפן אָרט דערלאַנגט זיין געהאַלט, און מען וואָלט אים געהייסן תּיכף-ומיד גיין. זעלבסטפאַרשטענדלעך, וואָלט ער פריער סימסאָנען געזאָגט זיין מיינונג. דאָס וואָלט געווען אַ קליינע דערלייכטערונג. אָבער דערנאָך — דאָס פאָרן אין דער אונטערערד-באַן, דאָס קומען אַהיים און דערציילן דער מוטער. און דעסי וואָלט באַלד געזאָגט: „נו געוויס, איך האָב אויף דעם געוואַרט". און זאָל פיליפּ דערביי זיין, וועט ער אויך עפּעס צוגעבן. מילא, מיט פיליפּן וואָלט ער זיך לייכט אַן עצה געגעבן.

די פרוי איז שוין מער נישט געשטאַנען, זי האָט, אפנים, געפונען אַ פּלאַץ, אָדער אפשר איז זי אַוועק אין דער אַנדערער זייט פון וואַגאָן, און קוקט דאָרטן אויף עמיצן. מענטשן האָבן זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען צו די אַרויסגענג. מענטשן, וואָס זענען פריער געשטאַנען, האָבן פאַרנומען פּלעצער. ער האָט געזעןביידע מיידלעך אויסשטייגן. ער איז שוין מער נישט געווען בייז אויף זיי. ער האָט אַריינגעקוקט אין זייערע פּנימער,

נאָר זיי האָבן אים ווייטער נישט באַמערקט, ער איז ווידער אַמאָל געוואָרן דערצאָרנט.

סטאַנציע גראַנד-צענטראַל. איבערזעצן זיך, קיין ניו-יאָרק צענטראַל, סוטליי, קווענסבאָראָ און אויף די באַנען קיין וועסט-סייד. די טירן האָבן זיך געעפנט, און אַ ווײַלע איז דער וואַגאָן געווען כמעט אינגאַנצן פּוסט, דערנאָך האָט אַ נײַע מחנה אַרײַנגעריסן זיך דורך די טירן, געשטורעמט די פּלעצער, געשטאַנען, געהאַלטן זיך בײַ די לעדערנע רימענס, אויסגעקוקט זיך אָדער געלייענט אַ צייטונג, אָדער גערעדט. מען האָט צוגעמאַכט די טירן; אַ הילך פון סיגנאַל. אַ רגע נאָך איז דער צוג געשטאַנען, דערנאָך איז ער געפאָרן ווייטער.

פריער בײַם שנײַדער, דערנאָך אַהיים, נעמען אַ וואַנע; דערנאָך וועט ער אויסקלײַבן אויף הײַנטיקן אָוונט אַ העמד, און אויך אונטערהויזן, אויב זיי זענען דאָ פון דער וועשערײַ; און אויב נישט וועט ער מאַכן אַ וויסטן סקאַנדאַל און אָנטון שמוציקע; דערנאָך דער אָוונט-ברויט, און ער וועט מוזן אויסהערן דעסיס פּרעכקייטן. „וווּהין גייסטו? וואָס פאַראַ עסקים האָסטו דאָס, אַז דו קאָנסט אויף קיין איין אָוונט נישט בלײַבן אין שטוב?" ער וועט גאָרנישט ענטפערן. צו-וואָס דאַרף ער דאָס? עס וועט זיך נאָך אָנהייבן אַ קריגערײַ, און ער וועט פון דעם שעהן-לאַנג נישט אַרויסקריכן. דערנאָך דאָס געלט. אַ, יאָ, דאָס געלט. ער מוז אַביסל אַראָפּנעמען און אַרײַנלייגן אין וועסטל-קעשענע, בכדי די מוטער זאָל נישט זען, וויפיל ער פאַרמאָגט. דערנאָך אויף דער גאַס, מיט דער הויכבאַן צו דער צוויי-און-פערציקסטער סטריט אויף וועסט, ביז ער וועט קומען צום בראָדוויי, און דאָרטן וועט זי אויף אים וואַרטן; זי וועט שמייכלען, און זיי וועלן גיין.

ער פרעגט זיך, צי זאָל ער קויפן שנאַפּס. און סך-הכל וואָלט דאָס ווייניקער געקאָסט; זיי וואָלטן געגאַנגען אין אַ ביליקן טאַנץ-לאָקאַל, וואָלטן באַשטעלט אינגבער-ביר; די שנאַפּס-פלאַש וועלן זיי האַלטן אונטערן טיש און פון צײַט צו צײַט אָנפילן די גלעזער. אָבער ווען זיי דער געשעפטס-פירער פּאַקן, וועלן זיי מוזן תיכּף גיין. און אפשר אין דער אונטערשטער שטאָט אין „פּאַראַדיז" גיין, ער קאָן דאָרטן דאָס רוב מענער, אָבער האָט ער מיט זיך אַפרעמד מיידל, וועלן זיי וועלן צו איר זיך צושאַרן. דעריבער וועט זײַן בעסער קיין שום

שנאַפּס נישט קויפן, גיין צו פאַדין. עטוואָס טייערער צאָלן פאַר משקה, און טאַנצן אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון קלאַוויר-אויטאָמאַטן. אויסערדעם קאָן נאָך האַלבער נאַכט ביי פאַדין פאַרשידענעס פּאַסירן.

ווייבאַלד אַזוי וועט ער זיין ביי פאַדין; דאָס וועט אים קאָסטן וויינטשיקסטנס פון זעקס ביז זיבן דאָלאַר, און מאָרגן איז ער ווידער פליטה. וואָלט ער אָבער געהאַט די נויטיקע ענערגיע, וואָלט אַלץ געווען אַנדערש.

וואָלט ער געהאַט די נויטיקע ענערגיע, וואָלט ער אַוועק צו סימסאָנען און געזאָגט: איר וועט שוין וויסן וואָס צו טון מיט אייער פאַרשאָלטענער שטעלע. איך גיי. זייט געזונט. און ער וועט דערנאָך זוכן אַ שטעלע פון אַ רייזנדן אין אַ גרויסער אַנגראָ-פירמע. וועגן דעם האָט ער שטענדיק געטרוימט. זיין אַליין באַלעבאָס איבער זיך, רייזן פון שטאָט צו שטאָט און פאַרקויפן סחורות: טעקסטיל-סחורות אָדער אויטאָמאָביל-טיילן אָדער נייע דערפינ-דונגען. קיין שום ביוראָ-שעהן, פאַר קיינעם נישט צו זיין פאַר-אַנטוואָרטלעך; אַליין איבער זיך באַלעבאָס; איז ער אַמאָל אַ טאָג נישט געשטימט צו אַרבעטן, פאַרגינט ער זיך דאָס. ער וועט אַריינקומען אין אַ פרעמדן לאָקאַל, אין געשעפט און ביוראָ. איך וויל רעדן מיטן שעף. — וועגן וואָס ווילט איר רעדן מיטן שעף? — דאָס איז נישט אייער עסק. זאָגט אים, אַז הער קאָוואַן איז געקומען פון דער און דער פירמע. אָדער נאָך בעסער: קיין ברעקל אויפמערקזאַמקייט נישט שענקען דעם אָנגעשטעלטן אָדער ביוראַליסט. פולשטענדיק זיי איגנאָרירן, אָפּשטופּן זיי אין דער זייט און שפּרייזן גלייך צום ביוראָ-צימער מיט דער אויפשריפט — פּריוואַט — אויף דער טיר. הערט, זייט מוחל, איך פאַרטרעט די און די פירמע, איך פאַרקויף אירע סחורות, גוטע סחורות. פאַרשטאַנען? אָט זענען זיי. באַטראַכט זיי אַקאָרשט. איר וועט אין ערגעץ נישט קריגן קיין בעסערע שטאָפן און קיין לייטישערע אויסאַרבעטונג. און דערצו ביליק. אונזערע פּרייזן זענען די קלענסטע. פאַרשטאַנען? און מיט קיין שום פּראָטעסט וועט מען אים נישט פאַרמאַכן דאָס מויל. ער וועט אַ באַשטעל-צעטל אַרויס-נעמען, אויפשרייבן די אייביקע פעדער, זי דערלאַנגען דעם מאַן און זאָגן: פאָלגט מיין עצה און קויפט, פאַרשטאַנען? שרייבט

אונטער אָט דאָ, און ווייטער פֿאַרלאָזט זיך שוין אויף מיר. אָט אַזוי, עס איז אָלרייט. שיינעם דאַנק. אַז איך וועל אַ צווייטן מאָל דורכפאָרן, וועל איך אייך אויפזוכן. און ער וועט פֿאַרלאָזן דאָס ביוראָ.

און נאָכדעם אין זיין האָטעל גיין. קיין שום מוטער, קיין שום דעסי. ביז מאָרגן אינדערפֿרי קאָן ער זיך טון וואָס ער וויל. און מיטן געלט, וואָס ער וועט פֿאַרדינען, וועט מען קאָנען פֿיל מאַכן. אמתע געלט. נישט נישטיקע דרייסיק דאָלאַר די וואָך. ערשטנס וועט זיינע רייזע-הוצאות דעקן די פֿירמע, און די קאָסטן וועט מען קאָנען אַ קאָפּעטשקע אויפֿבלאָזן; דערצו נאָך פּראָצענטער. און אין אַ געוויסער צייט אַרום וועט אין יעדער שטאָט, וווּ ער קומט, וואַרטן אויף אים אַ פּרעכטיק מיידל, אַ רויטהאָריקע פּאַפּיראָסן-פֿאַרקויפֿערין דאָ, אַ ליבלעכע סענטימענטאַל-אויגיקע מאַניקירשע דאָרטן. נאָכן אָוונט-ברויט, ווען ער וועט שוין האָבן אַריינגעגאָסן עטלעכע גלעזלעך, און וועט זיך פֿילן אויפֿגעלייגט, וועט קומען די שפּיל, — אַריינצושמוגלען דאָס מיידל אין האָטעל-צימער. און פֿילייכט וועט אין איינעם אַ האָטעל זיין אַ צוציענדיק דינסט-מיידל, וואָס וועט מסכּים זיין, בעת זי וועט קומען מאַכן דאָס בעט.

און די פּולמאַן-וואַגאָנען, די הונדערטער וויצן, וועלכע ער האָט געהערט וועגן רייזנדע אין שלאָף-וואַגאָנען. תּמיד טרעפֿט מען רייזנדע מיידלעך, וועלכע זענען אויף אַלץ גרייט, זענען גערן צו פֿאַרווײַלן זיך אַביסל מיט אַן אַליינרייזנדן מאַן. אויך אָט די מיידלעך זענען ווייט פֿון דער היים, קיינער גיט אויף זיי נישט אַכטונג, און זיי האָבן גאָרנישט קעגן אַ קליין שפּילעריי. ער וועט האָבן דאָס אונטערשטע בעט, און אַ חנוודיק מיידל דאָס אויבערשטע; זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, וועט ער פֿאַרלייגן צו טוישן זיך. עס וועט אַוועק אַ שמועס, און דערנאָך, אינמיטן דער נאַכט, וועט ער פֿון אונטן דערהערן קלאַפּן.

ער האָט אָפּגעזיפֿצט. עס איז געווען שיין צו טרוימען וועגן דעם, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט נישט פֿאַרווירקלעכט ווערן, ווייל ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער וועט דערצו קיינמאָל נישט האָבן קיין מוט, און וואָלט ער אים געהאַט, וועט ער קיינמאָל נישט האָבן גענוג געלט, בכדי צו קאָנען אויסוואַרטן ביז ער וועט שוין קריגן פּראָצענטער. און אויב אַפֿילו די מוטער

אָדער דעסי זאָלן אים דאָס געלט לייען — ער האָט געוווּסט, אַז דעסי וועט דאָס נישט טון, און די מוטער האָט כמעט נישט קיין געלט, — וועט דאָס נאָך אַלץ נישט זיין מעגלעך, ווייל ער פאַרשטייט זיך נישט אויף געשעפט. ער וואָלט געדאַרפט אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ הורט-געשעפט אָדער אין אַ פאַק-אָפּטיילונג, ביז ער וועט ווערן אַ מבין אויף סחורה. און אַ יאָר אין אַ הורט-געשעפט מיט פופצן דאָלאַר די וואָך האָט אים קנאַפּוואָס געלאָקט, אויב אַפילו ער זאָל שפּעטער צוליב דעם פאַרדינען הונדערטער.

אַלזאָ, אַן אָנגעשטעלטער, און אפשר אין אַ געוויסער צייט אַרום בוכהאַלטער, אויב נאָר מען וועט אים נישט אָפּזאָגן — און וויבאַלד סימסאָן האָט אים נישט אָנערקענט קיין לוין-העכערונג, וועט מען אים מסתמא אָפּזאָגן, ווי נאָר אַ צווייטער וועט זיך איינאַרבעטן, — און נאָך יאָרן אַרבעט קאָן ער נאָך קאַסירער ווערן, און דאָס איז גאָר. און נישט אויף דעם איז ער באַשאַפן. ער איז באַשאַפן צו פאַרקויפן סחורות, אין איין אויגנבליק איינשמועסן מענטשן צו מאַכן ריזן-באַשטעלונגען, צו זיצן אין פולמאַן-וואַגאָן פאַר רויכערער צוזאַמען מיט אַנדערע רייזנדע און דערציילן מעשיות, צו שטיין אין האָטעל-זאַל אָנגעלענט אָן דעם פאַרקויפטיש און פאַרברענגען מיט דער שיינער פאַפּיראָסן-פאַרקויפערין, און זי זאָל כיכיקען און בעת-מעשה קריגן פאַר אים אַביסל מורא, מחמת זי ווייסט זייער גוט, אַז איידער ער וועט פאַרלאָזן דעם האָטעל, וועט זי ביי אים אין צימער זיין אַן אויסגעטונענע און פאַרלוירענע.

פאַרמעס מיט שיינע פאַרמערקעס, וואָס פאַראַטן זייערע אַלטע מענער: פולמאַן-שלאָף-וואַגאָנען מיט יונגע פרויען, וואָס שטעלן אַ ווידערשטאַנד. וואַרטן גאַנצע נעכט אויף דער גאַס ביי פענסטער, ווו אַ פלוצים-אויפגעהויבענער פאָרהאַנג באַדייט, אַז דער וועג איז פריי; קלינגענדיקע ווערטער; ציפערן, וואָס דערגרייכן טויזנטער, און וועלכע מען שרייבט נישט אין ביכער נאָר אויף באַשטעל-צעטלען; רעדן אַלס גלייכער מיט גלייכע מיט געשעפט-לייטערס, מיט באַנק-פרעזידענטן; עסן מיטאָג מיט קונדן אין האָטעל-רעסטאָראַן; קריגן אָנגעבאָטן גוטן אַלקאָהאָל, וואָס שטאַמט נאָך פון פאַר-מלחמה-צייטן; קריגן אָנבאָטן וועגן פריינ-

דינס: זי איז אַ לוסטיק חנעוודיק מיידל און טויג צו אַלץ; איר וועט געבעטן צו אונז אויף אָוונט-ברויט, און איר וועט זיך באַקענען מיט מיין פרוי; שפּילט איר גאָלף? גוט, איך וועל פאַר אייך קריגן אַ גאַסט-קאַרטע אין מיין קלוב. וואַרט נאָר צו, ביז איך וועל אייך ווייזן, וואָס איך האָב אין מיין שאַפּע; קונים קומען קיין ניו-יאָרק, און ער, וואָס האָט געקראָגן אַדרעסן פון כאָריסטינס און אַ גרויסע סומע געלט פון דער פירמע, טעלעפאָנירט צו די מיידלעך, לאַדט זיי איין, זיי הויבן-אָן מיט טעאַטער, אָדער מיט אַ נאַכט-קלוב, אָדער מיט אַן אויסערשטאָטישן רעסטאָראַן; דערנאָך דאָס האָטעל-צימער; מיידלעך גליטשען זיך אַראָפּ אויף די פּאָרענטשעס; מיידלעך גיסן שאַמפּאַניער אויף אַ פּלין; מיידלעך טאַנצן בלעק-באָטאָן אין שוואַרץ-זיידענע פּיזשאַמעס, מיידלעך נאַקעט אויף אַ בעט; שיינע בריסטן, שיינע בייכער; קרעכצן: אָ דו, איינציקער מיינער!

זעקס-און-אַכציקסטע סטריט. נאָענטסטער אָפּשטעל הונדערט-פינף-און-צוואָנציקסטע סטריט. „לאָזן-אויסשטייגן. צוערשט לאָזן-אויסשטייגן”.

אַנאַרכיסטן מוזן היינט ביינאַכט שטאַרבן. נישט פאַרבליבן קיין שום האָפענונג. דאָס העכסטע געריכט פון די פאַראייניקטע-שטאַטן האָט אָפּגעוואָרפן די אַפּעלאַציע. העכסטער ריכטער טאַפט וויל נישט איבערייסן זיין אורלויב און אריינמישן זיך. ריכטער בראַנדייס דערקלערט, ער קאָן גאָרנישט טון. גובערנאַטאָר פולער וויל נישט פאַרבייטן די טויט-שטראָף אויף לעבנסלענגלעכע תּפיסה. אַלע אַמעריקאַנישע באַטשאַפטן אין אויסלאַנד אונטער אַ שטאַרקער וואַך. אין גענף האָט מען אַמעריקאַנער באַליידיקט. דראָונגען מיט באָמבעס. קיין שום ציימונג אין אַרגענטינע. די גאַנצע ניו-יאָרקער פּאָליציי באַוואַכט די אונטערערד-סטאַציעס. סאַקאָ און וואַנזעטי מוזן פאַר דערמאָרדן דעם קאַסירער אין סוטי-ברענטרעע שטאַרבן.

נו, געוויס. זיי זענען רויטע, זענען איטאַליענער, און האָבן אָפּגעלאָזן דעם טייוול פון קייט; און איצטער מוזן זיי דערפאַר צאָלן.

אַ ווײַלע האָבן געווירבלט ביי אים אין קאָפּ דעמפּסיי און

טוניי, סאַקאָ און וואַנזעטי, סימסאָן און ער אַליין, און דאָס מיידל העלען, וואָס ער דאַרף היינט אין אָוונט טרעפן, און אין דאָזיקן מישמאַש האָט ער נישט געוווּסט ווער איז ווער. ער האָט אַ וואָרף-געטון די צייטונג אונטערן באַנק, הינטער זיינע שיך, האָט זיך אויסגעגלייכט, לייכט אַ שאָקל-געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט צו זיך אַליין: צו אַלדי רוחות! וועמען אַרט דאָס? האָט אויפגעבליקט, געגומען זוכן צווישן דעם שטייענדיקן עולם עמיצן, וואָס זאָל אים געפעלן זיין, און האָט טאַקע געפונען אַ שיין מיידל, וואָס איז געשטאַנען גלייך אַנטקעגן אים, האַלטנדיק זיך מיט איין האַנט אָן רימען, אין דער צווייטער — אַ בוך, און האָט געלייענט מיט גרויס אינטערעס. ער האָט אַריינגעקוקט איר אין די אויגן, האָט געפרווּווט איר בליק אָפּרייסן פון בוך און געווינען אים פאַר זיך, נאָר זי האָט נישט געלייגט אויף אים קיין אַכט און נישט אויפגעהערט צו לייענען; ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: וואַרט אָקאָרשט, איך וועל דיר דאָס ווייזן, איז אויפגעשטאַנען עמיצער האָט געוואָלט אויף זיין אָרט זיך אַוועקזעצן, ער איז אָבער געשטאַנען אין וועג — און האָט געזאָגט: „ווילט איר, פרייליין, זעצן זיך?" זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ לייכטן שמייכל-געטון, נישט קוקנדיק אים אין געזיכט, און, בעת ער האָט זיך געקליבן צו פאַרנויגן זיך, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט, ווידער פאַרטיפט זיך אין בוך און איז געווען פאַר אים פאַרלוירן.

ער וואָלט געזען זי אויסגעחוזקט, נאָר ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט מיט די עלנבויגנס גענומען מאַכן זיך אַ וועג צווישן דעם עולם, האָט זיך נישט אַנטשולדיקט. אויב עמיצער איז אים געשטאַנען אין וועג, האָט ער אים געשטויסן מיט אַן עלנבויגן אין די ריפּן און איז געגאַנגען ווייטער. ער איז געווען אומעטיק. צו אַלדי רוחות! וואָס האָט מען דערפון? אַך, וואָס האָט מען דערפון! איין אויגנבליק האָט ער חשק געהאַט אַ שטויס-טון עמיצן אין פנים, און האָט זיך אומגעקוקט אויף צו געפינען אַ געלעגנהייט, נאָר קיינער באַמערקט אים נישט, קיינער ווייסט גאָרנישט, אַז ער איז דאָ. ער האָט צונויפגעבײַלט די האַנט אין אַ פויסט. ער האָט געזאָגט: איך וועל אייך אַלעמען ווייזן. איר בענקאַרטן, איך וועל אייך שוין ווייזן. ער האָט דערשפּירט

אַ פֿאַרלאַנג צו רויכערן. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס, אָנגעהויבן זוכן אַן אָרט, ווו ער זאָל קאָנען אויסשפּייען און האָט נישט געפונען. ער זאָגט צו זיך אַליין: איך וועל רויכערן. איך וועל אַ שאַכטל שוועבעלעך אַרויסנעמען, אַרויסציען אַ שוועבעלע, עס אָנצינדן, פֿאַררויכערן מיין פּאַפּיראָס און רויכערן. זאָל מיך דער מענטש פּאַקן. מיר איז אַלץ-איינס.

דער צוג האָט שרעקלעך געליאַרמט, ער איז געפאָרן מוראדיק שנעל, פיל שנעלער ווי געוויינלעך; בעת ער פֿליגט זיך פֿאַרקערעווען, פֿליגן די רעדער אין איין זייט פֿולשטענדיק אויפהויבן זיך פון די רעלסן. איין פרוי האָט אויסגעזען צו זיין זייער דערשראָקן. וואָלט נישט געווען וווּנדערלעך, פרעגט ער זיך, אויב עס וואָלט פֿאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפֿע? אויב דער צוג וואָלט אַראָפּ פון די רעלסן און וואָלט מיט אָט דעם ווילדן אימפּעט אַרויף אויף די זיילן. ער האָט געזען אין זיין פֿאַנטאַזיע איבערשריפטן:

אונטערערד-באַן-קאַטאַסטראָפֿע. הונדערט טויטע. הונדערטער פֿאַרווּנדעטע. דער אונטערערד-באַן-פֿאַרקער איז אָפּגעשטעלט.

אַזוי ווי די ברוקלין-קאַטאַסטראָפֿע פֿאַר פֿינף-יאָרן. נו, יאָ, אויב דאָס זאָל היינט געשען, וועט מען זאָגן, אַז דאָס איז אַ שטיקל אַרבעט פון די, וואָס האַלטן מיט די רויטע. אַ פּרווו צו העלפֿן סאַקאָ און וואַנזעטי, דורך אויפרייסן די אונטערערד-באַן אין דער לופֿט.

ער זעט פֿאַר זיך אַ בילד פון דער טויט-קאַמער, אַזוי ווי ער האָט זי געזען אין דעם בילדער-אויטאָמאַט. ווענט פון שטיין. אַ לענשטול מיט רימענס. אַ גלח גייט-אַריין מיטן בילד פונם געקרייציקטן אין האַנט; נאָך אים גייט דער פֿאַראורטיילטער אין אַ געשטרייפטן אָנצוג; דערנאָך די וועכטער. דער פֿאַראורטיילטער זעצט זיך אויפן שטול, זיינע אָרעמס ווערן צוגעפעסטיקט, זיינע פיס ווערן צוגעפעסטיקט. אויף זיין קאָפּ זעצט מען אַרויף אַ העלם, וואָס צו אים איז צוגעפעסטיקט אַ דראָט. היינט ביינאַכט וועט מען, אָנשטאָט צו ראַזירן די קעפּ, אונטערן העלם אונטערלייגן אַ נאַסן ים-שוואָם, בכדי צו האָבן אַ גוטן

עלעקטרישן קאָנטאַקט. דער מאַן קושט דעם קרוציפיקס. דער גלח דערוווייטערט זיך אויף עטלעכע שריט. אָבער היינט וועט קיין גלח נישט זיין. און מען וועט אַ דריק-טון דעם איינשליסער. אין גאַנץ שטאָט ברענען איין אויגנבליק די לאָמפּן טונקעלער; ער האָט געליטנט, אַז אַזוי איז דאָס בעת מען פאַרווענדעט שטראָם אויף אַן עקזעקוציע.

די טויט-קאַמער. פלוצלינג דערמאָנט ער זיך, אַז אויך ער איז אַמאָל געווען אין תּפיסה. זיי האָבן אַמאָל אין אַ זונטיק-נאָכמיטאָג אין אַ הינטער-צימער פון „פּאַראַדיז" געשפּילט אין ביינדלעך. קיינער האָט נישט געטראַכט וועגן קיין געפאַר, ערשט מיט אַמאָל זענען אַריינגעקומען עטלעכע טעלעכע חברה-לייט, געקליידעט ווי שאָפערן, און איינער פון זיי האָט רויק געזאָגט: „נעמט אייערע היט. איר זענט אַרעסטירט". דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי פלוצלינג, אַז קיינער האָט זיך נישט געחידושט. איינעם פון די שפּילער האָט מען אַפילו געגעבן די מעגלעכקייט צו טעלעפאָנירן זיין מוטער, אַז ער וועט היינט ביינאַכט נישט קומען אַהיים. זיי זענען געגאַנגען דורך די גאַסן צום טשאַרלז-פּאָליציי-באַצירק. מען האָט קיינעם נישט צוגעהאַלטן ביים אָרעם, מען האָט נישט אָנגעזען קיין רעוואָלווער, זיי זענען זיך נאָר געגאַנגען דעם גאַנצן וועג, באַגלייט דורך די שאָפערן. אין צירקל האָט מען פאַרשריבן זייערע פאַלש-אָנגעגעבענע נעמען, און דערנאָך האָט מען זיי פאַרשפּאַרט.

זיי זענען געווען אַלע אין איין קאַמער, און לכתחילה איז די גאַנצע זאַך זיי אויסגעקומען ווי אַ שפּאַס. זיי האָבן געזונגען, געבריליט, דערציילט זיך שמוציקע אַנעקדאָטן. עס איז געקומען אַפילו צו אַ געשלעג. זיי זענען געזעסן, געררויכערט און גע-פּלוידערט. זיי האָבן שטאָלצירט מיט זייער אַרעסט. זיי וועלן דאָס מאָרגן האָבן אין „פּאַראַדיז" וואָס אָנצודערציילן זיך.

אָבער עס איז געוואָרן פינף אַ זייגער און זעקס; זיי זענען געוואָרן הונגעריק. זיי זענען געווען פאַרמאַטערט. זיי האָבן מער נישט געוואָלט בלייבן אין תּפיסה. זיי האָבן געוואָלט אַרויסגיין פון דאַנען, גיין אַהיים, זען אַ וועלכע-נישט-איז פאַרשטעלונג.

דעמאָלסט האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען. לאָזט אונז אַרויס.

מיר ווילן אַרויס. וואָס איז דאָס פאַר אַן איינפאַל, אונז דאָ צו האַלטן פאַרשפאַרט? ווער מיינט איר, זענט איר דאָס אַזוינס, צו אַלדי-רוחות?

אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט. איינער פון די יונגעלייט האָט געזאָגט: „ביי מיר איז רעכט, אַז יעטוועדער, ווער עס קומט אַהער רעוועט פונקט אַזוי, ווי מיר, זיי זענען צו דעם גוט געווינט". אַן אַנדערער איז באַשטאַנען: „איך וויל אָבער אַרויס". עמיצער האָט אים אָפגעענטפערט: „טאָ גיי זיך געזונטערהייט".

און עס איז געוואָרן זיבן אַ זייגער און אַכט אַ זייגער. איינער האָט געפרווט שלאָפן אויף דער נאַרע; אַ צווייטער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער אויפן ברעג פון אַבאָרט-דעקל, אָנגע-שפאַרט מיטן קאָפּ אויף די הענט; די איבעריקע האָבן אַרומ-געשפאַנט איבער דער קאַמער הין-און-צוריק; ענדלעך האָבן זיי זיך דערוואַרט. עס האָט זיך דערהערט דאָס סקריפּען פון דער דרויסנדיקער טיר; עס איז אַריין אַ וועכטער צוזאַמען מיט אַ מענטש, און מען האָט זיי געבראַכט פאַרן נאַכט-געריכט.

און זיי זענען געשטאַנען פאַרן ריכטער, וואָס אויב אים געפעלט, קאָן ער זיי אַריינפּייערן זעקס מאָנאַטן אַרבעטס-הויז און וואָס מיט אים טאָר מען זיך נישט אָנהייבן; זיי האָבן זיך באַמיט אויסצוזען וואָס לעקישעוואַטער; דער מענטש האָט זיי געזאָגט: „אויב איר וועט האָבן אַ לעקישעוואַטן אויסזען, אַזוי ווי איר וואָלט קיין צוויי נישט געקאָנט ציילן, וועט דער ריכטער באַגיין זיך מיט חסד". נאָך די טונקעלע פּאָליציי-וואָגנס האָבן זיי דעם העל-באַלויכטענעם ריכטער נישט געקאָנט גוט זען. זיי האָבן געהערט רעדן דעם פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיי געעצהט צו מאַכן אַ וואָס נאַרישערן איינדרוק; זיי האָבן געהערט דעם ריכטערס פראַגן און האָבן די גאַנצע צייט געטראַכט: איך וויל אַרויס. איך וויל אַרויס. פאַרוואָס, צום טייוול, לאָזט מען מיך נישט אַרויס?

און שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעצאָלט די געלט-שטראָף, און דער פּאָליציי-קאָמיסאַר האָט געזאָגט: „אין אָרדענונג, טראָגט זיך אָפּ", — דאָס שטורמען מיט דער טיר, דאָס אַרונטער-לויפן מיט די שווינדל-טרעפּ, ווו איין חברה-מאַן האָט זיך פאַר-

טשעפּעט און איז שיער נישט געפאַלן. אַרויס פון דער געביידע. אויף דער גאַס. די גאַס. די קילע אָוונט-לופט. איבער זיי די הויכבאַן. קומט, מיר וועלן אַ גלאָז קאַווע טרינקען.

פלוצלינג האָט אין דזשימען זיך דערוועקט אַ באַנער אויס-צושטייגן. די אַרומיקע מענטשן זענען אים נמאס געוואָרן. ער האָט געוואָלט זיין אויף דער גאַס, אויפן וועג אַהיים. און ווידער האָט ער געוואָלט זיין באַלויכטן דורך דער זון. קאָנען גיין אין וועלכער ריכטונג ער וויל נאָר. פאַרקערן זיך אַהערצו, אַהינצו. ער האָט געוואָלט אַרויס. שטעלט-אָפּ דעם צוג, און לאָזט מיך אַרויס.

ער זאָגט צו זיך: וואָרשיינלעך געפינען מיר זיך אונטער דער הונדערט-ניינצנטער סטריט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, פאַרשלאָסן אַלע חושים, דערנאָך עפנט ער זיי און זאָגט: איצטער איז הונדערט-צוואָנציקסטע סטריט; און ווידער האָט ער זיך איינגעשלאָסן, ביז ער האָט גייסטיק דערגרייכט די הונדערט-פינף-און-צוואָנציקסטע סטריט, ווו די טאָרמאָזן ווערן אָנגעצויגן, און דער צוג פאַרלאַנגזאַמט זיין לויף; אַ שילד הונדערט פינף-און-צוואָנציקסטע סטריט; דער צוג וועט קיינמאָל נישט קומען; ער נעמט-אַריין דעם פּאַפּיראָס אין מויל. ער עפנט דאָס שוועבעלעך-שאַכטל. דער צוג וועט קיינמאָל זיך נישט אָפּשטעלן. אין דמיון איז ער שוין געווען אינדערהייך. ער האָט אייניקע מענטשן אָפּ-געשטופּט פון וועג. דער צוג שטעלט זיך. די טירן זענען אָפן. ער שפּרינגט-אַרויס. ער לויפט לענג-אויס דעם פּעראָן. נישט מורא-האָבנדיק פאַר אַ מענטע, צינדט ער אָן אַ פּאַפּיראָס. ער טאַנצט-אַריבער צו דריי טרעפּ אויף אַמאָל. ווייטערדיקע טרעפּ. די זון. די זון. נאָך צען טרעפּ. אַכט. ער גיט אַ לויף. איין שפּרונג, און ער איז אויף דער גאַס.

---

II

## אינדערהיים.

דורכן גערויש פון וואַסער הערט ער דעסיס שטים.

„וואָס?" שרייט ער.

„קלייבסט זיך, אַפּנים, צו פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין וואַנע־צימער?"

„שריי נישט", ענטפערט ער: „איך זיין ערשט דאָ נאָך קיין גאַנצע מינוט נישט", און ער באַטראַכט ווייטער זיין געזיכט אין שפּיגל.

דער דאַמף פון דעם פליסנדן הייסן וואַסער לייגט זיך אויפן שפּיגל, און ער מוז אים אָפּווישן מיט אַ האַנטוך. ער האַלט די צונג פריער הינטער איין באַק, באַלד הינטער דער צווייטער, קוקט זיך גוט איין, באַמערקט אונטער דער נאָז אַ פרישטשיקל; ער קוועטשט אים אויס. עס באַווייזט זיך אַ קליינטשיקער בלוט־טראָפּן. ער וואָלט חשק־געהאַט אויסצוקוועטשן אַ גרויסן פרישטש, דאָס וויל ער שטענדיק טון, נאָר די הויט וועט שפּעטער בלוטן, און דאָס אויסקוועטשן די פרישטשעס איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. אויסערדעם זעט זיין געזיכט אויס נאָכדעם גאַנצענע טעג ווי געשטופּלט.

ער וואָלט געדאַרפט זיך אָפּראַזירן, פונדעסטוועגן האָט ער באַשלאָסן דאָס נישט צו טון. נאָכן ראַזירן זיך שמאַרצט אים שטענדיק דאָס פּנים. עס ווערט אויפגעריסן אַ פרישטש, עס גייט בלוט, און עס טוט וויי. שדים וויסן, וואָס פאַראַ געזיכט ער האָט דאָס. ראַזירט ער זיך, טוט דאָס וויי, ראַזירט ער זיך נישט, זעט עס אויס זייער שמוציק.

נישט פון מאַגרודער און נישט פון עמיצן אַנדערש איז קיין בריוו נישטאָ; און דזשאָען איז ער געצוווּנגען געוועזן צו באַצאָלן די גאַנצע פיר דאָלאַר מיט פופציק סענט, וואָס ער איז אים שולדיק געווען און אויך פאַר די דריי פּעקלעך פּאַפּיראָסן. ער האָט בדעה געהאַט אים צו געבן נאָר צוויי דאָלאַר, אָבער ביים פּאַפּיראָסן־טישל זענען געשטאַנען עטלעכע אומסימפּאַטישע פאַר אים חברה־לייט, און ער האָט אין זייער אָנוועזנהייט נישט

געוואָלט בעטן וועגן אַ פאַרלענגערונג. דזשאָע האָט געזאָגט: „עס באַטרעפט פיר פינף-און-ניינציק", האָט ער אַרויסגענומען אַ פינף-דאָלאַר-שטיק און אַ פערטל-דאָלאַר און האָט געזאָגט: „גיט מיר אַ פעקל לוקס", און איז אַוועק אַ צופרידענער, נישט אָנקוקנדיק דעם פרצוף פון יענע חברה-לייט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט ער דורך דעם גאָרנישט אָנגעווירן, ווייל אין דער לעצטער רגע, האָט ער אָנשטאָט צו געבן דער מוטער אַביסל געלט אַ קאָנטאָ, איר גאָרנישט נישט געגעבן, און הגם דאָס איז געווען אַביסל פיינלעך, איז וואָס-זשע קאָן ער זיך העלפן? איין אויגנבליק האָט ער געוואָלט נעמען באַרעכענען, וויפיל ער איז דער מוטער אינגאַנצן שולדיק, אָבער אויך דאָס איז געווען פיינלעך, און ביי אים איז געבליבן, אַז גלייכער איז וועגן דעם נישט צו טראַכטן; ער האָט אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין דער וואַנע. דאָס וואַסער איז געווען צו-הייס. ער האָט אויפגעדרייט אַ קראַן און געלאָזט גיסן זיך קאַלטע וואַסער. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם באָד-מאַנטל און איז אַריין אין וואַנע. דאָס הייסע וואַסער האָט געצופט זיין קנעכל, ער האָט דאָס אָבער פאַרטראָגן און האָט אַריינגעשטעקט אויך דעם צווייטן פוס, איז אַ ווײַלע געשטאַנען און האָט זיך באַטראַכט אין שפיגל. אַ שלימזל, גראָד אויפן איינציקן קערפער-טייל, וואָס אַלע זעען אים, — אויפן געזיכט, זענען פאַראַן פרישטשעס, בעת די אַלע אַנדערע טיילן פון קערפער זענען פולשטענדיק ריין.

דאָס וואַסער האָט אים פאַרדעקט אַלץ מער-און-מער, און ער איז געזעסן אין דער וואַנע און האָט געפילט אַרום זיך אַלץ מער-און-מער וואַרימקייט; ער האָט זיך אָנגעלענט אויף דער פלייצע, זיינע מוסקולן זענען געוואָרן שלאַבעריק, און זיין גאַנצער קערפער איז געוואָרן ווייך און עלאַסטיש. ער האָט זיך אויסגעצויגן, טיף אָפּגעאָטעמט און צוגעמאַכט די אויגן. ער וועט קיין מאָל פון דער וואַנע נישט אַרויסגיין. דער רוח זאָל נעמען דאָס אָנטון זיך, דער רוח זאָל נעמען דאָס עסן, דער רוח זאָל נעמען דאָס מיידל, וועלכע ער וועט נאָכדעם טרעפן. פאַרבלייבן אין דער וואַנע, ווו עס אָטעמט זיך אַזוי לייכט, אַרומגענומען דורך דעם ווייכן, וואַרימען וואַסער. זיינע אַ באַק האָט אָנגערירט

אַן אַקסל; אַ געפּיל פון ווייכקייט, ווי פון אַ קינדערשן אַקסל; נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, האָט ער אים אַ קוש-געטון. ער האָט געעפנט די אויגן, זיך אויפגעזעצט. ער האָט גענומען די זייף, די שוואָם, און אָנגעהויבן זיך איינזייפן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין דער וואַנע און האָט זיך איינגעזייפט. ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק-געטון אין שפּיגל און ווידער זיך אַנידער-געזעצט.

„דעסי", האָט ער אַ רוף-געטון.

„וואָס איז?"

„נעם-אַרויס פון מיין ראָק-קעשענע אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און רוק דאָס אַרונטער אונטער דער טיר".

„אָ, גיי אָקאָרשט אַרויס פון דער וואַנע. מען קאָן מיינען, אַז די גאַנצע שטוב געהערט צו אים".

„דזשימי, דאָס אָוונט-ברויט איז פאַרטיק, אייל זיך צו", האָט גערופן די מוטער.

„דעסי, איך בעט דיך, דערלאַנג מיר די פּאַפּיראָסן".

„איך וועל דאָס נישט טון. גיי-אַרויס פון דער וואַנע".

פאַרפאַלן, איך וועל אַרויסגיין, אָבער פּרוּוו דו אָקאָרשט ווען-עס-איז ביי מיר עטוואָס בעטן. דאָך האָט ער קיין ברעקל חשק נישט געהאַט אַרויסצוגיין. ער וואָלט קיין שום זאַך נישט געטון, ווי נאָר דאָ ליגן. דאָס עסן איז פאַרטיק געוועזן. דער געפּרעסטער אָנצוג איז געלעגן אויפן בעט. דאָס העמד, וואָס ער דאַרף אויסווייזלן, דער שניפּס; די זיידענע שקאַרפּעטקעס האָבן געהאַט אַ לאָך.

דרויסן האָט אין ראַדיאָ איינער געזונגען; אַ שטילע פּליס-טערנדיקע שטים. דעסי האָט געגרייט צום טיש. זי איז עפּעס געווען אין כּעס. פּלעגט זי נאָר אַוועקשטעלן אַ טעלער אָדער אַוועקלייגן אַ גאָפּל, — האָט מען דאָס געפּילט. דער טעלער פּלעגט אַרויסגעבן אַ דומפּיקן, דער גאָפּל אַ קלימפּערדיקן קלאַנג. בעת דעסי פּלעגט צורוקן אַ בענקל צום טיש, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די גאַנצע שטוב פאַלט-איין. עס האָט זיך געעפנט די וואוינונגס-טיר, עס האָבן זיך דערהערט פּיליפּס טריט. ער איז אַוועק אין דער קיך, און דעסי האָט גענומען אַרויסווייזן נאָך מער רוגזה ווי פריער. פּיליפּ איז געווען אין דער קיך,

און האָט דאָרטן געמיט זיך קלאָרצומאַכן די זאַך מיט דער מוטער.

דזשים איז געשטאַנען אויפן באָד-טעפּיך, און האָט זיך אַרומגעווישט; ער האָט געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס איז געשען; ער האָט פּלוצלינג אַרויפגעוואָרפן דעם באָד-מאַנטל, געעפנט די טיר און אַ רוף-געטון:

„דעסי".

אַ שטילשווייגן.

ער האָט פעסטער איינגעוויקלט זיך אין באָד-מאַנטל און איז אַרויס אין עס-צימער.

„פאַרוואָס שיקסטו אים נישט צום טייוול?" האָט ער געפרעגט.

זי האָט נאָך אַלץ געשוויגן.

„וואַרף אים אַרויס, דעם ממזר", האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך צו אים אַ קער-געטון און געענטפערט:

„טו-אָן דיינע שטעק-שיך, און טראָג זיך אָפּ".

אָלרייט, דו קליינע צויג איינע, איך וועל קיין וואָרט מער נישט זאָגן. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט חשק פּיליפּן אַריינצופּאָרן. ער האָט נישט געוווּסט, וועגן וואָס עס גייט, אָבער דעסין איז אַפּנים געווען שטאַרק ביטער אויפן האַרצן, און ער האָט פּיליפּן נישט פאַרטראָגן. ער האָט אים קיינמאָל נישט געקאָנט ליידן.

ער האָט אָפּן-געלאָזן די טיר פון זיין צימער, ווייל ער האָט געוואָלט הערן, וואָס מען רעדט אין דער קיך. ער האָט געהערט, ווי פּיליפּ רופט די מוטער מאַ, און איז ווידער אַמאָל געוואָרן אין כעס. פּיליפּ האָט קיין שום רעכט זי מאַ צו רופן, לפּחות איידער ער האָט חתונה-געהאַט מיט דעסין. און די גאַנצע זאַך איז געווען מערקווירדיק, ווייל פּיליפּ איז ביי דעסין גאָרנישט אָנגעלייגט געווען. זי פלעגט אים כסדר אָפּזידלען; פונדעסטוועגן וועט זי מיט אים חתונה-האָבן.

אָט איז דאָס העמד, און צו אים איז באַפעסטיקט דער קראַגן, אָבער דער פאַרפלוכטער כינעזער האָט גראָד פון פאָרנט אויפן קראַגן איבערגעלאָזט אַ פלעק, כלאָר, צי עטוואָס אַנדערש. אָט איז אויך דאָס בלוי-געשטרייפטע העמד, מיט אַ צוגעפּאַסטן

קראַגן, אָבער דאָסדאָזיקע העמד וויל ער טראָגן, — נישט אַנדערש, ווי מיט אַ ווייסן שטייפן קראַגן. אָבער ווייסע קראַגנס זענען אומ־באַקוועם, בפרט ווען מען וויל אַ מיידל אין אַן אויטאָ־דראָזשקע ליב־האָבן. עס איז אַפילו נאָך דאָ אַ צווייט ווייס העמד, וועלכעס ער טראָגט זייער גערן, דאָס מיטן מאָנאָגראַם, וואָס דעסי האָט אויסגעהאַפטן, אָבער אין יענעם העמד ווערט דער האַלז כמעט ווי דורכגעגעבערט. פאַרשאָלטענער כלאָר, וואָס דער כינעזער באַנוצט. אַלזאָ, ער וועט מוזן אָנטון דאָס ערשטע, מיט אַ שלייף, בכדי צו פאַרדעקן דעם פלעק.

ער האָט אַרויסגעצויגן די שפּילקעס פונם העמד, און גענומען זוכן אַן אָרט וווּ זיי אַוועקצולייגן, האָט נישט געפונען און זיי אַרונטערגעוואָרפן אונטערן טיש. ער האָט אָנגעטון די זיידענע שקאַרפעטקעס מיט דעם לאָך, ער האָט אָנגעטון די שיך. איך מוז זיי געבן אויספוצן. ער האָט אויפגעקנעפּלט דאָס ריינע העמד, האָט עס אָנגעטון, און האָט דערביי באַטראַכט זיין געזיכט אין שפיגל.

אין דער קיך האָט דעסיס שטים פאַרטויבט דער מוטערס און פיליפס. דעסי איז געקרענקט. אַ ליאַדע זאַך, און זי וועט זיך איצטער פאַנאַנדערוויינען. איר שטים איז געוואָרן העכער־און־העכער, האָט זיך איינגעבראָכן, איינע אָדער צוויי רגעס האָט זי קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען. ווען זי האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן, איז איר שטים געווען שטיל, כמעט ווי הייזעריק.

ער האָט דאָס שוין מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן; און ער האָט אָנגעטון די הויזן, האַלטנדיק זיי זאָרגפעלטיק ביים קנייטש, זיי זאָלן נישט באַרירן דעם שטויב פון דער פּאָדלאָגע; ער האָט דורכגעצויגן דעם לעדערנעם פאַסיק, און איז אַריין אין דער קיך. אים האָט גאָרנישט געאַרט. אָבער אַ ליאַדע קלייניקייט...

די מוטער האָט געריבן קאַרטאָפל. דעסי האָט אויפן ברעט אָנגעשניטן ברויט. פיליפּ — ער האָט זיין מיאוסע צורה נישט געקאָנט אָנקוקן — איז געזעסן אויף אַ קעסטל און געריכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט אַראָפּגעטרייסלט דאָס אַש אויף דער פּאָדלאָגע.

גאטאו אש, 22 אויגוסט, 3

„ווי אייגנטלעך, מיינט איר געפינט איר זיך דאָס?", האָט דזשים געפרעגט, „ביי זיך אינדערהיים?"

„גרויסער גאָט", האָט דערווידערט פיליפּ, „בין איך דען מחויב אויך אייך איצטער אויסהערן?"

„יאָ", האָט געענטפערט דזשים, „און אויב דאָס שטייט אייך נישט אָן..."

„דו זאָרג זיך וועגן דיינע אייגענע עסקים", האָט אויס-געשריגן דעסי.

„ניין", האָט דזשים דערווידערט, און ער האָט נאָך געוואָלט נאָך עטוואָס צוגעבן, אָבער די מוטער האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם און אַרויסגעפירט פון קיך. זי האָט הינטער זיך פאַר-מאַכט די טיר. „לאָז זיי אַליין", זאָגט זי און קושט אים.

„איך קאָן אים נישט פאַרליידן", האָט דזשים אַ ברום-געטון.

די מוטער האָט מיט איר האַנט אַרומגענומען אים ביי די אַקסלען, און זיין כּעס איז שטילער געוואָרן. ער האָט אַ דריק-געטון איר טאַליע, אַראָפּגענומען איר האַנט, און איז אַוועק צו זיך אין צימער. ער האָט געקעמט די האָר, ביז זיי זענען געוואָרן גלאַט, דערביי האָט ער בייז געקוקט אין שפּיגל. אַ שלייף וועט דעם פלעק אויפן קראַגן פאַרשטעלן, אָבער אַ לאַנגער אויסבינדער וואָלט אפשר געווען בעסער. ער האָט נישט קיין סך שניפּסן, פונדעסטוועגן גייט-אַוועק פיל צייט אויף אויסצוקלייבן. איין מאָל אָדער צוויי האָט ער אַ בייזן ברום-געטון און געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי אויף צוריק אַריינגיין אין דער קיך, אָבער דער שניפּס האָט אים אַלץ מער-און-מער באַאומרויקט. ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס וועסטל פון אונטער דעם ראָק, האָט עס אָנ-געטון, און אַ קוק-געטון אין שפּיגל, צוריק אויסגעטון, אַ וואָרף געטון אויפן בעט, האָט גענומען דעם פריש-געפּרעסטן ראָק פון שטול-אָנלען און האָט אים אָנגעטון.

ער האָט אַ שמייכל-געטון צום שפּיגל, האָט אויסגעבויגן די אַקסלען אויף הינטן און אַריינגעמאַרשירט אין עס-צימער. די מוטער, דעסי און פיליפּ זענען דאָ געווען שווייגנדיקע. ער וואָלט גערן געפרעגט: ווי זע איך אויס? אָבער דאָס וואָלט געווען נאַריש, זיי זיצן אַלע אַרום טיש אַזוי ערנסט. ער איז צוויי מאָל

פויל אַדורך איבערן צימער, אָבער ער האָט נישט דערוועקט קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

אויף אָוונט-ברויט איז געווען געקאָכטע שינקע, קרויט און קאַרטאָפל-קאַשע. אויף אַ טעלער איז געלעגן ברויט, אין אַ שיסעלע פּוטער, זאַלץ און פעפער, אויפן טיש איז געשטאַנען אַ פלעשל עסיק, אַ טעפּל זענעפט, אַ כּלי מיט פּאַפּריקע, גלעזער מיט וואַסער, אָנגעשניטענע זויערע אוגערקעס. שפּעטער האָט מען דערלאַנגט פּודינג און קאַווע. די מוטער האָט כּמעט ווי נישט צוגעזעצט זיך, האָט כּסדר אַרומגעשמייעט הין-און-צוריק צווישן קיך און עס-צימער.

פיין און ריין געקליידעט, פילט ער צו אַלעמען אַ גוט-וויליקייט, און עס פאַרדריסט אים, וואָס מען האָט זיך געקריגט. אויסערדעם האָט ער געגעסן מיט אַפּעטיט — ער איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון געקאָכטע שינקע מיט קרויט און ענגלישן זענעפט, הגם דער זענעפט אויפן טיש איז געווען צו-געגרייט אויפן דייטשישן שטייגער — און ער האָט נישט געקאָנט הנאה-האָבן פונם עסן, בעת דעסי איז געווען אומעטיק; פּיליפּ האָט געקוקט, ווי ער וואָלט באַשלאָסן קיין וואָרט נישט צו רעדן, און די מוטער האָט זאָרגפעליק אָנגעפילט אַלע טעלער, אַזוי אַז יעטוועדער זאָל קריגן אַ גלייכע פּאָרציע, און עס זאָל נישט זיין קיין נייער גרונט אויף צו קריגן זיך. נו, גוט, פּיליפּ איז אַ ווילער בחור, אויב אַפילו אים איז ער נישט סימפּאַטיש, דעסי איז אַ ליב מיידל, און די מוטער איז גאָר איינפאַך פּרעכטיק. האָבנדיק דאָס עסן אויפן טיש, טראָגנדיק דעם גאָפּל צום מויל, איז ער אין זיי אַלעמען דרייען געווען פאַרליבט. דזשים האָט אויפגעגעסן אַ פולן גאָפּל, און ער האָט אַ צווייט מאָל אַריינ-געשטעקט דעם גאָפּל אין עסן, און איידער ער האָט אַראָפּגע-שלונגען דעם ביסן האָט ער צווינקענדיק אַ זאָג-געטון:

„עס איז אַלרייט, פּיליפּ".

און פּיליפּ האָט מיט אַ לייכטער איראָניע געענטפערט:

„איך דאַנק אייך, הער קאָוואַן, פאַר דידאָזיקע רייד".

און דעסי אינמיטן דערינען:

„אַגב, ווו זענען מיינע דריי דאָלאַר?"

איצטער איז דזשים געוואָרן בייז. וואָס האָט דאָס אַלץ

פאַר אַ זין? מען קומט טויט-מיד פון דער אַרבעט אַהיים, עס ווילט זיך אַלעמען אָנזידלען, אָבער מען באַהערשט זיך, מען איז פריינטלעך, און צום סוף, נאַ דיר... מען טאָר גאָר נישט זיין איידל...

זאָל זיי נעמען דער רוח. ער וועט אָפּעסן און גיין; אויף דער גאַס; אויף בראָדוויי מיט העלען. עלאַסטישע בריסטן; בריסט-גאָפּלען, וואָס זעען זיך אַדורך דורך דער בלוזע; בריסטן, וועלכע וועקן אַ באַגער זיי אָנצורירן, ווייכע בריסטן, תּאַוודיקע פּנימער, ליפּן, וועלכע מען קושט, און זיי גיבן זיך אונטער און פאַר-בלייבן דאָך האַרט. שנעל פאַרענדיקן דאָס עסן. שנעל. אַרויסגיין אויף דער גאַס. צו דער הויכבאַן. צו העלען. שנעל.

„שלינג אַזוי נישט דאָס עסן, דזשימי".

אַ קלונג פון טיר-גלעקל. די מוטער איז געגאַנגען עפענען.

„אָ, האַלאָ, פרוי וויליאַמס, פיין, קומט-אַריין".

„גוטן-אָוונט, פרוי קאָוואַן. איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט נאָר אויף איין רגע. האַלאָ, דעסי, וואָס מאַכט אייער יונגערמאַן? אַ, האַלאָ, הער לאָריע".

„גוטן-אָוונט, פרוי וויליאַמס".

„האַלאָ, דזשימי".

„האַלאָ".

„אַך, פרוי קאָוואַן, איך בין אויף דער גיך אַריינגעלאָפן. מיט דזשעני איז היינט נאָכמיטאָג, אויפן וועג פון דער אַרבעט אַהיים, געשען אַן אומגליק".

„אַך, פרוי וויליאַמס, אַן אויטאָ-אומגליק?"

„ניין. אַז זי איז אַרויס פון ביוראָ, איז אויף יוניאָן-סקווער געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסע מאַסע. אַלע האָבן געשריגן, געטומלט, און די פּאָליציי האָט אָנגעגריפן. די פּאָליציאַנטן זענען געווען זיכער, אַז דזשעני איז אויך צווישן די, וואָס טומלען. און זי האָט געקראָגן געשלאָגן מיט אַ גומענעם שטעקן. די גאַנצע הויט אויף איר קאָפּ איז צעשניטן. דער דאָקטאָר האָט געמאַכט דריי נעט".

„נו, יאָ", האָט געזאָגט פיליפּ, „די צוויי איטאַליענער אין באָסטאָן. אויף דער גאַס האָט מען פאַרקויפט אַן עקסטראַ-צייטונג. אויף דער יוניאָן-סקווער איז געווען אַן אמתע מהומה. מען וויל

דידאָזיקע לײַט אַרויסקריגן אויף דער פרײַ. אײניקע מענטשן זענען פאַרווונדעט געוואָרן".

„אָך, פרוי ווילױאַמס, — דעסי, גײ אויף אַ ווײַלע אַרויף צו דזשעניין".

„ווען דעם בין איך אַהערצו געקומען. זי ליגט אין בעט און קרעכצט. דער דאָקטאָר זאָגט: אַ נערוון-דערשיטערונג. איך מײן, אפשר וואָלט דעסי..."

„דעסי, גײ-אַרויף צו פרוי ווילױאַמס".

„זעלבסטפאַרשטענדלעך, מאַ. — נאָר אײן ווײַלינקע, פרוי ווילױאַמס".

פרוי ווילױאַמס איז אַוועק. דעסי האָט איר באַלד נאָכגעפאָלגט.

„אַ חרפּה", האָט געזאָגט די מוטער, זי איז דאָך אינגאַנצן אומשולדיק".

פיליפ האָט דערווידערט: „פאַרפאַלן. אַ טומל איז אַ טומל. די פּאָליצײַ קאָן נישט אונטערשײדן קײן אײנצלנע. זי מוז דאָך צעטרײַבן דעם המון, אפשר נישט?"

דזשים האָט גענומען באַדויערן, וואָס ער האָט אויפן וועג אַהײם אין דער אונטערערד-באַן וועגן דעם מער נישט געלײענט. שלאָג-שורות. וועגן וואָס האָט זיך דאָרטן גערעדט? עפּעס וועגן אַרגענטינע? גובערנאַטאָר פולער?

„טאַקע אַזוי? וואָס וואָלט איר אַ שטײגער געזאָגט, ווען עמיצער וועט אײַך צעשלאָגן דעם קאָפּ, בעת איר זענט אינגאַנצן נישט באַטײליקט, און וועט דערנאָך זאָגן: אַנטשולדיקט, עס איז געווען אַ טומל?"

צום טײַוול, צוליב וואָס רעדט ער וועגן דעם, ער ווײסט דאָך אַפילו נישט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

„געזעץ און אָרדענונג", האָט געזאָגט פיליפ.

„שטותערײַ!" האָט אויסגערופן דזשים.

„דזשימי!" האָט געוואָרנט די מוטער.

דזשעני ווילױאַמס ליגט מיט אַ שטאָק העכער און קרעכצט. דזשעני ווילױאַמס, וועלכע קושט אַזוי, ווי זי וואָלט יענעם געוואָלט אינגאַנצן נעמען אין באַזיץ, וועלכע עס-אויף מיט איר קושן. אָט די קלײנע דזשעני ליגט אויבן מיט אַ פאַרווונדעטן קאָפּ.

די ליידנשאַפטלעכע קליינע דזשעני, וואָס ער האָט זי אַמאָל אויסגעשטעלט אויף פּראָבע און איז טאַקע דערגאַנגען, אַז זי בלאָפט נאָר: נאָך אַ באַזונדערס לאַנגן קוש האָט ער אַמאָל אַרונטערגערוקט די האַנט אונטער איר קלייד, און זינט דאַמאָלסט אָן האָט זי פון אים מער נישט געלאָזט זיך קושן.

אָבער דאָס איז געווען שוין זייער לאַנג, נאָך אין יענער צייט, ווען זי האָט די פאָלקס-שול באַזוכט, און ער האָט נאָר-וואָס געענדיקט זיין שטודיום און האָט געקראָגן זיין ערשטע שטעלע. אין יענער צייט, ווען יעדעס מיידל, וואָס ער האָט אָנ-געטראָפן, איז פאַר אים געווען אַ לאָקנדיקער ביסן אויף צו פאַרזוכן. אַ, יאָ, זי האָט דערלויבט, אַז ער זאָל אויף דעם קלייד אָנרירן אירע בריסטן, אָבער נישט אונטער דעם קלייד. די קליינע דזשעני, וואָס ליגט דאָרטן און קרעכצט.

„דאָס איז אַ שרעקלעכע חרפה", האָט ער געזאָגט.

„צו-וואָס האָט זי זיך געדאַרפט מישן אין פרעמדע אָנ-געלעגנהייטן?" האָט געפרעגט פיליפ.

דזשימען האָט זיך געגלוסט אויסצופּאַטשן אים.

„איר ווילדער נאַר, וואָס איר זענט, זי אַרבעט אויף דעם יוניאָן-סקווער, פאַרשטאַנען? זי דאַרף גיין אַהיים, צי נישט? לייגט זיך דאָס דען נישט ביי אייך אין מוח, — אַז זי מוז דורך דעם סקווער דורכגיין אויף צוצוקומען צו דער אונטערערד-באַן?"

זיין שוועסטער האָט חתונה מיט אַזאַ שוטה. האָט דען דעסי גאָר קיין שכל נישט? אויך מיר אַ ליבע.

ער האָט געזאָגט דאָס ערשטע, וואָס עס איז אים געקומען אויף דער צונג:

„וואָלט איך געווען דעסי, און איך וואָלט נישט געקראָגן קיין אַנדערן חתן אויסער אייך, וואָלט איך זיך געוואָרפן אין וואַסער-אַריין"

פיליפ איז געוואָרן אַ צעקאָכטער:

„איר, שטיק גאָרנישט..."

די מוטער איז אַריין פון דער קיך. זיי האָבן זיך באַרויקט.

„דזשימי, לויף-אַרויף און גיב אַ קוק, אפשר דאַרפן זיי וואָס. זיי מוזן זיין שטאַרק צערודערט".

ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו דער

מוטער, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר טאַליע און זי פּעסט אַרומגענומען. זי האָט אים אַ קוש-געטון. אַ זעלטענע מוטער.

„גייסט היינט אינאָוונט ווידער אַוועק, דזשימי?"

ער האָט געוואָלט ענטפערן, ניין. זי איז דאָך אַ זעל-טענע מוטער. אָבער ער מוז זען העלען. העלען, און דאָס קינאָ און דאָס שפּעקייזי*) און דערנאָך די אויטאָ-דראָזשקע. צוויי, וואָס זיצן צוזאַמען, האַלטן פּעסט איינע די אַנדערע, און קושן זיך מיט אַ לאַנגן פּעסטן קוש. און אפשר נאָך עפּעס. אפשר איר צימער. אויסטון אירע קליידער, איינס נאָכן אַנדערן און דערביי אומאויפהערלעך זי קושן, אַזוי, אַז זי זאָל גאָרנישט באַמערקן, אַז זי ווערט אויסגעטון. האַלטן זי פּעסט מיט איין האַנט, בשעת די צווייטע קניפּט-אויף, ציט-אַרויס שפּילקעס, נעמט-אַראָפּ קליידער.

האַלב זיבן. נאָך אַ שעה. די מוטער וועט אויף אים וואַרטן. זי וועט זיצן אין דער קיך אויף אַ האַרטן בענקל. „האָסטו, דזשימי, גוט פאַרבראַכט?" קאָמיש, אויף דעסין וואַרט די מוטער קיין מאָל נישט.

„איך וועל פרי קומען אַהיים", האָט ער געזאָגט.

„... אויף מאָרגן", האָט צוגעגעבן פּיליפּ.

זאָלן זיי כאָטש גיך חתונה-האָבן, האָט דזשים געטראַכט, ווען ער איז געגאַנגען אַרויף די טרעפּ. איך קאָן אים מער נישט פאַרטראָגן.

מערקווירדיק, האָט ער געטראַכט, איך בין שוין זיבן יאָרן נישט געווען העכער פון דעם דריטן שטאָק. זינט יענעם אָוונט מיט דזשעבין אויף די טרעפּ. די טרעפּ האָבן דאָ אויסגעזען אַנדערש, ווי ביז צום דריטן שטאָק. צעשפּאָלטענע ווענט, שמוץ, וואָס ער האָט קיינמאָל פריער נישט באַמערקט. אַנדערש איז געפאַלן די שיין דורך די טרעפּ-פענסטער. אַנדערש זענען געווען די נומערן אויף די וווינונגען. אַן אויסלענדער, וואָס ער האָט פון אים קיינמאָל נישט געהערט, וווינט קעגנאיבער די ווילּיאַמס. דזשים האָט אַראָפּגעשאַרט פון זיין פריש-געפּרעסטן אָנצוג עטלעכע

*) שפּעקייזי, אַ לאָקאַל, ווו מען פאַרקויפט אומלעגאַל אַלקאָהאָל.

ברעקלעך ברויט, פאַרבליבענע פון עסן, האָט אַ גלעט-געטון די האָר אויף צוריק און האָט אַ דריק-געטון דאָס גלעקל; גאָר אַן אַנדערער קלונג, ווי אין די נידעריקערע שטאָקן.

מערי האָט געעפנט די טיר. מיין גאָט, ווי זי איז אויס-געוואָקסן. זי מוז איצטער אַלט-זיין צוועלף יאָר, אפשר נאָך מער. זי וועט אַמאָל זיין אַ שיין מיידל. גרעסער, ווי די קליינע דזשעני. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט שוין גאַנץ-לאַנג נישט געזען דזשענין. זי מוז איצטער אַלט-זיין וויניקסטנס צוויי-און-צוואָנציק יאָר. זיין האַרץ האָט אָנגעפאַנגען נאַריש צו טיאָכקען. נעם זיך אָקאָרשט אין די הענט, האָט ער זיך אַליין באַפוילן. זיי נישט קיין אייזל. דזשעני איז דאָך נאָר אַ ריינער צופאַל.

„דזשעני איז פאַרוווּנדעט", האָט מערי געזאָגט.

„איך ווייס. דעסי איז דאָ פאַראַן?"

„יאָ, אין דזשעניס צימער. דזשעני האָט געשריגן, איצטער האָט זי אויפגעהערט".

מערי איז דורכן לאַנגן פאָדער-צימער אַריינגעלאָפן אין וווינונג. דערנאָך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, און זי איז לאַנגזאַם אַריין אין קיך. דזשים איז געגאַנגען נאָך איר.

„האַלאָ, הער וויליאַמס", האָט ער געזאָגט.

הער וויליאַמס האָט נישט געענטפערט. ער האָט ביים פענסטער געלייענט אַ צייטונג. ער האָט געהאַט אויסגעטון די שיך, זיינע זאָקן זענען פאַרצערעוועט געווען מיט פאַרשידענע קאָלירן. ער האָט געטראָגן ברילן. קיין ראָק און קראַגן האָט ער אויף זיך נישט געהאַט. זיינע האָר זענען געווען גוט גראָ. ער האָט געזומען אַלט-ווערן.

אויף דער פליטע האָט זיך עטוואָס געקאָכט. די פאָדלאָגע איז געווען שמוציק. דער טיש איז געווען געגרייט צו אָוונט-ברויט. מערי איז געזעסן ביים טיש און געלייענט אַ הומאָריסטישע צייטונג. דזשימען האָט זיך געגלוסט רויכערן, אָבער ער האָט דאָס נישט געוואַגט צו-טון.

אונטן האָט נאָך אַלץ געהילכט דער ראַדיאָ. טאַנץ-מוזיק. אמת גוטע מוזיק, צו אַלדי-רוחות, האָט דזשים געזאָגט צו זיך אַליין. ער וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן אונטער דער מוזיק

צו טאַנצן, זיין פוס האָט זיך געריסן צו באַוועגן זיך צום טאַקט. ער האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט.

ער איז אַריין אין קאָרידאָר, און האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. דעסי האָט געעפנט. אין צימער איז דאָס פענסטער געווען פאַרהאַנגען. דזשים האָט נאָר געקאָנט אונטערשיידן די קאָנטורן פון דעם בעט.

„דזשימי", האָט דעסי געזאָגט, „גיי אין קראָם און ברענג אַ מיטל צו קאָפּ-ווייטיק".

„ווי פילט זי זיך?" האָט דזשים געפרעגט.

„זי האָט קאָפּ-ווייטיק".

מיטלען צו קאָפּ-ווייטיק העלפן נישט, ווען מען קריגט געשלאָגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, האָט דזשים געטראַכט, אַרונטערגייענדיק מיט די טרעפּ. עס מוז פון זיך אַליין אַדורכגיין. האָט וועמען געטראָפן אַ מענטעס גומענער שטעקן, קאָן דאָ קיין דאָקטאָר נישט העלפן.

די פאַסקודנע הינטישע נפשות. גייען-אַרום און מאַקלענען די דורכגייער, פונקט ווי די גאַנצע שטאָט געהערט צו זיי. מען קאָן זיי גאָרנישט טון. מיט אַ מענטש טאָר מען נישט שטרייטן. ער קאָן זיין צעמישט, ער קאָן זיין שיכור, ער מעג אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען,— מיט אים טאָר מען נישט שטרייטן. מאַכט מען נאָר איין פאַלשע באַוועגונג, קריגט מען מיטן גומי-שטעקן איבערן קאָפּ. געשטעלט ווידערשטאַנד אַ באַאַמטן, געשטערט דורכצופירן אַן אַרעסט.

ער איז געוואָרן שרעקלעך אין כּעס. ער וואָלט דעם ערשטן מענטש, וואָס ער טרעפט-אָן מכבד געווען מיט אַ זעץ. זאָלן זיי אים אַרעסטירן, זאָלן זיי מיט אים מאַכן, וואָס זיי ווילן. אַלץ כּדאי. מען מוז זיי דאָך באַווייזן, אַז זיי זענען גאָרנישט אַזוי מעכטיק, אַז זיי קאָנען נישט אַרומגיין און אומבאַשטראָפט מאַכן צייכנם אויף מענטשלעכע לייבער. ביי גאָט, ער וועט אים ממש דורס-זיין. ער וועט אים איבער די קאָפּיטעס דערלאַנגען, וועט אים אויף דער ערד אַנידערוואַרפן, וועט אים די פאַרשאָלטענע אויגן אויסזעצן, מיט די פיס טרעטן.

ער האָט אַלץ פאַרגעסן, איז אַרונטערגעלאָפן צו צוויי טרעפּ אויף אַ מאָל, דורכגעלאָפן דאָס פאָדערהויז, איז אַרויס אויף דער גאַס. קומט אַהער, מענטעס, איך וועל אייך שוין ווייזן.

„וואָס איז די אייליעניש? גיט פונדעסטוועגן אַכטונג, ווי איר גייט".

איך וועל אייך ווייזן, ווי איך גיי. איך וועל אייך ווייזן עטוואָס אַזוינס, וואָס איר האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען. איך וועל אייך ווייזן, ווי אַ מענטש נעמט-איין זיין אייגענע מעדיצין.

ער איז געלאָפן דורך דער גאַס אָן אָפּהאַלט פאַרביי אַ פור מיט שפייז, פאַרביי אַ לאַסט-אויטאָ, פאַרביי אַ קליין מיידל אויף רעדל-גליטשערס, וואָס איז אים געקומען אין וועג. דערנאָך האָט ער פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג און איז געגאַנגען מיט טריט. ווו איז אַ מענטש?

ער האָט איינעם דערזען ביים ראָג נעבן קראָם. גאָרנישט קיין באַזונדערס הויכער. נישט גרעסער פון אים אַליין. ער האָט ביי זיך גאָרנישט קיין גומענעם שטעקן. פּאַרקער-פּאָליציי, האָט דזשים אַ טראַכט-געטון. נו, איך וועל שוין דעם פּאַרקער-פּאָליציאַנט ווייזן.

דער פּאָליציאַנט האָט זיך אַ קער-געטון און אים אָנגעקוקט, ער איז געווען זייער העפלעך. ער האָט זיך מיט דזשימען באַגריסט און אַ ווונק-געטון, דזשים האָט זיך באַגריסט, צוריקגעווונקען און איז אַריין אין קראָם.

„וואָס פאַראַ מיטל ווילט איר?" האָט געפרעגט הער פינקלשטיין. „אין צוויי פּאַפּירן, אָדער אין איין פּאַפּיר? ווילט איר צוערשט אַריינטון אין גלאָז דעם פּראָשעק פונם בלויען פּאַפּיר און דערנאָך פון דעם ראָזן פּאַפּיר, וואָס צוליב דעם הייבט עס אָן צו שפּרודלען, אָדער איר ווילט אַלץ אין איין פּאַפּיר?"

אין אָט דעם אויגנבליק איז אין קראָם אַריינגעקומען אַ פרוי. אין דרויסן איז געווען העל און אינעווייניק טונקל, זי האָט נישט געטראָגן קיין אונטער-ראָק. דאָס איז געווען אַ שיינע פרוי, און מען האָט געקאָנט זען זייער פיל. דזשים האָט זיך באַמיט צו זען פאַרשידנס און זי זאָל דאָס נישט באַמערקן, און האָט געפרוּווט אויך ענטפערן אויף הער פינקלשטיינס פראַגן. די פרוי האָט צו אים געשמייכלט, — זי מוז וווינען דאָ ערגעץ אין שכנות און טראַכטן, אַז זי קען מיך — און ער האָט אויף די פראַגן נישט געקאָנט ענטפערן. זי איז אַוועק צו דער טעלעפאָן-

בודקע, האָט פאַרמאַכט די טיר, אַריינגעוואָרפן דאָס קליינגעלט און האָט ווידער צו אים געשמייכלט. ער וואָלט גערן געוואַרט, ביז זי וועט ענדיקן דעם טעלעפאָן־געשפּרעך.

„אַ פערטל דאָלאַר”, האָט געזאָגט הער פינקלשטיין.

ער האָט אָפּגעצאָלט דעם פערטל דאָלאַר, און האָט זיך עטוואָס דערמאָנט. „גיט מיר דריי”, האָט ער געזאָגט, איינבויגנדיק דעם קאָפּ איבערן געוועלב־טיש גאַנץ נאָענט צו דעם הער פינקלשטיינס אויער. „פּופּציק סענט” האָט הער פינקלשטיין דערקלערט און האָט אים דערלאַנגט אַ קליינעם ברוינעם פּאַקעט. דזשים האָט אים אַריינגעלייגט אין דער וועסטל־קעשענע.

די פרוי האָט דאָס אַוודאי געזען, מחמת דעם האָט ער אַ פאַרשעמטער שנעל פאַרלאָזן די קראָם: „נו, ווי גייט דאָס?” האָט געפרעגט דער פּאָליציאַנט. „ווי געשמירט”, האָט ער געענטפערט.

אָ, יעזוס, האָט ער צו זיך געזאָגט. אָך, פאַרוואָס? וואָס, צום טייוול, איז מיט מיר געשען. פּלוצלינג האָט ער אינגאַנצן פאַרלוירן יעטוועדן חשק עפּעס צו טון. ער וויל היינטיקן אָוונט נישט גיין שפּאַצירן, ער וויל קיינעם נישט זען. ער וויל אַפילו נישט גיין אַהיים. זאָל איר וויי־טון דער קאָפּ, מיך אַרט דאָס נישט. נישט איך האָב איר געמאַכט די וווּנדן. ער וויל נישט זען דעסין, נישט אַפילו די מוטער. און פיליפּן... ווי גאָט איז מיר ליב, זאָל ער נאָר נאָך אַמאָל אַ מויל עפענען, — איך וועל אים די ציין אַרויסזעצן.

ער האָט זיך געפילט זייער טרויעריק און זייער איינזאַם. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער גייט גאָרנישט אַהיים, אַז דאָס איז גאָרנישט זיין היים אָט דאָרטן, מיט אייניקע טירן ווייטער, אַז ער וועט גאָרנישט אַרויפגיין אויף דריי שטיינערנע טרעפּלעך, נישט אַדורכגיין דורך אַ קליינעם פּאָדער־צימער, וווּ עס שטייען איינע אָדער צוויי קינדער־וועגעלעך, אין חלשותדיק טונקעלען טרעפּ־רוים און דערנאָך אַרויף אויף די טרעפּ. גייענדיק אַהיים האָט ער געפילט, אַז ער גייט נישט אַהיים. ער האָט נישט קיין היים, האָט ערגעץ נישט וווּהין צו גיין; און אַזוי איז בעסער. גיין אַזוי פּוסט־און־פּאַס לענג־אויס דער גאַס, אָן קיין שום ציל, תמיד בראָדזשען דורך דער גאַס, קיינמאָל נישט מיד, קיינמאָל

נישט ווּצגעריק. שטענדיק וועט מוזן זיין אַן ענגע שמאָלע גאַס, מיט שוי-פענסטער דאָ-און-דאָרט, און ער וועט זיי קאָנען באַטראַכטן.

עס איז דורכגעפלויגן פאַרביי אים אַ פּילקע, געוואָרפן פון איין קינד צו אַן אַנדערן; ער האָט מעכאַניש זי געכאַפּט, האָט אויסגעצויגן אַ האַנט אויף הינטן און געגעבן אַ שטאַרקן וואָרף. ער איז אָבער באַלד געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט — איך האָב אַ פריש-געפּרעסטן אָנצוג; און דזשעני ליגט אויפן אויבערשטען שטאָק מיט קאָפּ-ווייטיק; הײַנט אינאָוונט וועל איך שפּאַצירן אויפן בראָדוויי מיט אַ רייצנדיק קליין מיידל, און עטוואָס וועט געשען, איידער דער אָוונט וועט אַוועק — ער האָט אויפגעהערט נאָכצופּאָלגן מיט זיין בליק די פּילקע, איז אַוועק ווייטער, אָן חשק, זיינע פיס האָבן נישט געגלוסט גיין, און ער האָט זיי געצווּונגען.

אויף אַ גאַניק איז געזעסן אַ קינד און געגעסן אַ גרויסן פּוטערשניט; דער איטאַליענער אייז-קרעם-פאַרקויפער האָט גערעדט מיטן איטאַליענער באַנאַנען-הענדלער; דזשאָע פון פּאַפּיר-געשעפט האָט נאָך אַלץ געפלוידערט מיט די יונגעלייט, וואָס דזשים קאָן זיי נישט ליידן, — גייען זיי גאָר קיינמאָל נישט אַהיים? — ער האָט באַמערקט דזשימען און געזאָגט: „האַלאָ, קאָוואַן". דזשים האָט געענטפערט: „האַלאָ, דזשאָע", און איז צופרידן געווען, וואָס עמיצער האָט מיט אים גערעדט, אויף די יונגעלייט האָט ער זיך אַפילו נישט אומגעקוקט; ווייטער אַ קליין מיידל אויף רעדל-גליטשערס — אויך ער איז אַמאָל געלאָפן אויף רעדל-גליטשערס, און דערנאָך האָט אים דער אַלטער געקויפט אַ ראָווער —; אַ לאָך אין טראָטואַר; אַ גרויסע שמוציקע שוואַרץ-ווייסע רינשטאָק-קאַץ גראַבלט זיך אין אַן עמער מיסט: „ששש, קעצל, קטי, קטי, קטי"; נאָך אַ קאַץ נישט אַזוי גרויס מיט אַן אויסגעבויגענעם עק; אין דעם נאָענטסטן בלאָק איז דורכגעפאָרן די הויכבאַן; אַ גאַנץ קליין קינד האָט געשריגן, די מוטער מיט אַ פינף שריט פאָרויס, האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי וויל עס איבערלאָזן, ווייל עס גייט נישט גיכער; נאָך צוויי הייזער. די כשרע יאַטקע, דער קצב אין פאַרבלוטיקטן שירץ איז געזעסן אין דרויסן מיט זיין פרוי און קינדער, דער קצב און זיין פרוי

זענען געזעסן אויף קאַסטנס, די קינדער אויפן טראָטואַר; ווייטער, טרעפ: איינס, צוויי, דריי; פרוי אָבערוואַגער מיט איר בייבי. „האַלאָ, פרוי אָבערוואַגער"; פרוי אָבערוואַגער איז אַזוי פאַרנומען געווען מיט איר בייבי, אַז זי האָט נישט געענטפערט; „גייט צום טייוול, פרוי אָבערוואַגער".

אין פאָדערהויז האָט ער געטראָפן מערין, וואָס איז געלאָפן אויף דער גאַס.

„נעם, מערי", האָט ער געזאָגט. „טראָג דאָס אַוועק דזשענין".

ער האָט איר דערלאַנגט די פּראָשקעס און האָט איר געגעבן אַ פערטל דאָלאַר; מערי האָט זיך אַ בויג-געטון און איז ווידער אַוועקגעלאָפן אַרויף די טרעפ.

דזשים איז לאַנגזאַם געגאַנגען הינטער איר דורכן פאָדערהויז; עס האָט געעיפּושט מיט מיסט און וואָס נעענטער צו דער טרעפ-פאָרענטשע איז געוואָרן אַלץ טונקעלער. ער האָט זיך פאַרקערט אויף רעכטס און גענומען גיין אַרויף. דאָס קאָרידאָרפענסטער איז געווען פון פאַרשידנפאַרביקן גלאָז, שמוציק און פאַרוויכערט. די טרעפ האָבן זיך קוים אָנגעזען. איין טרעפ איז געווען צעבראָכן. אַ בויג פון די טרעפ און — ווייטער שטייגן. ערשטער שטאָק. לינקס וווינט פרוי מאַיראָוויטש, און רעכטס הער נאָלאַן, און פרוי נאָלאַנס ראַדיאָ ליאַרמט דאָס דעם גאַנצן טאָג. איצטער, זומער, ווען די פענסטער זענען אָפן, הערט מען די מוזיק און די מעלדונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען כאַפּט זיך אויף, ווי מען מיינט, אין זייער אַ שפּעטער שעה און מען פאַרנעמט: „אַרויסשיקער זונדסאָ. עס איז צוויי אַזייגער. אַ גוטע נאַכט, אייך אַלעמען". שלאָפט דען פרוי נאָלאַן קיינמאָל נישט? דאָס פאָדערהויז פון צווייטן שטאָק, עטלעכע טרעפלעך, און דאַן דער צווייטער שטאָק. די וווינונג לינקס איז געשטאַנען ליידיק. אויפן אָרט פון זיכערהייטס-שלאָס איז אין טיר געווען אַ לאָך, און אין אים האָט געשטעקט אַ שטיק פאַפּיר. רעכטס וווינט... ווער? ער קען דידאָזיקע מענטשן נישט. און דאַן, אַרויפלויפנדיק שנעל אויף די טרעפ, — דער קאָרידאָר פונם דריטן שטאָק. דאָ וווינט פרוי מאַרטאַ קאָוואַן. איר זון: מיסטער דזשעמס קאָוואַן, און איר טאָכטער: פריילין דעסי פאַטריציאַ קאָוואַן. עפענען די טיר. „האַלאָ, מאַ. גאָט צו דאַנקען, פיליפ איז נישטאָ".

„ער האָט געזאָגט, ער וועט שפּעטער ווידערקומען״. „שפּעטער וועל איך שוין נישט זיין״. גאָט צו דאַנקען.

עס איז געווען פאַר זיבן. דזשים האָט אויסגעטון דעם ראָק, אויפגעהאָנגען אים איבער אַ שטול. האָט גענומען פון דער קאַנאַפּע אַ קישן, אַוועקגעלייגט עס אויפן וויג-שטול און עס-צימער, און ער האָט זיך אין אים אויסגעצויגן מיט אַ צייטונג אין דער האַנט. ער האָט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס, אַ וואָרף-געטון דאָס פּאַרלאָשענע שוועבעלע אונטערן וויג-שטול, און האָט אָנגעהויבן לייענען. אָבער די צייטונג איז פול געווען מיט סאַקאָ און וואַנזעטי, דעריבער האָט ער זי געלאָזט פאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און גענומען קוקן פאַר זיך.

איינציקע אויגנבליקן האָט ער וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט, דערנאָך האָט זיך זיין אויג פאַרהאַלטן אויף אייזשעגס בילד, וואָס איז געהאָנגען איבער אים אויף דער וואַנט. לינקס דערפון איז געווען אייזשעגס לעצטער בריוו פון פראַנקרייך; רעכטס דער מוטערס שוואַרצע טרויער-בינדע מיטן גאָלדענעם שטערן; און אין מיטן איבער אַ קליינער זיידענער אַמעריקאַנישער פאָן, אַ פאַרגרעסערטע מאָמענטאַל-אויפנאַמע פון אייזשעגען אין דעם מיליטערישן איבונגס-לאַגער. אייזשעגס שטריכן האָט מען נאָך גראָד געקאָנט אונטערשיידן. דאָס בילד איז געווען אויף גרויען קאַרטאָן און איינגעפאַסט אין אַ ראַמל אונטער גלאָז.

ער האָט אין ווערדען נישט געהאַט וואָס צו זוכן, דאָס זאָגן אַלע, ווען דזשים דערציילט פון אייזשעגס טויט. די אַמעריקאַנער האָבן מיט ווערדען גאָרנישט געהאַט צו טון. אָבער אייזשען איז פּונקט דאָרטן דערהרגעט געוואָרן. דאָס האָבן זיי זיך דערוווּסט דירעקט פון קריגס-מיניסטעריום. געפאַלן אין שלאַכט ביי ווערדען. מענטשן האָבן געריידט זיך מיט דזשימען. וואָס האָט אייער ברודער געזוכט ביי ווערדען? ער איז מסתּמא באַכגעלאָפן אַ פרוי, בעת מען האָט אים דערשאָסן. כּל-זמן דזשים איז געווען קליין, האָט מען געקאָנט זיך מיט אים רייצן, שפּעטער אָבער פלעגט ער פאַרן רייצן זיך אַזוי אָנבויקערן די ביינער, אַז די אָפּשפּעטער פלעגן מוזן האַלטן ס׳מויל. אייזשען איז אין ווערדען געפאַלן, און אַ סוף מיט אַן עק.

אייזשען איז פיל מאָל געשטאַנען פאַרן געריכט. איין מאָל

פאַר אַ ריכטער פון מינדעריאָריקע, ווייל ער האָט עפּעס איין אָוונט בעת וואַלן אויסגעהאַקט שויבן, דערנאָך, פּיל שפּעטער, דערפאַר, וואָס ער האָט אַ מיידל אומגליקלעך-געמאַכט. דאָס מיידל איז געווען אַ קליינע צויג, צוטריטלעך פאַר יעדן בחור, וואָס האָט דאָס פון איר פאַרלאַנגט; אָבער דעמאָלסט האָט דער אַלטער געהאַט אַ גוטע שטעלע, און דאָס מיידל האָט געטראַכט, אַז אויב איר וועט געלינגען אַריינצוכאַפּן אייזשענען, וועט זי זיין פאַרזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן. דער ריכטער האָט געזאָגט: „אָדער איר וועט חתונה-האָבן מיט דעם מיידל, אָדער איר וועט גיין אין אויסבעסערונגס-הויז”. דער אַלטער האָט געהאַלטן: „גיי בעסער אין אויסבעסערונגס-אַנשטאַלט. איך וועל דאָס מיידל צו מיר אויף דער שוועל נישט אַרייפלאָזן”. און אַזוי איז אייזשען פאַראורטיילט געוואָרן אויף צו זיין ביז איין-און-צוואַנציק יאָר אין אַן אויסבעסערונגס-אַנשטאַלט, אָבער מען האָט אַ צי-געטון אייניקע שטריקלעך, און אייזשענען האָט מען באַפרייט בתנאי. די קליינע צויג האָט מען שטאַרק אָנגעשראָקן, און זי האָט געשוויגן.

אייזשען האָט זיך שטענדיק געחברט מיטן טייוול. ער האָט זיך געשלאָגן מיט אַ מענטש און געקראָגן צעפּאַסעוועט, איז געווען אַרעסטירט און באַשטראָפט מיט צען דאָלאַר. ער האָט שטענדיק געהאַט ביי זיך אַ מאַסע געלט, און דער אַלטער האָט אים געקאָנט קאַטעווען אַ שעה נאָכאַנאַנד, פלעגט ער קיינמאָל נישט אויסזאָגן, פון וואַנען ער האָט גענומען דאָס געלט. די מוטער האָט אייזשענען ליב-געהאַט, אָבער אויך זי האָט זיך נישט געקאָנט מיט אים געבן אַן עצה. ער פלעגט איר כסדר ברענגען מתנות, איינמאָל אַ האַנט-זייגערל און איינמאָל אַ שילדקרעט-קאַם, און ווידער איינמאָל האָט ער איר צוגעזאָגט פעלץ אויף אַ מאַנטל. אָבער זי האָט נישט געוווּסט, פון וואָס פאַראַ קוועלע דאָס אַלץ שטאַמט, און האָט נישט געוואָלט נעמען. אייזשען פלעגט דעמאָלסט אָפּט אַוועקגיין און קומען אַהיים אַ שיכורער און סקאַנדאַלעווען. דזשים געדענקט נאָך, וואָס פאַראַ ווילדע קולות ער פלעגט מאַכן. דערנאָך איז אייזשען געוואָרן שטאַרקער, און ער האָט גענומען שלאָגן דעם אַלטן, אַזוי אַז דער אַלטער איז געצוווּנגען געווען אַרויסצוטרייבן אים פון שטוב מיט פּאָליציי. אייזשען איז מער נישט געקומען

אַהיים, אָבער די מוטער פּלעגט בשתיקה פון צייט-צו-צייט אים באַזוכן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, איז אייזשען געווען אין מיליטער. מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין פראַנקרייך, און ער האָט געשריבן אַהיים צו דער מוטער לאַנגע בריוו. זי האָט פאַר אים געשטריקט זאַכן און געשיקט אים געלט. און דער-נאָך איז געקומען די ידיעה, אַז ער איז ביי ווערדען געפאַלן.

עס איז אויסגעבראָכן די גריפּע-עפּידעמיע, דער אַלטער האָט געקראָגן די גריפּע און דערנאָך אַ לונגען-אָנטצינדונג, און איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. אַ לאַנגע צייט איז געווען שרעקלעך שווער אויסצוקומען. די מוטער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן נישט וואַרפן די שול, און דזשים איז צוויי יאָר געווען אין דער הויכשול און דערנאָך האָט ער געקראָגן אַרבעט; דאָסזעלבע איז געווען מיט דעסין.

איצטער וועט דעסי התונה-האָבן און אַוועקגיין. זי זאָגט-צו, פאַרשטייט זיך, צו זאָרגן פאַר דער מוטער, אָבער פיליפּ וויל, אַז זי זאָל נישט אַרבעטן, און פיליפּ אַליין פאַרדינט אויך נישט קיין סך. עס וועט זיי איבערבלייבן נאָר די קליינע פאַרזיכערונגס-סומע פון דער ברודערשאַפט און דאָס, וואָס דזשים ברענגט אַהיים. געוויס לייגט די מוטער אָן מיט איר געזונט, אַז זיי זאָלן קאָנען אויסקומען. און ער, דזשים, ברענגט נישט אַריין קיין צורת-מטבע. היינט האָט ער זיין געהאַלט באַקומען. ער האָט אין קעשענע כמעט גאַנצע פינף-און-צוואָנציק דאָלאַר, און ער האָט די חוצפה צו זאָגן דער מוטער, אַז ער האָט נישט מער ווי פאַר זיך אויף דאָס נויטיקסטע. צו אַלדי שוואַרץ-יאָר, שוין איין מאָל אַ געטראָטענער בענאָקל, גיט-אויס אַלץ, וואָס ער האָט אויף יעדע הור, וואָס גייט מיט, און די מוטער איז ער גרייט צו באַ-שווינדלען פאַר יעדן סענט.

געמיינער זשוליק. פאַסקודנע קליינע לויז. ער האָט אָנגע-הויבן צו דערמאָנען זיך און אָנווענדן אויף זיך די ערגסטע און שמוציקסטע זידל-ווערטער; ער האָט צונויפגעביילט די האַנט אין אַ פויסט, האָט זי פעסט צונויפגעדריקט און האָט מיט אַלע כוחות גענומען שלאָגן מיט דער פויסט אָן דער האָלץ-ראַם פון דער וויג-שטול. עס האָט נאָר לייכט וויי-געטון. דעמאָלסט האָט ער אַ זעץ-געטון אָן דעם האָלץ די געלענקען פון די פינגער-ביינדלעך,

און האָט אַזש אַ געשריי-געטון פון ווייטיק. איין ביינדל האָט געבּלוטיקט, פון צווייטן איז געווען אַראָפּגעריסן די הויט. ער איז צוריקגעקומען צו די קלאָרע געדאַנקען. ער האָט אַרויסגענומען די בּאַנקנאָטן פון קעשענע, האָט אַראָפּגענומען אַ צען-דאָלאַר-שיין און אַ רוף-געטון: „מאַ!"

ער האָט דערהערט זי אָנקומען פון דער קיך. איך בּין משוגע, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. ער האָט בּאַטראַכט זיין פויסט: זי איז געווען בּלוי און ווי אָפּגעהלשט. צוליב וואָס האָב איך דאָס געטון? האָט ער זיך געפרעגט. די מוטער האָט זיך בּאַוויזן אין טיר. ער האָט נישט אויפגעהויבּן די אויגן און אַ זאָג-געטון:

„נעם אָט דאָס", און האָט איר דערלאַנגט דעם בּאַנקנאָט; און ער איז גלייך אַריין אין קיך און אונטערגעשטעלט די האַנט אונטער אַ שטראָם קאַלט וואַסער.

„דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט זיך אָן דעם נישט קאָנען בּאַגיין", האָט אים דערמאָנט די מוטער.

„זאָרג נישט", האָט ער געענטפערט, „נעם דאָס אָקאָרשט".

איין רגע איז בּיי אים געווען אַ מחשבה: איך וועל היינט אינאָוונט נישט אַרויסגיין. איך וועל בּלייבּן אינדערהיים. בּעת ער האָט דאָס געטראַכט, איז ער געווען צופרידן מיט זיין אייגענער טוגנט. אָבּער ער האָט אין דעם נישט געגלויבּט. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט גיין. פונדעסטוועגן האָט אים שטאַרק הנאה-געטון מיטן צענדאָלאַרדיקן. אַ טייוול זאָל בּעמען זיין האַנט. זאָל זי טאַקע וויי-טון. דאָס וועט פאַר אים זיין אַן אָנלערנונג.

אים האָט זיך געוואָלט, עס זאָל שוין זיין האַלבּ אַכט, און ער זאָל קאָנען גיין. די לעצטע פופצן מינוט, האָט זיך אים געדוכט, ציען זיך ווי אַן אייבּיקייט. ער איז געזעסן. אויף עפּעס פון די קיך-מכשירים, האָט געגלעט די הענט, האָט בּאַמיט זיך נישט צו לאָזן בּאַמערקן דער מוטער, אַז ער האָט זיך צעקאָלעטשעט. ער האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און געצויגן אָן אויפהער. ער איז צוליב עפּעס געווען אויפגערעגט, און האָט נישט געוווּסט, צוליב וואָס.

ער האָט ווי בּגניבה זיך צוגעקוקט צו דער מוטער. זי איז געזעסן בּיים צווייטן עק טיש, נעבּן דעם פענסטער. דאָס

ליכט האָט געשימערט דורך אירע האָר. ער האָט לאַנג פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן. זייט פיל יאָרן זעט ער זי איצטער צום ערשטן מאָל ווי געהעריק. זי ווערט אַלט. זי מוז שוין זיין קרוב צו זעכציק, זאָגט ער צו זיך.

עס האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון אַ פּאָפּולער ליד:
מאַמי, האָט ער געהערט, מאַמי. גענוג שוין, האָט ער געטראַכט. לאָז צורו. די זון, זי שיינט אין מזרח. די זון, זי שיינט אין מעריב. הער אָבער אויף, האָט ער געטראַכט.

אָלרייט, מאַ, איך וועל פאַר דיר זאָרגן.

די פאַרפלוכטער נאַר, האָט ער זיך אַליין געשטראָפט, מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דו זעסט זי צום ערשטן מאָל.

אָלרייט, איך וועל פאַר דיר זאָרגן.

די מוטער האָט אָפּגעזיפצט.

אַז מיר גלוסט זיך וויינען, האָט ער געטראַכט, וועל איך וויינען, ווער קאָן מיר אין דעם שטערן?

דו ביסט אַ ליגנער. דו ביסט נאָר לייכט אויף טרערן. מאָרגן וועסטו אַ פּרוּי אויסגעפינען און וועסט פאַרטאַכלעווען דיין לעצטן סענט. ניין, דו וועסט דאָס היינט אינאָוונט טון. אויף וואָסער שוואַרץ יאָר דאַרפסטו מיט אָט דער העלען גיין? זי געפעלט דיר דאָך גאָרנישט. דו האָסט איר נאָר סתם אַזוי געדולט אַ קאָפּ. ביסט צו איר צוגעשטאַנען, ביז זי האָט דיר באַשטימט אַ ראַנדעוו. וואָס האָט דאָס אַלץ פאַר אַ זינען?

אויב מיר וועט דאָס זיין ליב, וועל איך יעדן אָוונט גיין שפּאַצירן. איך וועל יעדן סענט, וואָס איך פאַרדין, אויסגעבן. איך וועל פון שטוב אַוועק. אַ באַזונדער צימער זיך דינגען. איך וועל ניו-יאָרק פאַרלאָזן און אַ שטעלע קריגן. איך וועל אָנדינגען זיך אויף אַ שיף און פאָרן קיין אייראָפּע. איך וועל איבער דער גאַנצער וועלט אַרומוואַנדערן.

פאַרן טייוול וועסטו דאָס טון. אויב דו ביסט אַ מבין אויף דעם, וואָס פאַר דיר איז גוט, וועסטו אינדערהיים בלייבן. ביסט דאָך נישט פעיק צען סענט אין דער וואָך אָפּצושפּאָרן. קאָנסט נאָר באַשווינדלען די מוטער וועגן די קאָסטן פון דיין אויפהאַלט. גייסטו נאָר ענדגילטיק אַוועק פון שטוב, וועסטו אין דער ערשטער וואָך אָנשפּאַרן אין אַ שפּיטאָל.

האַלט דאָס מויל, זאָגט ער זיך. אַ בייזער יאָר אויף דיר, הער-אויף צו טראַכטן, אָדער... ער האָט צונויפגעביילט די צווייטע האַנט אין אַ פויסט און געוואָלט אַ זעץ-טון מיט איר אָן דעם טיש. ער האָט ווידער אַ קוק-געטון אויף דער מוטער. פאַרוואָס, צום טייוול, זאָגט זי גאָרנישט?

„פאַרוואָס זוימט זיך דעסי אַזוי לאַנג?” פרעגט די מוטער.

וואָס פעלט מיר? טראַכט ער. וואָס קומט מיט מיר פאָר? ווי נאָט איז מיר ליב, איך ווייס נישט וואָס מיט מיר געשעט. פאַרוואָס איז אַלץ אַזוי מאָדנע? וואָס וועל איך טון?

„איך גיי שוין”, האָט ער געזאָגט.

„וועסט קומען פרי אַהיים, דזשימי?” האָט געפרעגט די מוטער.

ער האָט געוואָלט אַ געשריי-טון: ניין, איך גיי-אַוועק אויף אַ גאַנצע נאַכט. איך וועל שוין קיינמאָל מער אַהיים נישט קומען. איך האָב נישט קיין היים. איך ווער משוגע, האָט ער געטראַכט.

„יאָ, איך וועל פרי קומען אַהיים”.

ער האָט אַ קוש-געטון די מוטער. זי האָט אים אַרומגענומען און געקושט. אים איז שרעקלעך שווער געווען אויפן האַרצן. אַ רגע האָט זי אים פעסט געהאַלטן. ער האָט אַראָפּגענומען פון זיך אירע אָרעמס. ער איז אַריין אין עס-צימער, אַראָפּגענומען דעם ראָק פון שטול און אָנגעטון; אַריין צו זיך אין צימער, גענומען דעם הוט; עס האָט זיך אים געגלוסט אַ קוק-טון אין שפּיגל, און אים האָט פאַרדראָסן, הלמאי ער האָט אַזאַ באַגער, פונדעסטוועגן האָט ער אַ קוק-געטון. פאַריכט דעם שניפּס, איז אַריין אין פאָדער-צימער, געזאָגט: „אויף ווידערזען, מאַ”, און איז אַרויס דורך דער טיר.

דעסי איז אין דערזעלבער צייט אָנגעקומען פון אויבן.

גיי צום טייוול, האָט ער געטראַכט.

## .III

# די הויכבאַן.

ער איז געזעסן פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס; אויף איין סטאַציע האָט אַן אַריינשטייגנדיקער מאַן זיך אָנגעשטויסן אָן זיינע אויסגעשטרעקטע פיס, און, אָנשטאָט אַרומצוגיין זיי, איז ער געבליבן שטיין, און ווידער אָנגעשטויסן זיך אָן די פיס; ער האָט געהאַט דערביי אַ בייזע מינע, ווי ער וואָלט געזאָגט: איר האָט קיין שום רעכט נישט אויסצושטרעקן די פיס. איך וויל זיי נישט האָבן אויף מיין וועג. דזשים איז געזעסן זייער שטיל, האָט געקוקט אויף דעם מאַן; זיין האַנט אין קעשענע האָט זיך צונויפגעבײלט אין אַ פויסט; זיין באַקן איז געוואָרן שטייף.

אַזוי, איר מיינט דאָס באמת? איר ווילט זיי נישט האָבן אויף אייער וועג? איך בין אַ בעלן צו זען, ווי איר וועט זיי אָפּשטופּן. די פויסט געבײלט, די אויגן אויסגעגלאָצט אויף דעם מאַן, אין די ברעמען אַ געפיל, ווי זיי וואָלטן זיך געטרייסלט. וואָלט איך היינט אינאָוונט נישט געהאַט צו באַגעגענען דאָס מיידל, מיין הער, און צוליב דעם נישט געוואָלט אויסמיידן אַ סקאַנדאַל, וואָלט איך אייך שוין באַוויזן.

דער מאַן איז אַ רגע געשטאַנען, דערנאָך איז ער אַריבער איבער דזשימס פיס און איז אַוועק אין צווייטן עק פון דעם קופּע. „שוין איינמאָל אַ חברה-מאַן", האָט געזאָגט אַ בחור, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער מיט צייטונגען אונטערן אָרעם, און ער האָט אַ ווונק-געטון צו דזשימען. דזשים האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

אין ווינקל, נאָענט פון דער טיר איז געזעסן אַ שיין מיידל; אָבער איר אויסזען האָט געקאָנט דערוועקן דעם פאַרדאַכט, אַז אין אירע אָדערן פליסט נעגער-בלוט; דזשים וואָלט גערן געבליקט צו איר, אָבער אפשר איז זי טאַקע אַ שוואַרצע, און ער האָט דאָס נישט געוואָלט צו-טון. דאָ איז אויך געווען אַן אַלטע יידענע, וואָס פלעגט אַלע ווײַלע אויפשטיין, און פרעגן, צי איז דאָס שוין נישט איר סטאַציע. זי האָט איין מאָל געפרעגט אויך ביי דזשימען, נאָר ער האָט נישט געענטפערט. און אַ שוואַרצער יונג, וואָס איז מסתמא אַ באָקסער, ווייל ער האָט זייער ליב זיינע

הענט. ער איז געזעסן און געשפּילט זיך מיט זיי, און געריבן די בייגער פון איין האַנט אָן דער האַנט-פלאַך פון דער צווייטער, דערנאָך געקוקט אויף די הענט און געשמייכלט. צווײ האָבן גערעדט איטאַליעניש און פון צייט-צו-צייט פלעגן זיי געברויכן דאָס ענגלישע „אָלרייט". מען האָט געהערט, ווי עס האָט געליאַרעמט דער צוג, ווי אויף די סטאַנציעס האָבן געבריאַזגעט די טויערן און ווי עס האָבן געקלאַפּט די לאַסט-אויטאָס אונטן אויפן אַספאַלט.

דאָס פענסטער הינטער דזשימס קאָפּ איז געווען אָפן, און עס האָט געבלאָזן אַ לייכט ווינטל. ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט, האָט זיך קודם-כל אומגעקוקט, צי נאָך ווער זיצט אָן אַ הוט, האָט זיך געפרעגט, וואָס וועט מען וועגן אים טראַכטן, אויב ער וועט זיצן אָן אַ הוט — אפשר וועט מען מיינען, אַז איך בין אַן אויסלענדער — אָבער ער פייפט אויף דעם, און האָט דעם הוט אַראָפּגענומען. ער האָט מיט אַ געביילטער פויסט געזוכט, טאָמער וועט ער דערזען אַ פּנים, וואָס קוקט אויף אים מיט חוזק; דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעקערט און געקוקט אין פענסטער.

אַ ליאַלקעס-קליניק. אַ שמוציקע ווייסע שילד מיט אַ רויטן קרייץ. פּראַקן און אָוונט-טואַלעטן אויף אויסצובאָרגן: צווײ ליאַלקעס, איינע אין אַ סמאָקינג, די צווייטע אין אַ ווייס כּלה-קלייד. איבער אַ טונקעלער קנייפּע אַ האָטעל פאַר מענער: שמוציקע פענסטער-פאָרהאַנגען, אַראָפּגעלאָזענע גאַרדינען; אין דעם אָפענעם פענסטער פון איינעם אַ צימער איז געזעסן אַ מאַן, די נאַקעטע פיס אויפן פענסטער-ברעט און געלייענט אַ צייטונג. אין אויבערשטן שטאָק אַ ביליאַרד-זאַל, גרין באַשאָטנטע לאָמפּן איבער די ביליאַרד-טישן; יונגעלייט אָן רעק מיט ביליאַרד-שטעקנס אין דער האַנט. פאָטאָגראַפיעס: נאַקעטע בייביס שפּילן זיך מיט די פינגער פון די פיס; אַ חתונה-געזעלשאַפט. אַ צווייטער האָטעל פאַר מענער. אַז מען איז באַקאַנט מיטן פּאָרטיע, איז אפשר מעגלעך צו קומען מיט אַ פרוי. און דערנאָך אַ סטאַנציע.

אפשר וועט זי אינגאַנצן נישט קומען, אפשר האָט זי סתם אַזוי, בכדי צו אָפּטשעפּן זיך פון אים, געזאָגט: „זאָל זיין אַזוי,

איך וועל אייך טרעפן מאָנטיק אינאָוונט". ער האָט זי דעם לעצטן פרייטיק געפרעגט: „איז וואָס וועט זיין, איר וועט מיט מיר גיין שפּאַצירן אָדער נישט?" זי האָט געענטפערט: „אדרבא, אויב איר ווילט נאָר". און ער האָט געפרעגט: „היינט אינאָוונט?" ביין, נישט היינט אין אָוונט. היינט אינאָוונט בין איך פאַרנומען. און מאָרגן באַזוך איך מיין פאַרהייראַטע שוועסטער. און זונטיק דאַרף איך עפּעס דערליידיקן". און ער האָט אָנגערופן מאָנטיק, איבערצייגט, אַז זי וועט זיך אויף דעם אָוונט ברענגען עפּעס אַ תירוץ. זי האָט אָבער געענטפערט: „געוויס, גיי איך מיט אייך".

נו, אויב זי וועט נישט קומען, וועט ער איבערגיין פּרייש-טיקן אין אַן אַנדערער קאַוויאַרנע. ער וועט נישט דערלאָזן, אַז אַ קעלנערין זאָל אים מאַכן צום נאַר, זי זאָל קאָנען באַרימען זיך, אַז זי האָט אים געלאָזט זיצן. אַזאַ מיידל בין איך. אַלע וואַרטן אויף מיר, און איך לאָז זיי וואַרטן.

צו וואָסער טייוול, וויבאַלד אַזוי, דאָס גיין טרעפן זיך? פאַרוואָס נישט בעסער זי לאָזן זיצן, און מאָרגן אין דער קאַוויאַרניע טרייַומפירן, קומען און שפּאָטן: אַזוי, איר האָט אויף מיר געוואַרט? עס איז עפּעס גוט געווען צו וואַרטן?

ער האָט געשמייכלט. דאָ אָבער האָט ער זי דערזען הינטער דעם בופעט, די ברוסט-נאָפּלען זעען זיך אַדורך דורך דער דינער זיידענער בלוזע, ברוסט-נאָפּלען, וואָס באַוועגן זיך, בעת זי באַוועגט זיך, און צייכענען ליניעס אויפן זייד. ער דער-מאָנט זיך אָן דעם, ווי ער פּלעגט ווענן איר טראַכטן אין דער ווינדע פאָרנדיק עסן פרישטיק, דעמאָלסט, ווען זי האָט ערשט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער קאַוויאַרניע; ווי ער פּלעגט זיך פרעגן, צי וועט זי אויף אים קוקן, שמייכלען צו אים; ווי ער האָט באַשטעלט נאָך אַ שטיק טאָרט, נאָך אַ גלאָז קאַווע, וואָס ער האָט נאָרנישט געוואָלט, און האָט איר געגעבן טרינק-געלט פופצן סענט אָדער גאָר אַ פערטל דאָלאַר, אָנשטאָט די צען סענט, וואָס ער גיט געוויינלעך. ער איז אויף אַלץ געווען גרייט, נאָר צו געווינען איר אויפמערקזאַמקייט. לכתחילה איז זי געווען שטיל, האָט אויסגעזען צוריקגעהאַלטן, האָט קיינמאָל נישט געשמייכלט, און עס האָט אויסגעזען, אַז איר נייע שטעלע, ביים גריך,

פֿאַרשאַפֿט איז אַנגסט. דערנאָך אָבער, אין פֿיל טעג אַרום, האָט זי דערוואָרבן באַקאַנטע, איז געוואָרן אויפֿגעטראָגן מיט די געסט, וואָס קומען פֿרישטיקן, — און זאָגט צו דעם האַלאָ, צו אַן אַנדערן שמייכלט זי. זי האָט אַפֿילו אָנגעהויבן צוצוציִען אייגענע געסט, אָנגעשטעלטע, וואָס ווילן דווקא דורך איר באַדינט ווערן, און זי האָט בײַ זיי דעם פֿאָרצוג לגבי אַלע אַנדערע. אויף איר זײַט שטופּט זיך שטענדיק אַ גרויסער עולם, און מען פֿלוידערט מיט איר, מען שפּאַסט מיט איר, און זי ענטפֿערט דעם מיט אַ געלעכטער, אַן אַנדערן מיט אַ ווונק, און אַ דריטן זאָגט זי: „הערט־אויף, איך בעט אײַך".

עס האָט געדויערט אַ צײַט, ביז זי האָט דזשימען געענטפֿערט. צוערשט איז ער איר נישט געפֿעלן געווען. פֿלעגט ער פֿרעגן: וואָס פֿאַר אַ אָנגעפּילטע געבעקס איז דאָ?", פֿלעגט זי אָנווײַזן אויפֿן צעטל, וואָס הענגט אויף דער שויב. און ווען דיזעלבע פֿראַגע שטעלט עמיצער, וואָס געפֿעלט איר, שמייכלט זי און ענטפֿערט. אָבער דזשים האָט געמוזט באַנוגענען זיך מיט אָט די פּאָר ווערטער, און זי פֿלעגט שטום אָננעמען זײַן באַשטעלונג, דערלאַנגען אים, ברענגען די רעכענונג, נעמען טרינק־געלט און נישט אַרויס־רעדן קיין וואָרט. ער האָט געטראַכט בײַ זיך: וואַרט, איך וועל דיך נאָך אַרײַנקריגן, — און איז געווען זייער איידל, זייער רעספּעקטפֿול, האָט קיינמאָל נישט געפּרוווט זי אָנצורירן, און אויך אויף די ברוסט־נאָפּלען האָט ער געקוקט נאָר דאַן, ווען זי איז געווען באַשעפֿטיקט בײַם בופֿעט און האָט דאָס נישט געקאָנט באַמערקן.

דערנאָך האָט זי איין מאָל געזאָגט צו אים: „האַלאָ, וואָס ווילט איר האָבן", און אַז זי האָט געקראָגן דעם פֿערטל־דאָלאַר: „אַ דאַנק, אויף ווידערזען מאָרגן". און זײַט דעמאָלסט פֿלוידערן זיי שטענדיק. זי דערציילט אים פֿון דעם שטאַמלענדיקן יונגן בחור, וואָס עסט־אויף אויף פֿרישטיק דריי ציטרין־טערטלעך, פֿון דעם חוצפּהדיקן חברה־מאַן, וואָס איז צו איר צוגעשטאַנען אין דער אונטערערד־באַן, ווי אַזוי זי האָט אים איבערגעגעבן אַ פּאָליציאַנט, און דערנאָך האָט זי נישט געוואָלט גיין אין געריכטס־זאַל. זי דערציילט וועגן איר פֿרײַנדין, ווי נאַריש זי איז. זי שמייכלט, ווען נאָר זי קוקט אויף אים. זי זאָגט: „עסט

בעסער היינט אַ געפּעפּערטן קעז, די נעמישטע שפּייזן זענען פאַרבליבענע פון נעכטן" זיין קאַווע איז שטענדיק הייס, און אויף זיין קוכן איז אַלע מאָל מער קרעם, איידער עס דאַרף זיין. און איינמאָל האָט זי אים אַפילו געזאָגט: „איר דאַרפט נישט געבן מיר יעדעס מאָל אַ פערטל דאָלאַר".

אָבער זי האָט אַלץ נישט געוואָלט גיין מיט אים. זי זאָגט נישט ניין, און ווען ער וויל מיט איר אָפּרעדן צו טרעפן זיך, זאָגט זי „אדרבא", און בעת ער פרעגט „היינט אינאָוונט?" קומט שטענדיק דער ענטפער: „ניין, היינט אינאָוונט בין איך פאַרנומען". ניין, זי האָט נישט קיין פריינט. היי-יאָר נישט. זי האָט פריער צוויי יאָר צייט איינעם געהאַט, אָבער איר איז נישט ניחא-געווען דאָס לעבן. ער האָט נישט צוגעלאָזט, זי זאָל עמיצן אָנקוקן אָדער מיט עמיצן רעדן; און ווען זי האָט גע- אַרבעט אין טשיילד-רעסטאָראַן, פלעגט ער שטיין ביים פענסטער, האָט געקוקט ווי מען באַקט קוכנס, און פאַקטיש האָט ער אַכטונג-געגעבן, צי זי פלירטעוועט נישט מיט עמיצן. מחמת דעם האָט זי מיט אים איבערגעריסן. „איך לאַנגווייליק זיך נישט. מען איז נישט אייביק אַ מיידל". אָ, ניין, זי גייט נישט מיט קיין בחור. זי גייט צו חברטעס. זיי דאַרפן נייען וועש.

דזשים פאָדערט קיינמאָל נישט קיין ראַנדעוו. ער זאָגט קיינמאָל נישט: גוט, אויב איר ווילט מיט מיר נישט גיין..." אָנשטאָט דעם טרייבט ער מיט איר קאַטאָוועס: „נו, וואָס, האָט איר שוין איבערגעצויגן פריש אייער בעט? היינט ביינאַכט שלאָף איך מיט אייך". זי ענטפערט: „דאָס קאָן זיך טאַקע מיט אייך טרעפן". אָבער זי באַליידיקט זיך נישט. ער האָט געוווּסט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט זי מיט אים גיין. און דעם פאַרגאַנגענעם פרייטיק האָט זי געפרעגט: „האָט איר אַן אויטאָ?" „ניין", האָט ער אָפּגעענטפערט. „פאַר וועמען האַלט איר מיך? איז דען פאַר אייך אַן אויטאָ-דראָזשקע ווייניק?" דערנאָך האָט זי אים דער- קלערט: „איר ווייסט, אַז איר געפעלט מיר גאַנץ גוט. געוויס וועל איך מיט אייך גיין. ווען נאָר איר ווילט".

און אַלץ די ברוסט-נאָפּלען. זי איז גאָר נישט אַזוי שיין. איר געזיכט האָט אַ גוטע פאַרב, און אויך אירע אויגן זענען גאַנץ שיינע. אָבער אַז ער זיצט אין דער קאַוויאַרניע אויפן

הויכן שטול און זעט זי בײַ איר אַרבעט הינטערן בופעט, קאָן ער גאָרנישט זען אויסער די ברוסט-נאָפּלען. די בלוזע איז ראָזע-דורכזיכטיק, און אונטער איר באַווייזן זיך שפּיצן, און ער איז נישט זיכער, צי זעט ער באמת די ברוסט-נאָפּלען. אַז ער קוקט גלייך אויף זיי, בעת דעם מיידלס בריסטן באַוועגן זיך, ווערן באַלד זיינע אויגן פאַרנעפּלט, עס דוכט זיך אויס, אַז די בריסטן ווערן גרעסער און גרעסער, און ער ווייסט נישט אויף געוויס, צי ער זעט עטוואָס.

אפשר וועט ער זי היינט אינאָוונט זען. אפשר וועט ער זי היינט אינאָוונט אַפילו פילן, זיין האַנט אויף אירע ווייכע רונדיקייטן לייגן, זאַנפט זי דריקן, זיך מיט אירע ברוסט-נאָפּלען שפּילן. איין אויגנבליק האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז ער וואָלט געקאָנט זי קושן, און עס האָבן זיך פאַרשלייערט זיינע אויגן, ער האָט זיך אַביסל אַראָפּגעגליטשט פון זיין פּלאַץ, און ער האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז ער זיצט אין דער הויכבאַן, אַז אין ווינקל זיצט אַ שיין נעגער-מיידל, אָבער אפשר איז זי גאָרנישט קיין נעגער-מיידל, און ער מעג אויף איר קוקן.

ער האָט אָבער דעמאָלסט אָנגעהויבן זיך אַליין צו מוסרן. קאָנסטו דען נישט, זייענדיק ערגעץ, צי אין דער אונטערערדבאַן, צי אויף דער גאַס, אָדער דאָרטן ווו דו געפינסט זיך איצטער, נישט קוקן אויף יעדער פרוי אַזוי, ווי דו וואָלסט זי געשליידערט אויפן בעט און אַראָפּגעצויגן פון איר די אונטערהויזן? קאָנסטו דען נישט וועגן עטוואָס אַנדערש טראַכטן, עטוואָס אַנדערש טון, ווי נאָכלויפן פרויען און טראַכטן וועגן באַזיצן זיי? קאָנסטו דען נישט קוקן אין אַן אַנדער אָרט, ווי נאָר אין יענעם, ווו עס קומען זיך צונויף די פיס?

הער-צו, האָט ער געזאָגט צו זיך. איך וועל היינט אינאָוונט גיין מיט אַ מיידל. איך האָב אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט; איך בין מיד; איך גיי, בכדי אַביסל צו פאַרברענגען. איך וויל היינט אינאָוונט נישט טראַכטן. איך וועל קוקן דאָרטן, ווו מיר איז ליב. און איך וועל טון, וואָס מיר איז אָנגענעם. איך וויל וועגן דעם נישט טראַכטן. איך וויל קיין שום אַרגומענטן נישט הערן. וועל איך מוזן נאָך מער טראַכטן, וועל איך

זיך גאָר אָנשיבורן. און וועל שוין וועגן קיין שום זאַך נישט טראַכטן.

און איך פייף אויף דעם, צי זי איז אַ שוואַרצע. (שד איינער, וואָלסט שוין גוט געפייפט. וואָלט דיר דען אָנגענעם געווען, מען זאָל דיך זען מיט איר אויף דער גאַס ?). איך פייף דערויף. וואָלט איך נישט געהאַט היינט אינאָוונט קיין ראַנדע-ווו, וואָלט איך מיט איר געשלאָסן באַקאַנטשאַפט, און מיר וואָלטן געשפּאַצירט. (יאָ, דו וואָלסט מיט איר געגאַנגען קיין האַרלעם, ווו קיינעם קאָן דאָס נישט אַרן).

אין דער זעקס-און-ניינציקסטער סטריט זענען אַריינגעשטיגן אַ מאַן און אַ פרוי אין אָוונט-קליידונג. דער מאַן האָט געטראָגן אַ צילינדער. כאַ-כאַ-כאַ, האָט געטראַכט דזשים, וואָס זוכסטו דאָ אין דער הויכבאַן ? פאַרוואָס פאָרסטו נישט אין דיין לימוזין ? די פרוי איז געווען אָן אַ הוט. זי האָט געהאַט פּרעכטיקע האָר. זיי האָבן זיך צוועקגעזעצט און אויסגעשטרעקט די פיס. (יאָ, האָט דזשים געזאָגט צו זיך. איר מיינט, אַז די הויכבאַן געהערט צו אייך. די פרוי האָט שיינע פיס. ער קאָן זען אירע שענקלען. וווּנדערשיינע שענקלען. דער מאַן האָט באַמערקט, אַז דזשים באַטראַכט דער פרויס שענקלען, און ער האָט זי אָנגענומען ביים אָרעם און אַ לייכטן שטופּ-געטון, זי זאָל ענדערן איר פּאָזיציע. אומזיסט דיין טרחה, האָט געטראַכט דזשים. זי האָט פיינע פיס, און זי האָט גאָרנישט דאַקעגן צו ווייזן זיי.

ער מוז אָפּשפּאָרן און קויפן זיך אַ סמאָקינג. (אויף וואָס דאַרפסטו אַ סמאָקינג ? וועסט אים דאָך נישט טראָגן). מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן. אַ סמאָקינג איז נוצלעך. (דו האָסט אַוודאי חשק צו קומען אין זאַל פון אַן עלעגאַנטן האָטעל, און דאָרטן פאַרברענגען, פונקט ווי דו וואָלסט געווען אַ זייעריקער). איך קאָן דאָס אַפילו טון, האָט געטראַכט דזשים.

איר קאָנט מיך נישט אויפרייצן, האָט דזשים געטראַכט, נישט אויפהערנדיק צו קוקן אויף די שענקלען. איך בין אַ גוט-מוטיקער יאַט.

ער איז געווען גוט אויפגעלייגט. ער האָט שמייכלענדיק אָנגעקוקט דעם מאַן און די פרוי. ער האָט געטראַכט. שוין רעכט, זייט נישט בייז. איך קוק שוין מער נישט אַהין. ער האָט

שעלמיש אַ שמייכל־געטון צום נעגער. ער האָט געטראַכט: אויב די אַלטע פרוי וועט ווידער פונאַנדערפרעגן זיך וועגן איר סטאַציע, וועל איך איר פונאַנדערזאָגן. בעת ער האָט געקוקט אויפן נעגער־יימל, האָט ער געטראַכט: דו ביסט וואָרשיינלעך גאָרנישט קיין שוואַרצע, עס איז אַלץ אין אָרדענונג. ער האָט געשמייכלט צו אַלע מענטשן אין זיין קופּע. ער האָט אַ ווונק־געטון צו דעם צייטונגס־יונג. דער צייטונגס־יונג האָט צוריק־געוווּנקען.

אַנטקעגן אים האָט איינער געלייענט אַ צייטונג. אַ גרויסער קאָפּ פון אויבן:

סאַקאָ און וואַנזעטי וועלן שטאַרבן.

ער זאָגט זיך: זאָלן די צוויי חברה־לייט אָקאָרשט קריגן דעם אמתן חלק. וואָס, צו אַלדי רוחות, פּאַלט זיי איין, גאָר באַמבעס וואַרפן? וואָס איז בכלל נישט אין אָרדענונג? פאַרוואָס, צום טייוול, זענען אייניקע אומצופרידן?

ער האָט ווידער אַ שמייכל־געטון צום פאָרפאָלק אין אוונט־קליידונג, דער מאַן אין צילינדער האָט פאַרקרימט די נאָז. אַ גיי צום טייוול, האָט דושים געטראַכט, וואָס בייסט דיך. לאָז דיך באַגראָבן. ער האָט פונדאָסניי גענומען קוקן אין פענסטער. אין דשוזערסי איז די זון געשטאַנען גלייך איבער די דעכער. ווו־נישט־ווו האָט אַ באַזונדערס הויכע געביידע זי אָפּגעשניטן, און דאָס ליכט איז פון ביידע זייטן געפאַלן אויף אַראָפּ. פרייען זענען געשטאַנען אָנגעשפאַרט אָן די פענסטער פון די באַוווינטע מויערן און אויסגעקוקט די מענער, וואָס דאַרפן קומען אַהיים. מענטשן זענען געזעסן ביים עסן. אָט איז געזעסן אַ מאַן אָן אַ ראָק, געררויכערט אַ ציגאַר אָדער אַ ליולקע און געלייענט אַ צייטונג.

זייער אָנגענעם איז צו שפּירן אויפן לייב די ריינע אונטערוועש, דאָס ריינע העמד איז קיל, דער קראַגן — נישט צו־ענג; דער שניפּס איז גוט פאַרבונדן, דער אָנצוג פּריש־געפּרעסט: ער וועט צוויי מאָנאַטן נאָך דינען; די האָר זענען פאַרקעמט, אָבער אויפן געזיכט זענען פאַראַן פּרישטשעס, און דאָס איז אַן אמתע אָנשיקעניש. אפשר איז בעסער אָנצוטון דעם הוט. אפשר וועט געלינגען צו פאַרשטעלן די פּרישטשעס.

דאָס מיידל איז נישט קיין שוואַרצע, אָבער אפשר יאָ. אַז

זיי פאַרמאָגן נאָר אַ ביסעלע נעגער-בלוט, גיבן זיי זיך אָן אַלס שפּאַניערינס. זיי האָבן טאַקע אַזאַ הייסן טעמפּעראַמענט ווי די שפּאַניערינס. אָבער אַז מען האָט מיט אַזאַ איינער חתונה, קאָן אין אַ שיינעם טאָג קומען דער דאָקטאָר און זאָגן: אייער פרוי האָט אויף דער וועלט געבראַכט אַ שוואַרץ קינד. אַ שיינע מתּנה.

איינמאָל, ער האָט נאָר-וואָס פאַרלאָזט די שול און האָט געאַרבעט אַלס שיק-ייִנגל, האָט מען אים געשיקט קיין ברוקלין, און אינאָווונט, איידער מען האָט אָנגעצונדען די לאַמטערנעס און מען האָט נישט געקאָנט ווי געהעריק אונטערשיידן קיין פּנימער, האָט ער דערהערט אַ שטים: קום, ווייסער בחור, נעם דיין גליק פאַר אַ האַלבן דאָלאַר. ער איז פון דאָרטן קוים אַנטרונען געוואָרן.

טראַלאַ-לאַ. וואַרט-נאָר ביז איך וועל הייַנט אינאָווונט טרעפן העלען. וואַרט נאָר ביז איך וועל זי אין דער אויטאָ-דראָזשקע האָבן. האָפנטלעך, טראָגט זי נישט קיין טייערע זאַך, ווייל עס וועט פון דעם אַ תּל-ווערן. און אויך זי אַליין וועט נישט אַזוי גוט אָפּשניידן.

ער באַטראַכט די מענטשן אין קופּע און זאָגט מיט די אויגן: הייַנט אָוונט גיי איך מיט אַ קעניגין, און וואָס דערביי וועט געשען, — דאָס גייט קיינעם נישט אָן. ביז איך וועל הייַנט פאַר-ענדיקן דעם אָוונט... טראַ-לאַ-לאַ.

ער האָט געזונגען די מעלאָדיע פון דעם צוג. זיין מויל האָט זיך באַוועגט, זיינע ליפּן האָבן אַרויסגעבראַכט די קלאַנגען, אָבער ער האָט נישט געמאַכט קיין שום טומל, ווייל אַנדערש וואָלט מען אים דאָ אין צוג אָנגענומען פאַר אַ משוגענעם. ער איז געווען זייער גליקלעך.

אַלץ איז אַזוי, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אין זיין קאָפּ איז אויפגעשווומען דער געדאַנק וועגן דער מוטער, אָבער ער האָט אים פאַרטריבן. דערנאָך סימסאָן, און זיין מיאוסער איינפאַל אָפּצונעמען זיין לוין-העכערונג. ווער איז אין דעם פאַראינטערעסירט? מסתּמא וועט מען אים מאָרגן קינדיקן. ער וועט ווייזענדער ווערן, אין אויטאָ-דראָזשקעס פאָרן, אין האָטעלן לעבן, פירן זיך גרויס. רזייער אַ שטילע שטים האָט געזאָגט: אַ פיינער אופן זיך אַליין

אָפּצונאַרן. און ער האָט שטיל געענטפערט: לאָז מיך אין דעם לפּחות היינטיקן אָוונט גלויבן). יאָ, קיין שום זאַך איז נישט אַזוי גוט ווי מסחר. מענטשן אַכטן אַזאַ איינעם. זיי קוקן אויף אים פון אונטן אַרויף. דאָס איז אַ שפּיל פאַר מענער.

ער איז געוואָרן מעכטיק. דער גרעסטער יונג איז גאָרנישט אַנטקעגן אים, ער וועט אים אַ זעץ-טון אין דער גאָמבע און אַנידערוואַרפן. ער איז געוואָרן דער שטאַרקסטער מאַן אויף דער ערד. קיינער קאָן אַנטקעגן אים נישט ביישטיין. ער איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער, אַזוי קרעפטיק, אַז מער קאָן ער זיך שוין נישט פאָרשטעלן. זיין ברוסט-קאַסטן האָט זיך אויסגעוועלבט, זיין מויל האָט זיך געעפנט; ער האָט טיף געאָטעמט.

ער איז געוואָרן ריין און גוט. ער גיט דער מוטער יעדע וואָך צען דאָלאַר און ברענגט איר אָפט מתנות. אַ פּאָר זאָקן, אַ שאַכטל זיסקייטן, און איינמאָל איז ער אַוועק אין אַ בלומען-געשעפט און געקויפט איר אַ טוץ רויזן. אַלע האָבן געלאַכט, ווען ער האָט געטראָגן דורך דער גאַס דעם בוקעט איינגעוויקלט אין זייד-פּאַפּיר. אים האָט דאָס נישט געאַרט. שטאָלץ איז ער אַרויפגעגאַנגען די טרעפּ, געעפנט די טיר, אויסגערופן: מאַ, דאָ איז עטוואָס פאַר דיר, האָט איר דערלאַנגט די רויזן און איז אַריין אין זיין צימער.

ער שפּאָרט געלט. יעדע וואָך לייגט ער אָפּ צוויי צי דריי דאָלאַר און צום סוף יאָר קויפט ער אַ הונדערט-דאָלאַר-אַקציע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ בוי-געזעלשאַפט. ער איז געוואָרן מיטגליד פון אַ ווייַנאַכט-קלוב. צו פינף-און-פערציק יאָר פאַרמאָגט ער מיט ציגנזן אויף די ציגנזן צוואָנציק טויזנט דאָלאַר. די דאָזיקע סומע, צוזאַמען מיט דער הויכער לעבנס-פאַרזיכערונג, וואָס ער האָט דורכגעפירט, פאַרזאָרגן די מוטער אויפן גאַנצן לעבן.

ער קוקט קיינמאָל נישט אויף קיין פרוי. זיי בעטלען: טוט אַ טובה, קומט מיט מיר. ער זאָגט: ניין. פרויען פאַרבעטן אים צו זיך אין צימער, טוען זיך פאַר אים אויס, זאָגן: קומט צו מיר. ער ענטפערט: ניין, איך גיי אַהיים. קיינמאָל קוקט ער נישט אין אַ מיידלס בלוזע-אויסשניט, אָדער אונטער דעם קלייד, קיינמאָל קוקט ער נישט דורך די גאַרדינען, בכדי זען ווי עמיצער פון אַנטקעגן מאַכט דעם טואַלעט. ער איז די טוגנט אַליין.

באַלד האָבן זיך אָבער אַרייַנגעמישט אייניקע אומשטענדן, וואָס האָבן געשטערט זיין גרויסקייט. ער דערמאָנט זיך, אַז ער איז אויסגעשטאַנען באַליידיקונגען. ער דערמאָנט זיך, אַז אַנדערע יונגען האָבן אים געפייניקט, און ער האָט מורא־געהאַט זיי צו שלאָגן. איינער איז געווען גאָר אויסערגעוויינלעך. דעמאָלסט איז ער געווען אַ שיק־יינגל און פלעגט דריי דעם זייגער ברענגען קאָנטראָל־צעטלען פון דער באַנק. אַ צוואַנציק־דרייסיק יינגלעך פלעגן אונטן וואַרטן אויפן באַנק־באַאַמטן. זיי פלעגן שפּילן שריפט אָדער אָדלער. ער האָט דערביי געהאַט גליק און פלעגט תמיד געווינען; עס איז אָבער געווען אַ חברה־מאַן טשאַרלי אָפּ, וועלכער האָט געשפּילט נישט פון האַנט־רוקן, נאָר פון האַנט־פלאַך. ער פלעגט כאַפּן די מטבע אין דער צונויפגעבויגענער האַנט־פלאַך, און אַז ער פלעגט זען, אַז דאָס גליק איז קעגן אים, פלעגט ער איבער־קערן די מטבע און געווינען. דזשים האָט געזאָגט: „שפּיל פון האַנט־רוקן". טשאַרלי האָט געענטפערט: „צווינג מיך דערצו". דזשים האָט נישט געוואָלט וואַרפן, און טשאַרלי האָט אויסגערופן: „שפּיל, הינטישער זון דו, אָדער איך וועל דיר אויסזעצן די אויגן". אַלע אַנדערע יונגען האָבן געלאַכט, און דזשים האָט געשפּילט. טשאַרלי איז געווען נישט זייער גרויס, נאָר ער האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס, און אַלע האָבן באַהויפּטעט, אַז ער קאָן צומזיקן יעדן יונג פון דער וואָל־סטריט. דזשים האָט נישט געהאַט קיין חשק צו איבערצייגן זיך אין דעם, און ער האָט דעריבער געשפּילט. און אַז ער איז געוואָרן אַ גרויסער, האָט ער זיך דערמיט געשעמט.

ער איז מיט אַ חבר זיינעם אַמאָל געווען אין אַ טאַנץ־לאָקאַל אין ברוקלין. דזשים האָט דאָרטן קיינעם נישט געקענט. ער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און האָט געקוקט. ער האָט מיט קיין שלעכטער טענצערין נישט געוואָלט טאַנצן, אָבער אַלע גוטע האָבן געקענט די איבעריקע בחורים און האָבן אויף אים קוקן נישט געוואָלט. ער האָט איינגעלאַדן איינע נאָך דער אַנדערער, אָבער אייניקע האָבן אים אַפילו נישט געענטפערט, זיי פלעגן אָפּקערן דעם בליק. ער האָט געקליבן זיך גיין אַהיים, ער האָט אָבער געוואָלט כאָטש איין טור דורכטאַנצן. ער האָט איינגעלאַדן אַ קליין מיידל, וואָס האָט קיין שום באַזונדערן איינדרוק נישט

געמאַכט, און זי האָט מסתמא דעם גאַנצן אָוונט נישט געטאַנצט. דאָס מיידל איז געווען פּרעכטיק. זי האָט אים נאָכגעפּאָלגט ווי אַ בליק, זי האָט געקאָנט אַלע זיינע שריט; זי האָט געלאַכט, אַזוי זיס, און גערעדט אַזוי קלוג. ער האָט איר געקויפט פראַנקפורטער ווורשטלעך, ער האָט איר געקויפט סאָדע-וואַסער, ער האָט דערזען, ווי באַחנט זי איז. ער האָט געוואָלט פאַרשאַפן איר פאַרגעניגן, איינדריקן. ער האָט גערעדט אַזוי ווי קיינמאָל נישט ביז דעמאָלסט. דאָס מיידל האָט געשמייכלט, געלאַכט, איז צו אים געווען פריינטלעך. ער האָט אויסגעצייכנט פאַרבראַכט.

זיי האָבן געטאַנצט ביז די מוזיק האָט אויסגעשפּילט דעם שלום-מאַרש, דערנאָך איז ער געגאַנגען זי באַגלייטן. אין יענעם טייל ברוקלין איז ווייניק הייזער, און זיי זענען דאָרטן געגאַנגען אַרומגענומען. פון צייט-צו-צייט פלעגן זיי בלייבן שטיין און פלעגן זיך קושן. זי איז געווען דאָס זיסטע קליינע מיידל, וואָס ער האָט ווען-עס-איז געטראָפן. ער איז געווען פאַרנאַרט אין איר. ער איז דעמאָלסט אַלט געווען ערשט צוואָנציק יאָר, אָבער ער האָט געוואָלט מיט איר חתונה-האָבן. קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געהאַט אַזאַ מין געפיל. זי האָט געשמעקט אַזוי גוט, און גערעדט אַזוי איידל, און געקושט אַזוי צאַרט. זיי זענען געגאַנגען זייער לאַנגזאַם, און האָבן גערעדט ווייניק, אָבער זיי האָבן געוווּסט אַלץ.

און דערנאָך איז דאָס געשען אויף דער וועראַנדע פון איר וווינונג. עס איז געווען שפּעט. אירע שטוביקע זענען שוין פון לאַנג געשלאָפן; זיי זענען געזעסן אויף אַן אַלטער קושעטקע אין שאָטן; אַלץ איז געווען אויסערגעוויינלעך, און ער איז געווען שרעקלעך אויפגערעגט. לכתחילה זענען זיי געזעסן גאַנץ ווייט איינער פון דעם אַנדערן, און אַ לאַנגע צייט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט, אָבער עס איז געווען אַזוי, ווי ביידע וואָלטן איינצייטיק געטראַכט וועגן זעלבן, ווייל פּלוצלינג האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף דער קושעטקע און ער נעבן איר, שטיקנדיק זי מיט זיינע קושן.

זי האָט געזאָגט: ניין. נישט. אָבער אירע הענט זענען ווייך געווען. זי איז נישט געווען פון יענעם מין מיידלעך, אָבער עס איז געווען אַ ריכטיקער אויגנבליק, און זי איז געווען

ווילדיק. דזשים איז אַזוי אויפגערעגט געווען, אַז ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט זי געקושט; זיינע הענט האָבן געגליטשט זיך איבער איר לייב, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט זיך מוראדיק אָנגעשטרענגט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. ער האָט געקראָגן אַנגסט, ער האָט זי באַגערט מער ווי די גאַנצע וועלט, ער האָט גענומען בעטן אירע הענט, זי האָט אַלץ אויסגעפּרווּוט; עס איז גאָרנישט געשען.

וואָלט זי אים אויסגעלאַכט, וואָלט זי געזאָגט: ביסט מיר אַ געראָטענער מאַנסביל, מעגסט גיין אַ היים און שפּילן זיך דאָרטן מיט זיך אַליין, — וואָלט ער דעמאָלסט מסתמא אין כּעס געוואָרן, ער וואָלט זי אויסגעזידלט און וואָלט אַוועק. נאָר זי ליגט זיך אַזוי, אָטעמט טיף, איז אויפגערעגט, די ליפּן הייס, דער קערפּער ציטערט; זי פּרוּווט דורך קושן, זי פּרוּווט-אויס אַלץ. זי איז געווען אַזוי זיס, ער האָט זי אַזוי ליב-געהאַט; זי האָט אינגאַנצן געהערט צו אים, נאָר ער האָט נישט געקאָנט.

זיי זענען ביידע שטאַרק מיד געוואָרן. זיינע אָרעמס, זיינע נאַקן האָבן אים וויי-געטון. ער האָט געשוויצט. זיי האָבן פון דעם זיך געמוזט אָפּזאָגן. עס איז כּמעט שוין געווען טאָג. ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען זיין הוט, און איז אַוועק נישט צו זאָגנדיק אַ האַלב וואָרט. ער האָט קיינמאָל נישט דערוווּסט זיך נישט איר נאָמען, נישט איר טעלעפאָן-נומער.

אַזאַ מין מעשה האָט מיט אים קיינמאָל נישט פּאַסירט נישט פריער, נישט ווען-עס-איז נאָכדעם. בעת ער דערמאָנט זיך וועגן דעם, רויטלט ער זיך. דאָס איז דער גרעסטער בזיון, וואָס ער ווייס וועגן זיך. בשעת ער דערמאָנט זיך וועגן דעם דוכט זיך אים, אַז אַלע אַרומיקע ווייסן, וואָס ער טראַכט. ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך.

און זאָל דאָס היינט אינאָוונט געשען — זאָל דאָס נאָר חס-וחלילה געשען — וועט העלען שוין אים איר מיינונג זאָגן. אָבער היינט אינאָוונט וועט דאָס נישט געשען. דאָס האָט פּאַסירט איין מאָל, ווען אַלץ האָט געזאָלט זיין וווּנדערפול, און עס איז נישט געווען.

ער האָט ווידער געפילט זיך שלעכט. ער איז קיינער נישט און גאָרנישט, ער איז קיין צעבראָכענעם גראָשן נישט ווערט.

ער האָט קײנמאָל גאָרנישט נישט אױפֿגעטון, איז קײנמאָל גאָרנישט נישט געװען. ער איז אַ גאָרנישט־שבגאָרנישט.

אײן װײַלע איז ער געזעסן אומבאַװעגלעך, דערנאָך האָט ער געזאָגט צו זיך: אַך, צום טײַװל, און האָט אָפּגעזיפֿצט.

קעגנאיבער, הינטער דעם פּאַרק, האָט זיך אַרױסגעװיזן דער מאַדשעסטיק־האָטעל, דערנאָך האָט דער ריטץ־טורעם אַלץ איבערגעשטיגן מיט זײַן הױכקײט. דאָ־און־דאָרטן — װידער הױכע מױערן מיט טעראַסן פֿון פֿאַרשידנפֿאַרביקע שטײנער. צװישן די בלאָקן האָט זיך אַרױסגעזען דער פּאַרק, — אַביסל גרינקײט אױף װײַטע עקן פֿון די גאַסן. אױף דער דריטער עװעניו, װוּ די הױכבאַן איז דורכגעפֿאָרן, זענען די הײַזער געװען רױטלעך־ברױן, שמוציק, אױף די מױערן פֿיל פֿײַערלעשער־לײטערס מיט קאַסטנס, אַ בלומענטאָפּ, אַ פֿױגלען־שטײג. אױף אַ טרעפּ פֿון אַ פֿײַערלעשער־לײטער איז געלעגן אױף אַ קישן אַ נאַקעטע בײבי, מיט הענט און פֿיס אױסגעשטרעקט אין דער לופֿט. פֿרױען זענען געשטאַנען אָנגעלענט אָן די פֿענסטער און געקוקט אין דער גאַס. אַ קלײן מײדל האָט גענומען פּאָכען מיט דער האַנט צום פֿאַרבײַפֿאָרנדיקן צוג. די פֿענסטער זענען געװען ברײט פֿונאַנדערגעעפֿנט, און האָבן נישט געהאַט קײן פֿאָרהאַנגען, מחמת דידאָזיקע מענטשן אַרט נישט, אַז די פּאַסאַזשירן פֿון דער הױכבאַן זעען, װאָס עס טוט זיך בײַ זײ אין די צימערן. אײניקע װױנונגען זענען געװען כּמעט װי לײדיק, נאָר אַ װײַס בענקל, אַ טיש, אַ בעט; אין אַנדערע זענען אױף דער װאַנט קרום געהאָנגען פֿיל בילדער, זענען אױפֿן קאַמין געשטאַנען פֿאַרשידענע קלײניקײטן, האָבן זיך געפֿונען שטײ־לאָמפּן, טיש־לאָמפּן, שרענק, אַזױ, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז אין צימער װאָלט שױן נישט מעגלעך געװען אַ קער־צו־טון זיך. אין אַנדערע װידער זענען געװען קינדער, זײער פֿיל קינדער, װעלכע שטײען אַרום די מאַמעס בײַ דער פּליטע. אָט דאָ איז װער געלעגן אין בעט, נעבן אים אַ בענקל, און אױפֿן בענקל קלײנע פֿלעשלעך. מענער שפּילן אין קאָרטן. אַ פֿרױ טוט זיך אױס בײַ אַן אױפֿגעהױבענעם גאַרדין. דער צוג איז דורכגעפֿאָרן, און זי איז געשטאַנען אין הױזן, דאָס קלײד איבערן קאָפּ.

אַ סך קינדער, אַ סך מענער אָן רעק ביי די פענסטער, לייענען צייטונגען.

ווייטער שוין די לעקסינגטאָן-עוועניו, ווו עס וווינען חשובע לייט און נאָך ווייטער די פּאַרק-עוועניו מיט די גרויסע הייזער פון שטיין, ווו עס וווינען די חשובסטע לייט, דערנאָך מעדיסאָן, די פינפטע, דער צענטראַל-פּאַרק, און דערנאָך נאָך מער הייזער און נאָך מער מענטשן. אין דער ניין-און-פופציקסטער און פינפטער בויט מען צוויי גרויסע האָטעלן, איינער — ווייס, דער אַנדערער — געל-ברוין. איינער פון זיי הייסט פּלאַצאַ; ווידער האָט פון הינטער אַ געביידע זיך באַוויזן דער ריטץ-טורעם. די גרויסע הייזער האָבן דאָרטן אויסגעזען שטיל און טויט, פונקט ווי קיינמאָל וואָלט אין זיי זיך נישט געפונען קיין לעבעדיק באַשעפעניש, בעת אָט דאָ נאָענט פון די באַן-רעלסן זענען אויף די שלעכט-געפלאַסטערטע גאַסן געפאָרן לאַסט-אויטאָס, ביי די זייטן זענען געשטאַנען וועגענער. אַ קאָלאָניאַל-הענדלער האָט אויפן טראָטואַר אויסגעשטעלט אויבס און גרינס. די גאַסן זענען פול מיט קינדער, די פענסטער זענען אָפן, און יעדערער קאָן אַריינקוקן, אויף די דעכער אויסגעהאָנגענע וועש צום טריקענען, אַ ליאַרם, וואָס מען הערט אים אַפילו דורך דער בריאַזגערייפון דעם צוג. און אין דער מערב-טייל-שטאָט שיינט צו זיין פולשטענדיק שטיל.

אויפן בראָדוויי האָבן אויפגעפלאַמט די ערשטע ליכט-רעקלאַמעס; אונטן גייען מענטשן אין די קינאָס. מען שליסט די געשעפטן; אַ צווייטער אויבס-הענדלער נעמט-אַריין זיינע אויבסן אין קראָם, איידער ער פאַרשליסט זי אויף ביינאַכט; אַ מוטער וויגט אַ קינד; אַ מיידל פודערט די נאָז; אין אַ רעסטאָראַן אויף אַן אויבערשטן שטאָק עסט מען; אָט אַרבעטן נאָך די מיידלעך, זיי פאַרטיקן-אויס קינסטלעכע בלומען: קיין איינע האָט נישט אויפגעבליקט, בעת דער צוג איז דורכגעפאָרן; אַ סחורות-לאַגער מיט נאַקעטע ווענט; אַ גאַראַזש, אויטאָס אויף יעדן שטאָק. אַ שילד: ל י פ ט - ש אַ כ ט; פייער-לעשער-לייטערס.

דאָס נעגער-מיידל איז אויסגעשטיגן; דער צייטונגס-יונג איז אויסגעשטיגן; די אַלטע יידענע זיצט אויפן ברעג באַנק, און קוקט פאַרדאגהט אויף די גאַסן, דורך וועלכע זיי פאָרן; דער

מאַן אין דעם צילינדער און דאָס מיידל מיט די שענקלען שמועסן אין דער שטיל. אויף איינער אַ סטאַציע איז איינגעשטיגן אַ כאָפּטע יונגעלייט, בחורים און מיידלעך פון אַ יאָר אַכצן, אויסגעפּוצט צום שפּאַציר, די מיידלעך זענען געווען צו-פיל אָנגעשמינקעוועט. זיי האָבן אַריינגעשטורמט זאַלבע-אַכט אָדער זאַלבע-צענט, אַ יאָג-געטון זיך צו די פרייע פּלעצער, און שרייען פון איין עק קופּע צום צווייטן. זיי שרייען, חכמהנען זיך, קענטיק, זיי אונטערהאַלטן זיך גוט. שרייט עמיצער פון זיי אַרויס עטוואָס אַזוינס, וואָס זיי האַלטן פאַר באַזונדערס גייסטרייך, בליקן זיי אויף אַלעמען אין קופּע, צי האָט מען דאָס געהערט. אָבער קיינער האָט זיך צו זיי נישט צוגעהאָרכט, און זיי זענען געוואָרן שטילער.

דזשימען איז געקומען אויפן זכרון, ווי ער האָט מיט איין־ניקע יאָר צוריק אָנגעהויבן אַרויסגיין: ער פלעגט אויך צוערשט גיין מיט גרויסע קאָמפּאַניעס און האָט זיך געהאַלטן פּונקט ווי זיי איצטער; ווי גליקלעך זיי זענען אַלע געווען, ווי וויכטיק זיי זענען געווען אין זייערע אייגענע אויגן, ווי נאָענט זיי זענען געווען צווישן זיך, ווי זיי פלעגן זיך אַלע אַריינמישן, אויב ווער פון דער זייט פלעגט וואַגן עמיצן פון זיי צו מאַכן אַ באַמערקונג, וואָס פאַראַ געשלעגן עס זענען אַרויסגעקומען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דאָס ערשטע אָנשיכּורן זיך, דאָס ערשטע מיידל, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען, דעם ערשטן פלירט-יום-טוב, וואָס ער איז אויף אים געווען איינגעלאַדן, נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעגעבן זיין לעצטן עקזאַמען. ביי די מיידלעך, וואָס זענען געווען אין זיין עלטער, האָט ער נישט אויסגענומען, אָבער די גאַסט-געבערין האָט געהאַט אַן עלטערע לאָמע שוועסטער, זי האָט אים אַריינגערופן אין אַ טונקעלן צימער און האָט אים דאָרטן געקושט זייער אויפ־געבערגט, און ער איז געווען אין פאַרלעגנהייט און אים האָט אַפילו אַביסל געעקלט.

ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק-געטון צו דער אַנדערער זייט; איינס פון די קליינע מיידלעך האָט צו אים אַ שמייכל-געטון, שמועסנדיק מיט איינעם פון די בחורים; זי האָט געקוקט כמעט אַזוי, אַז ווען דזשים זאָל אויסשטייגן אויף איינער אַ סטאַציע,

זועט זי אויך אויסשטייגן, און דערנאָך וואָלטן זיי געקאָנט ערגעץ ווו גיין צוזאַמען. דזשים האָט זיך געפילט אַביסל אומעטיק און פיל עלטער פון דעם מיידל. ער זאָגט צו איר אָן ווערטער: טו דאָס נישט. ווען מיר גיין צוזאַמען, וועל איך פאַר דיר קיין ברעקל ריקזיכט נישט האָבן, און דיר וועט דאָס פאַרדריסן. האַלט זיך אָן דיין יונגן פריינט. דער וועט דיר גאָרנישט נישט טון. אויסערדעם קאָנסטו מיט אים זיך אַן עצה געבן. מיט מיר וועסטו דאָס נישט קאָנען.

ער באַטראַכט די יונגעלייט און פילט זיך נישט געהויבן. ער וואָלט גערן געווען צו זיין אין זייער עלטער, ווען ער האָט געמיינט, אַז מען קאָן יעדע פרוי כאַפּן און דריקן. דעמאָלסט פלעגט ער זאָגן, האַלאָ, און געטאַנצט, און געהאַלטן דאָס מיידל פעסט; ביים טאַנצן פלעגט ער זיך באַמיען דאָס מיידל צו פילן; דערנאָך פלעגן זיי זיך זעצן אין אַ ווינקל און האַלטן זיך אַרומגענומען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, פלעגן יעדערע פון זיי לכתחילה זאָגן ניין, און אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט געקאָנט צו יענער צייט, האָבן נישט דערלויבט איבער געוויסע גרענעצן. איינע פלעגט דערלויבן צו האַלטן אירע בריסטן איבערן קלייד, זעלטן פלעגט זיך טרעפן אַזאַ, וואָס פלעגט דערלויבן צו גרייפן מיט דער האַנט אונטערן קלייד, און שוין זייער זעלטן פלעגט ער אָנטרעפן אויף אַזעלכער, וואָס האָט גאָרנישט געזאָגט, בעת ער האָט געדריקט אירע שענקלען אָדער איז געגאַנגען נאָך עטוואָס העכער. דאָס איז געווען אַלץ. ער האָט וועגן קיין שום אַנדערע זאַכן נישט געטראַכט. נו, געוויס, די איבערלעבונג מיט דער פאַרמערין, ווען ער איז געווען אין סקויטן-לאַגער און האָט נישט געוווסט, וואָס איז אַזוינס געשען, ווען זי האָט אים אין דעם גראָז פעסטגעהאַלטן. ער האָט דערמיט זיך אויסבאַרימט דעמאָלסט פאַר די אַנדערע יינגלעך, אָבער אינדעראמתן האָט ער געטראַכט וועגן דעם ערשט שפּעטער, ווען ער איז עלטער-געוואָרן און האָט געהאַט פיל אַזעלכע איבערלעבונגען.

איצטער מוז ער זיך פאַרטראַכטן. אייניקע מיידלעך האַלטן דאָס פאַר אַ מיטל אויף חתונה צו האָבן, זיי אַרט נישט, וואָס עס זאָל פּאַסירן, אַבי נאָר זיי זאָלן קאָנען פאַנגען אַ בחור, אַזוי ווי דאָס מיידל, וואָס אייזשען האָט מיט איר געהאַט צו טון;

אַנדערע מיידלעך, פֿאַרקערט, ווילן נאָר פֿאַרברענגען, אָבער פֿאַר אַזעלכע דאַרף מען האָבן געלט. און שטענדיק געפֿינען זיך בחורים, וועלכע האָבן גענוג געלט. ער געהערט נישט צו קיין איינער פֿון די ביידע קאַטעגאָריעס. ער קריגט אָדער דאָס, וואָס ס׳בלייבט־איבער, אָדער די־יעניקע, וואָס ער אַליין געפֿעלט זיי. אַ שלאַק זאָל אָבער טרעפֿן אָט די פּרישטשעס.

ער איז באמת נישט אַהער און נישט אַהין. ער האָט נישט קיין פֿריינט און קיין שום פֿריינדינס. ער קאָן נישט זאָגן, אַז ער וואָלט דווקא אַזוינע געוואָלט האָבן, אָבער ער וואָלט וועלן זיין אימשטאַנד וועמען צו האָבן און ערשט דעמאָלסט זאָגן: איך דאַרף אייך אויף כּפּרות. דאָ, למשל, אין אָט דעם קופּע, איז נישטאָ קיין איינער, וואָס זאָל זיין זיינס־גלייכן. אויף אָט דער זייט דער באָקסער מיט די הענט, ווייטער די אַלטע יידענע און צווי אָדער דריי מענטשן, וועלכע זעען־אויס אַזוי, ווי זיי וואָלטן שלאָפֿן אין זייערע קליידער; און די טומלדיקע יונגעלייט; און דער מאַן און די פֿרוי אין אָוונט־קליידונג.

איין אויגנבליק האָט ער געפּרוּווט נאָכטון דעם מאַן אין צילינדער. ער האָט אַרויפֿגעזעצט דעם הוט אויפֿן קאָפּ אַביסל אויף הינטן, אַ קאַפּעטשקע קרום; ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון פּלאַץ, ביז ער איז האַלב־געלעגן, האָט פֿאַרלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס און זיך אויסגעצויגן: האָט אָנגעזאָגט דער גאַנצער וועלט, אַז ער פֿייפֿט אויף איר.

ער האָט איבער הונדערט דאָלאַר אין דער קעשענע. ער פֿאָרט נישט אין זיין אייגענעם אויטאָ נאָר צוליב אַ דעפֿעקט אין מאָטאָר. עס איז גאַנץ אַמוזאַנט צו פֿאָרן מיט וויאָלעט אין דער הויכבאַן. זיי זענען געווען אין דער אָפּערעטע, שפּעטער אין אַ נאַכט־קלוב, דערנאָך אין וויאָלעטס הויז, אָדער אַזוי ווי אים איז נישט געלונגען, אומבאַמערקט אַריינצושלייכן זיך אין וויאָלעטס צימער, גייען זיי אין זיין בחורישער וווינונג. זי וועט זיך פֿאַר אים אויסטון נאַקעט, וועט פֿאַר אים אַן אויסגעלאַסענעם טאַנץ טאַנצן. זיי וועלן זיך אָנשיכּורן מיט שאַמפּאַניער אָדער מיט עכטן וויסקי. און דערנאָך אונטער דער זיידענער מיט וואַטע געשטעפּטער קאָלדרע. און טאָמער וועט עפּעס געשען, וועלן זיי אין אייניקע מאָנאַטן אַרום גיין צו אַ דאָקטאָר, געבן אים פֿינף הונדערטער, און ער וועט אַלץ ברענגען אין אָרדענונג.

דזשים האָט דערפילט פּאַרדרוס און קנאה, ער האָט גע־טראַכט: איך מוז פּאָרזיכטס־מיטלען באַנוצן, ווייל איך טאָר נישט ריזיקירן, און איך מוז דאָס אין דער אויטאָ־דראָזשקע טון. אָבער באַלד איז אים געוואָרן גאַנץ עגאַל, ער האָט אָנגעקוקט דאָס קליינע מיידל פון קעגנאיבער, האָט אַ שמייכל־געטון און געזאָגט מיט די אויגן: אָלרייט, איך וועל אויסשטייגן אויף דער נאָענטסטער סטאַציע, און דו מיט אַ סטאַציע ווייטער און איך וועל אונטער־קומען מיטן נאָענטסטן צוג און מיר וועלן זיך טרעפן. אָבער דאָס מיידל האָט אויף אים קיין שום אַכט נישט געלייגט, קיינער האָט אויף אים קיין אַכט נישט געלייגט, קיינער האָט אים נישט געזען, קיינער אויף דער גאַנצער וועלט האָט נישט געוווסט, אַז ער לעבט; העלען וועט נישט קומען; וואָלט ער נישט געווען, וואָלט דעסי צוגענומען די מוטער צו זיך; נאָך איידער עס וועלן אַדורך צוויי וואָכן, וועט ער פאַרלירן זיין שטעלע; און ער וועט קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט ווערן רייזנדער.

די זון האָט גענומען אונטערגיין. ניו־יאָרק איז געוואָרן רויטער און רויטער. אויף דער אַנדערער זייט קופּע האָט מען דורך די וואַגאָן־פענסטער געזען ווי שויבן באָדן זיך אין פלאַמען. אין צוג האָט מען אָנגעצונדן די לאָמפּן. זיי זענען געווען איבעריק. זיי האָבן גאָרנישט נישט באַלויכטן. דזשים האָט אַ ציטער־געטון, ווי עס וואָלט אים דורכגענומען אַ לייכט ווינטל. ער איז געווען זייער מיד און זייער טרויעריק. ער האָט געפילט זיך פיל עלטער, ווי יעדערער אין קופּע, ווי די מענטשן, וועלכע זענען אונטן אויף דער גאַס געגאַנגען און געפאָרן. ווי די, וועלכע לעבן און באַוועגן זיך דאָרטן הינטער די פענסטער פון די וווינונגען. ער האָט זיך געפילט צעריבן, נישט געוואַשן, אומציכטיק. דער אָנצוג, וואָס ער טראָגט, ליגט אויף אים שלעכט. עס איז עפּעס נישט אין אָרדענונג מיטן שניפּס, מיטן העמד, מיט די אונטערוועש אויף זיין לייב. עפּעס איז נישט כּשורה אין דער לופט, אין קופּע, אין אים גופא. ער איז נישט ריכטיק געבוירן־געוואָרן, ער לעבט נישט ריכטיק, ער אַליין איז נישט ריכטיק.

און אויב ער זאָל אַפילו אָפּשפּאָרן געלט, איז וואָס? און אויב ער פּרוּווט זיך לייגן אויף יעדן מיידל, מיט וועמען ער שליסט באַקאַנטשאַפט, איז וועמען גייט דאָס אָן? וואָס איז דער

חילוק? האָט ער געשריגן אין זיך, ווען, צום טייוול, גייט דאָס אָן? ער וועט זייער שפּעט ביידערנאַכט אַוועקשטעלן זיך בײַ אַ גרויס הויז פֿון פּאַרק-עווענױ, וועט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל און לויערן אויף דורכגייער, און אַז ער וועט דערזען איינעם, וועלכער מאַכט אַן איינדרוק פֿון אַ מענטש מיט געלט, וועט ער אים געבן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, צונעמען דאָס געלט און אַוועקגיין, — דעמאָלסט וועט ער קאָנען אַ לאַנגע צייט באַגיין זיך אָן אַרבעט. ער וואָלט געקאָנט גיין אין קינאָ, ער וואָלט געקאָנט האָבן אַ מיידל, וועלכע פֿאַרמאָגט אַן אייגענע וווינונג, און דעם גאַנצן טאָג בײַ איר פֿאַרברענגען. איינאָוונט וואָלט ער געגאַנגען אַהיים און געבראַכט דער מוטער געלט. ער וואָלט אַפֿילו געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט געקראָגן אַ לוין-העכערונג.

און פֿאַרוואָס זאָל ער תּיכּף נישט צוגיין צום עלעגאַנטן פּאָר, נישט רעדנדיק קיין וואָרט, פּאַקן און פֿאַרייסן דעם מיידלס קלייד — ער טוט דאָך דאָס אָפּט אין זיין פֿאַנטאַזיע —, וואָס וואָלט דעמאָלסט געשען? דאָס מיידל וואָלט געמאַכט קולות. דער מאַן וואָלט געפּרווט אים אָנצובויקערן די ביינער, ער וואָלט זיך דאָס געמעגט פּרווון, דאָס וואָלט אים גאָרנישט לייכט אָנגעקומען. אויף דער סטאַנציע וואָלט מען אים איבערגעגעבן אַ פּאָליציאַנט. פֿאַרברעכן קעגן דער זיטלעכקייט. זעקס מאָנאַטן. ער דאַרף נישט אָנגעבן זיין אמתן נאָמען. די מוטער וואָלט נישט געוווּסט, וואָס איז אַזוינס געשען. זי וואָלט אַוועק צו דעסין. און אין אַ געוויסער צייט אַרום וואָלט ער געווען פֿריי.

עס וואָלט געווען אַ הערלעך בילד — דאָס מיידל אַ שרייענדיקע, דאָס קלייד הויך פֿאַריסן, די שענקלען זענען אָפּגעדעקט. זי וואָלט ביז איר טויט וועגן דעם גערעדט. דער חברה-מאַן וואָלט דערשינען אַלס העלד, וואָס האָט זי געראַטעוועט פֿון פֿאַרגוואַלטיקונג. פֿאַרן ריכטער וואָלט דאָס נישט געווען וויכטיק. די מוטער וואָלט בײַ דעסין געווען פֿיל גליקלעכער. און ער... אים איז גאָר קיין חילוק נישט.

שנעל, זאָגט ער צו זיך. טו דאָס. שטיי-אויף און גיי-צו. עס וועט דויערן נאָר איין רגע. צייל-אָפּ ביז צען, און אַלץ וועט זיין פֿאַרענדיקט. אָט איז דער זוים פֿון דעם קלייד. טו דאָס תּיכּף.

ער וועט דאָס נישט טון, אָבער דאָס איז נישט וויכטיק.
(פאַרוואָס טוסטו דאָס פונדעסטוועגן נישט?). עס איז נישט
וויכטיק, האָט ער געשריגן אין זיך. ער האָט געוואָלט זיך אַליין
געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז נישט וויכטיק. (פאַרוואָס, צום
טייוול, טוסטו דאָס פונדעסטוועגן נישט?).

ער זאָגט צו זיך: וואַרט-אָקאָרשט, ביז איך וועל אַביסל
אויסטרינקען, דעמאָלסט וועל איך דיר ווייזן. דעמאָלסט מעג זיך
געשען וואָס עס וויל, מיר וועט דאָס נישט אַרן. איך וועל
איבער ניו-יאָרק אַרומגיין, מענטשן אין געזיכט שלאָגן, פרויען
אויף דער ערד וואַרפן. איך וועל דאָס די מענטשן ווייזן. איך
וועל דאָס דעם פאַרשאָלטענעם געריכט ווייזן. איך וועל עפענען
דעם גיהונם.

ער איז געווען זייער מיד, אַזוי מיד, אַז ער האָט קוים
געקאָנט זיך באַוועגן. די פיס זענען אים געווען שווער, די אויגן
האָבן וויי-געטון, אין קאָפּ האָט געזשומעט און אַ ווייטיק איז
דורכגעלאָפן דורך זיינע זייטן. מיט די לעצטע כוחות באַוועגט ער
מיט די פיס, און אין זיין דמיון קומט ער אַריין אין אַ לאָקאַל.
„האַלאָ, פּאַדי." „האַלאָ, דזשים, וואָס מאַכט איר? וואָס וועט
איר טרינקען?" גיט מיר, פּאַדי, איין שאָטלענדישן וויסקי,
אַ טאָפּלטן, מיט איין ביר. פּאַדי ווישט ריין אויס אַ גלאָז, דער-
נאָך אַ קליין גלעזל, נעמט-אַרויס די פלאַש פון אונטערן בופעט-
טיש, שטעלט אַלץ אַוועק אויפן בופעט. דזשים גיסט-אָן אַ פול
גלעזל, גיסט-איבער די משקה אין דעם גרויסן גלאָז, ווידער-
האָלט דאָס נאָך אַמאָל. „קיין שום ביר, פּאַדי". ער נעמט דאָס
גלאָז, טראָגט-צו צו די ליפּן און זאָגט: „לחיים, פּאַדי!" לאַנגזאַם
פליסט-אַראָפּ דער אַלקאָהאָל, ער שמעקט אַלץ בעסער-און-
בעסער, ברענט אַביסלע. אָבער ער איז זייער באַטעמט און וועקט
אין אים נאַן אָנגענעם געפיל. די אויגן עפענען זיך. דער קאָפּ
איז געוואָרן פריי און לייכט. ער גייט-צוריק. ער זאָגט: „איצטער,
דו הינטישער זון..."

(מען קאָן מיינען, אַז ער איז אַ שיכור. מען קאָן מיינען,
אַז אָן דעם ביטערן טראָפּן קאָן ער זיך גאָרנישט באַגיין. מען
קאָן מיינען, אַז דאָס איינציקע, וואָס ער דאַרף אויף דער וועלט,
איז נאָר אַביסל אויסטרינקען, אַז ער איז נישט מער, ווי

אַ גרויסער שטאַרקער מאַן, וואָס קאָן נישט לעבן, ווען ער גייט נישט אַריין.

מויל-האַלטן. היינט אינאָוונט גייט ער מיט העלען. ער האָט נויטיק-געהאַט כמעט גאַנצע צוויי מאָנאַטן אויף צו פועלן דאָס ביי איר. זי וואַרט אויף אים אויפן טיימס-סקווער. זי וועט שמייכלען, נעמען אים אונטערן אָרעם, און זיי וועלן גיין אין קינאָ. ער וועט זיצן זייער נאָענט צו איר. אפשר וועט ער אַרויפלייגן אויף איר די האַנט און וועט זי פילן. נאָכדעם וועלן זיי אין אַ שפּעקיייזי גיין, וועלן טאַנצן. זיי וועלן טרינקען נישט קיין סך. נאָר איינס אָדער צוויי גלעזער. דערנאָך אין דער אויטאָ-דראָזשקע, און ער וועט זי באַגלייטן אַהיים. אָ, אין אויטאָ וועט פיל נישט געשען. זיי וועלן נאָר פאָרן, אונטן, ביי איר הויז, וועט ער איר זאָגן אַ גוטע נאַכט. וועט זי קושן, דאָס מעג ער דאָך? דערנאָך וועט ער גיין אַהיים, לייגן זיך אין בעט און מאָרגן ווידער זיין אין ביוראָ.

ער וועט זייער פלייסיק אַרבעטן. ער וועט זיך נישט אונטערנעמען קיין זאַכן, וואָס ער קאָן נישט מאַכן. וועט זיך באַמיען צו שפּאָרן. אויב אַ. ג. ווייליע וועט ענטפערן, אַז ביי זיי איז פאַראַן פאַר אים אַ שטעלע, וועט ער זי נישט אָננעמען, נאָר ער וועט בלייבן ביי סימסאָן. ער וועט אַרבעטן זייער-און-זייער פלייסיק. ער וועט זיך שאַפן אַ פעסטן מעמד, און נאָר מיט איין מיידל גיין. דאָס וועט אים איינבריינגען געלט. זיי וועלן חתונה-האָבן און בעטן די מוטער, אַז זי זאָל זיין ביי זיי. זי וועט בעסער ווינען ביי אים, איידער ביי דעסין. זיי וועלן קויפן אַ קליינעם אויטאָ. זיי וועלן האָבן קינדער, אַ סך קינדער.

אָבער רייזן, פאָרן ווייטער-און-ווייטער, פאָרן אַזוי ווייט, אַז קיינמאָל קומט מען נישט צופאָרן. נישט זאָרגן וועגן דעם, וואָס עס פּאַסירט, נאָר פשוט פאָרן. אפשר אויפן ים, אפשר אַנדערש-ווו...

רייזנדער זיין וואָלט געווען דאָס בעסטע. דאָס איז נישט זייער שווער. ער האָט געוווסט, אַז ער קאָן דאָס אויספירן, אויב ער וועט זיך דערצו צווינגען. מען דאַרף נאָר האָבן מוט צו פאַרלאָזן די זיכערע שטעלע, וואָס ער האָט איצט, זאָגן זיך: איך ווער רייזנדער, אַ רוח זאָל נעמען דאָס איבעריקע — גיין צו

דער מוטער, זאָגן איר: מסתּמא וועל איך איצטער אַ לענגערע צייט נישט פאַרדינען, מיר שטייט־פאָר עטוואָס זייער וויכטיקעס. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט מיר אַ געוויסע צייט אויסהעלפן, — אָדער האָבן אַ לאַנגן שמועס מיט דעסין, רעדן מיט איר ערנסט. זי האָט געלט. זי איז נישט קיין שלעכט מיידל. זאָגן איר: איך מוז פּטור־ווערן פון מיין איצטיקער באַשעפטיקונג. איך האָב דאָ נישט קיין שום אויסזיכטן. איך וואָלט וועלן, דו זאָלסט מיר מיטפילן. דאָס איז אַ ריין־געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייט. דו פינאַנסירסט מיך, און איך וועל דיר דאָס אומקערן.

אָבער ער ווייס דאָס נישט טון. זי וואָלט נישט געגלויבט, זי וואָלט געזאָגט: יאָ, אָבער ווען דו וועסט נאָר טרעפן דאָס ערשטע־בעסטע מיידל, ביי וועלכער דו וועסט וועלן אויסנעמען, וועסטו דאָס גאַנצע געלט אַרויסוואַרפן. וועסט אַן אויטאָ נעמען, וועסט איר געבן דעם בעסטן אָוונט־ברויט אין ניו־יאָרק, און מסתּמא וועסטו נאָך אויך וועלן איר עטוואָס קויפן. נישט ווייל זי ווייס דיר געפעלן־זיין, נאָר ווייל דאָס געלט, וואָס דו האָסט אין דער קעשענע, ברענט דאָרטן אויס אַ לאָך. דו האָסט שוין אַ מאָל גאַנץ־גוט פאַרדינט, און קיינמאָל נישט אָפּגעשפּאָרט קיין איינציקן סענט.

און דאָס ערגסטע פון אַלץ איז דאָס, וואָס ער וואָלט טאַקע אַזוי געטון. ער קאָן קיינמאָל נישט איינהאַלטן קיין איינציקן סענט. האָט ער נישט קיין געלט, טראַכט ער דעמאָלסט: אַז איך וועל דאָס נאָענטסטע מאָל קריגן שכירות, וועל איך עס אינגאַנצן אָפּגעבן דער מוטער, זאָל זי דאָס פאַר מיר אַוועקלייגן. איך וועל נאָר ביי איר נעמען יעדעס מאָל אַ דאָלאַר אויף פרישטיק און פאַפּיראָסן. און אַז ער באַקומט דעם געהאַלט, זאָגט ער זיך: אָט האָב איך איצטער דרייסיק דאָלאַר, און איך קאָן אָנהייבן שפּאָרן. נאָר ער קאָן דאָס נישט. ער קויפט זיך דאָס־און־יענץ. ער זאָגט זיך: איך דאַרף נישט קויפן, מחמת איך שפּאָר. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, קויפט ער. עטוואָס צווינגט אים. און דאַן ווידער דער דלות, ווידער דער נדר מיט די גוטע כּוונות.

אַלע אַנדערע לייגן־אָפּ געלט, פאַרוואָס זאָל ער דאָס נישט קאָנען? אַלע אַנדערע פאַראומערן זיך נישט דאָס לעבן. הלמאי טוט ער דאָס? פאַרוואָס פילט ער זיך שולדיק, פאַרוואָס טראַכט ער שטענדיק: וואָלטן זיי געזען, וואָס עס קומט־פאַר

בײַ מיר אינעווייניק, וואָלטן זיי געוווּסט, סאָראַ ממזר איך בין? פאַרוואָס האָט ער שטענדיק אַ געפיל, ווי ער וואָלט געווען אומציכטיק, ווי אין אים וואָלט געשטעקט אַזוי פיל בייז, אַז ער מוז אָנשטרענגען אַלע זײַנע כּוחות אויף צו באַהאַלטן דאָס, אויב נישט וועט מען אים האַלטן פאַר אַן אוממענטש, פאַר אַ טירוף אָדער פאַרברעכער!

ער וואָלט היינט אינאָוונט נישט געדאַרפט גיין; ער קאָן נישט שפּאָרן; קיין שום פּרווי איז נישט באַוואָרנט פון זײַנע שמוציקע געדאַנקען. ער טוט אַן אַרבעט, וואָס ער האָט צו איר קיין חשק נישט. דעסי באַציט זיך צו אים נישט ערנסט. שטענדיק וואַרט ער אויף עפּעס, אָבער קיינמאָל געשעט גאָרנישט. די איינציקע, וואָס ליבט אים, די מוטער, קאָן אים אינגאַנצן נישט; זי גלויבט, אַז ער איז גוט, אַז ער האָט זי ליב; און ווען אַפילו ער מיינט, אַז ער האָט זי ליב, איז אָבער וואָס וועט זײַן, אַז דעסי וועט חתונה-האָבן, און ער וועט זי דאַרפן אינגאַנצן אויסהאַלטן?

ער איז געווען שטאַרק צעקלעמט. ער האָט געוווּסט, אַז איצטער איז ער איבערצייגט, אַז ער וועט פאַר דער מוטער זאָרגן, אָבער ווען עס וועט האַלטן דערבײַ, וועט ער דאָס, וואָרשײַנלעך, נישט טון. מען וועט מוזן באַצאָלן דירה-געלט, די מוטער וועט מוזן האָבן גאָר אַ באַזונדערס וויכטיקע זאַך, און ער וועט גיין מיטן געלט אַהיים, אָבער ער וועט אויפן וועג עמיצן טרעפן, עס וועט עפּעס געשען, ער וועט גיין פאַרברענגען, וועט אויסגעבן דאָס געלט, און וועט דערבײַ פאַרגעסן אָן דער מוטער.

ער האָט ווידער געוואָלט פאַרשאַפן זיך ווייטיק, איבערלאָזן שפּורן אויפן לײַב, וואָס זאָלן דערמאָנען, אַז ער דאַרף דאָס געלט נישט אויסגעבן. ער האָט געוואָלט אויף זײַן האַנטפלאַך אויסברענען די ווערטער: איך וועל זאָרגן פאַר דער מוטער, זיי זאָלן שטענדיק אים דערמאָנען. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און צוגעשמידט זײַן גײַסטיקן בליק צו דעמדאָזיקן צוזאָג, און האָט געגלויבט, אַז ער וועט אים האַלטן.

דערנאָך אָבער, ווען ער איז געקומען צו זײַן סטאַנציע, האָט ער שוין געוווּסט, אַז דאָס איז מחינם. דער בעסטער באַוויז,

אַז ער קאָן אָנהייבן אַ נײַ לעבן וועט זײַן, אויב ער וועט הײַנט נישט גיין, אויב ער וועט זיך צוריקקערן אַהיים; און ער האָט דאָס שיער נישט געטון, ער האָט געזאָגט: איך וועל נאָר אַרונטערגיין מיט די טרעפּ, איבערקווערן די גאַס אין דער זײַט פון דער אויבערשטער שטאָט און צוריקגיין צו דער הויכבאַן, און אָנהייבן אַ נײַ לעבן. און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, זײַענדיק כּמעט ווי איבערצייגט, אַז ער וועט זיך צוריקקערן, איז ער אַרונטער מיט די טרעפּ; ער האָט געפילט אין זײַן גייסט אַ ווידערשפּעניקייט קעגן יעדן ווייטערדיקן שריט. ער איז געקומען אויף דער גאַס, איז שטיין-געבליבן, האָט געזאָגט: איך מוז צוריקגיין; — און דערנאָך איז ער אַוועק גראַד-אויס, דורך דער שטאָט, צום בראָדוויי-צו.

---

### IV.

## די גאַס.

**דער קלײנער** קאַרליק פון סאָדע-וואַסער-געוועלב האָט אויף דזשימען זיך נישט אומגעקוקט. דזשים איז געשטאַנען בײַם בופעט, נאָענט צום פענסטער, געקוקט אַנטשלאָסן דעם קאַרליק אין געזיכט, נישט גערעדט קיין וואָרט, און האָט דורכויס געוואָלט צווינגען יענעם צו רעדן. דער קאַרליק האָט אָבער נישט געוואָלט. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן אין ווינקל אַביסל אין טונקלקייט און האָט נישט געקוקט אויף אים. דזשים האָט געטראַכט: דו וועסט מיך שוין דערזען, אויב אַפילו איך זאָל דאַרפן צוליב דעם שלאָגן דיך אין געזיכט. דער קאַרליק איז באַך אַלץ געשטאַנען אין דער זײַט. דזשים האָט אַ רוף-געטון זייער הויך:

„העי, איר דאָרטן".

אַ יונגערמאַן, וואָס איז געזעסן אויף אַ הויכן שטול און האָט געטרונקען סאָדע-וואַסער, האָט אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן. דער גריך הינטער דעם טיש מיט זיסקייטן האָט אויפגע-הויבן דעם קאָפּ און האָט געפרעגט:

„וואָס ווילט איר?"

דזשים האָט געענטפערט:

„איך וויל באַדינט-ווערן."

דער גריך האָט גענומען רעדן גריכיש. דער קאַרליק איז צוגעגאַנגען.

„גיט מיר אַ ברויזנדן לימאָנאַד", האָט דזשים געזאָגט.

דער קאַרליק האָט געוואָלט איבערפרעגן, וואָס דזשים פאַרלאַנגט, אָבער דזשים האָט אים צאָרנדיק אָנגעקוקט; דער קאַרליק האָט גענומען אַ גלאָז, האָט עס אָנגעפולט מיט סאָדע-וואַסער, האָט אַהין אַריינגעטריפט סיראָפּ, האָט אַפילו נישט געוואָלט עס אויסמישן, און אַוועקגעשטעלט אויפן בופעט. „איך קריג גאָרנישט קיין טעצל?" האָט דזשים געפרעגט. ער האָט אַרויסגענומען אַ פינף-סענט-שטיק, אַ וואָרף-געטון עס אויפן טיש אַזוי, אַז דאָס האָט זיך געמוזט אַראָפּקייקלען אויף דער ערד, און איז אַוועקגעגאַנגען. ער איז געווען זייער שטאַרק צערודערט.

אים האָט זיך געדוכט, אַז זיין ציל איז נאָך שרעקלעך ווייט. דאָ איז געווען דער וויאַדוקט און דורך דער עפענונג, זייער ווייט, האָט זיך געזען די הויכבאַן פון דער זעקסטער עוועניו. און הינטער זיי דער טיימס-סקווער.

ער האָט אָנגעהויבן צו לויפן. זאָלן זיי מיינען, אַז ער יאָגט זיך צו אַ צוג. דערנאָך האָט ער פאַרלאַנגזאַמט די שריט. ער האָט געזאָגט: אויב תיכף-ומיד וועט עפּעס נישט געשען...

אין דעם „טאַש-קאַווע" איז געווען פינף מינוט צו אַכט. אין פריזיר-געוועלב נאָך אַכט. אין ים-פיש-געוועלב איז אינדערמיט געשטאַנען אַן אייז-בלאָק מיט אַ געפרוירענעם פיש; ביי די זייטן גרינס: רעטעך, אוגערקעס, געלע ריבן, פּאָמעראַנצן און וויינטרויבן; און אויף דער אַנדערער זייט, אויף דין אָנגעהאַקטן אייז אַ קופּע געלע ראַקעס און רויטע און געפלעקטע אָמאַרן.

די שער-פיס ביי די אָמאַרן זענען געווען אָפּגעבראָכן, אָבער זייערע געלענקען האָבן זיך באַוועגט. מענטשן זענען געשטאַנען אַרום און האָבן געקוקט. די אָמאַרן האָבן געפּרוווט קעמפן, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט. עמיצער מוז דווקא מיט אַ שטיין אויסהאַקן אַ שויב, האָט דזשים געטראַכט. די ניכפּע זאָל זיי נעמען, די שמוציקע און פאַרשאָלטענע...

ערב-פרילינג האָט די קאַוויאַרניע נעבן דער סטאַציע פון

אונטערערד-באַן איינגעאָרדנט אין פענסטער אַ פרילינגט-אויסשטעלונג. דער אייגנטימער האָט עס איינגעריכטעט אַלס דאָרפישע ווירטשאַפט מיט קראָליקעס און הינדעלעך. אַלע פון דער געגנט אַרום האָבן באַטראַכט די אויסשטעלונג. אָבער די זון האָט געברענט, אין קאַוויאַרניע איז נישט געווען קיין צעלט-דאַך, די קראָליקעס האָבן געקראָגן פאַרכעס און ביי די הינדעלעך זענען אַרויסגעפאַלן די פעדערן. עס איז געווען אַ שרעק אַ קוק צו-טון, ווי די קראַנקע באַשעפענישן ליגן אין פענסטער, אָבער דער אייגנטימער האָט נישט אַ קלאַפּ-געטון אַ פינגער אָן אַ פינגער. איין מאַן האָט דאָס נישט געקאָנט צוזען און האָט מיט דער פויסט אויסגעהאַקט אַ שויב; ער האָט זיך צעשניטן די גאַנצע האַנט און איז אַריינגעפאַלן אין פאָליציי-באַצירק. די קינדער פון דער שכנות זענען באַפאַלן דעם פאָליציאַנט, וואָס האָט דעם מאַן אַוועקגעפירט, נאָר זיי האָבן געקראָגן פאָליצייאישע שטעקנס. דעם מאַן האָט מען אָפּגעשיקט אויף צו באַאָבאַכטן קיין בעליעוויו, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז משוגע.

יאָ, האָט דזשים געטראַכט, מסתמא איז ער איצטער אין מאַטאַוואַנער משוגעים-הויז. דעם אייגנטימער וואָלט מען געדאַרפט אויפהענגען און אָט די פאַרשאָלטענע שטאָט אינגאַנצן אַרויסזעצן אינדערלופטן.

און ער זאָגט צו זיך, אויב איך וועל נישט האַלטן מויל, וועל איך אַליין אויך אַריינפאַלן קיין בעליעוויו.

ער איז אַ ווײַלע געגאַנגען פאָרויס, דערנאָך האָט ער געטראַכט: צו-פיל מענטשן איז אויפן טראָטואַר.

זאָל אָקאָרשט עמיצער מיך אָנקוקן, וועל איך אים פאַרטשעפּן; איך וועל רעדן, דערנאָך פאַרמאַכן די אויגן און: קליאַטש.

ער קוקט יעדן גלייך אין פנים-אַריין, גרייט צו שלאָגן זיך, ער האָט אָבער דערזען אַ פרוי, און האָט באַטראַכט אירע קנעכלען, פיס, האָט צוגעקוקט זיך, צי זי האָט אַ בוזים, צי זי וואָלט גרייט-געווען אַ שפּיל צו טון זיך. ער האָט אָנגעקוקט איין מיידל, וואָס האָט אויסגעזען זייער ווייך און האָט געוויזן זייער פיל. אַז זי איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אים, האָט ער געוואָלט אומקערן זיך, בכדי מער צו זען. אָבער דאָ איז ווידער אַרויס-

געשוווּמען פון צווישן עולם אַ גנביש פּנים. און ער איז געוואָרן הארט און געזאָגט צו זיך: הער־אויף.

די גאַנצע צייט האָבן איז זיין קאָפּ געפּרוווט אַריינדרינגען געדאַנקען, גאָר ער האָט זיי פאַריאָגט. פאַרשידענע מחשבות האָבן אים אינעווייניק געעגבערט. צוליב־וואָס גייסטו ווייטער? דו וועסט זיך נישט אונטערהאַלטן, אויסער דעם, האַנדלסטו שלעכט. דו ווייסט, אַז דו וואָלסט געדאַרפט גיין אַהיים. נאָר ער איז געצווּנגען געווען צו פאַרשליסן זיין גייסט פאַר דידאָזיקע מחשבות. ער האָט נישט געקאָנט פירן קיין וויכּוחים. ער איז געווען אומגערעכט. ער האָט דאָס געוווּסט. אָבער ער וועט גיין ווייטער.

אַ „ברהמאַן מיט אַן אויסזען פון אַ דעטעקטיוו, — אַ פּאַפּיראָס אין מויל; אַן אַלטע פרוי מיט פּעקלעך; אַ יידיש פּאָר: דאָס מיידל איז שיין (יידישע מיידלעך זענען שיין, אָבער ער וועט זיי קיינמאָל נישט קענען); נאָך אַ פּאָר, ביידע העסלעך ווי שדים, אָרעם־אין־אָרעם, פאַרליבט; אַ יונג מיט צייטונגען; דריי שרייאיקע מיידלעך, זיי גייען זייער לאַנגזאַם, בלייבן־שטיין ביי די שויפענסטער, וואַרפן בליקן צו מאַנסלייט, כיכיקענען; אַ היגטישער זון, וועלכן ער וואָלט גערן צעממיתט (יאָ, אייך מיין איך), קערט ער זיך נאָך אום, וועט ער אים דערלאַנגען אַ זעץ; אַ מיידל אַליין, ווונדערשיינע פיס, זעען זיך איבער די קני (ביטע, קוקט אויף זיי); אַן איטאַליענער, — אויפן בויך זופּפלעקן און אַ דיקע גאָלדענע קייט; נאָך אַזאַ ממזר; אויפן ראָג נעבן פּאַפּיראָסן־געשעפט שטייען און וויגן זיך אין די היפטן דריי יונגען. האָט ער מיטגענומען פּאַפּיראָסן? יאָ. די לעקסינגטאָן־עוועניו.

וואַרטנדיק ביז מען וועט פאַרהאַלטן דעם פּאַרקער, האָט ער אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פּאַפּיראָס, אָנגעצונדן, און דערנאָך, איידער דער פּאַרקער־פּאָליציאַנט האָט געגעבן דעם סיגנאַל, איז ער אַריבערגעגאַנגען די גאַס. דער פּאָליציאַנט האָט מיט עמיצן גערעדט, מסתמא מיט אַ דעטעקטיוו.

האָטעל־קאָמאָדאָר. פון דעם זאַל מיט פּאַלמען און ווייכע סאָפעס האָט דער פּאָרטיע אַרויסבאַגלייט אַ געזעלשאַפט אין אָונטקליידונג צו אַן אויטאָ־דראָזשקע. איינע פון די פרויען אין אַ רויטן

סאַמעטענעם קאַפּטור האָט געראַוויכערט, און נאָכדעם ווי דער פּאָרטיע האָט געשלאָסן דאָס טירל און דער אויטאָ האָט גערירט פון אָרט, איז דערשינען איר האַנט, וואָס האָט אָפּגעטרייסלט דעם אַש. דער פּאָרטיע האָט נישט געקראָגן קיין טרינק-געלט, און דזשים האָט פאַרבייגייענדיק אים אַ ווונק-געטון, אָבער דער פּאָרטיע האָט זיך אויף אים אַפילו נישט אומגעקוקט. פאַרן גראַנד-צענטראַל איז געשטאַנען אַ לאַנגע רייע דראָזשקעס. דאָ איז אַ צייטונגס-פונקט. אָנגעשטעלטע. פון אַן אויטאָ האָט מען אויסגעלאָדן פּעק. אַ קליין מיידעלע, וועלכע האָט זיך געקלאַמערט אָן איר מוטערס אָרעם, האָט דזשימען אָנגעקוקט. פונם אויסגאַנג פון דער אונטערערד-באַן האָט געשטראָמט אַ גרויסער עולם, און דזשים האָט געמוזט אויף אַ רגע שטיין-בלייבן. איין מאַן איז געלאָפן האַסטיק אויף צו כאַפּן זיין צוג, האָט אין דער גיך גענומען אַ צייטונג און אַ וואָרף-געטון דריי מטבעות. די איבערשריפט לויטעט: סאַקאָ און וואַנזעטי וועלן שטאַרבן. דזשים האָט געטראַכט: מילא, קיין אומגליק נישט. איצטער אונטער דעם וויאַדוקט. עס זענען אָנגעקומען פון דעם טונעל בלישטשע-דיקע טראַמוואַי-וואַגאָנען. אין מעריב איז פאַרגאַנגען די זון. אַ יונגערמאַן איז צו צו דזשימען און אויסהיטנדיק זיך פאַר אַ פּאָליציאַנט, האָט ער שטיל אַ שעפּטשע-געטון: „גיט מיר פינף-און-צוואַנציק סענט אויף אַ גלאָז קאַווע". לכתחילה האָט דזשים נישט געוואָלט געבן, פונדעסטוועגן האָט ער געגעבן. דער חברה-מאַן האָט אַפילו נישט אָפּגעדאַנקט און איז שנעל אַוועק, און דזשים איז אַ בעלן געווען אים נאָכצולויפן און אָפּנעמען צוריק זיינע פינף-און-צוואַנציק סענט. אויפן ראָג זענען געלעגן קופּעס צייטונגען, און זיי אַלע האָבן דערציילט: סאַקאָ און וואַנזעטי וועלן שטאַרבן. די וואַנדערבילד-עוועניו.

דזשימען האָט מען געשטופּט. ער איז געגאַנגען צום טראָטואַר פון אַנטקעגנאיבער, — ערשט ער האָט דערפילט אַ זעץ אין פּלייצע, און האָט שיעור נישט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט. ער האָט שנעל מיט אַן אויפגעהויבענער פויסט זיך אומגעקערט. אַ גרויסער יונג איז געבליבן שטיין. ער איז געווען פיל גרעסער פון דזשימען. ער האָט געזאָגט: „גיט אַכטונג ווי איר גייט", האָט אַרויסרופעריש אַ שמייכל-געטון און איז אַוועק ווייטער.

דזשים איז געשטאַנען און האָט נאָכגעקוקט, ווי דעם יונגס פּלייצע פאַרשווינדט צווישן דעם עולם. ער האָט געפּרוווט בויגן זיין קאָפּ צו טראַכטן, אָבער זיין קאָפּ איז געווען פול־שטענדיק פּוסט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אַלץ האָט אויפ־געהערט צו עקזיסטירן: נישטאָ נישט קיין גאַס, נישט קיין מויערן, נישט קיין מיידל, וואָס ער דאַרף טרעפן. דער רוקן האָט אַביסל וויי־געטון, די פיס זענען געווען שוואַך, דער נאַקן פאַרשטייפט. ער האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז ער האַלט נאָך אַלץ די פויסט אין דער לופטן.

ער האָט פיינט־געהאַט דעם יונג שנאת־מות. ער האָט געקוקט אויף זיין פּלייצע דאָרטן ווייט צווישן דעם עולם און האָט געוואָלט אים נאָכלויפן, וואַרפן זיך אויף אים, אַ שליידער־טון אים אויף דער ערד, טרעטן אים מיט די פיס. ער האָט אַפילו גוט נישט געוווּסט, וואָס ער וויל. אָבער מיט יעדן שריט, אויף וועלכן דער חברהמאַן האָט זיך דערווייטערט, איז געשען עטוואָס נאָך מער שרעקלעכעס. איידער דער יונג איז נישט געלעגן אויף דער ערד, האָט קיין שום זאַך נישט געטאָרט רירן זיך פון אָרט. אַלץ, וואָס דזשים האָט פאַרמאָגט, אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט, אַלץ, וואָס ער איז געווען, איז אַוועק מיטן יונג, וואָס איז איצט פאַרשווונדן הינטער דער פיר־און־פערציקסטער סטריט. עס איז גאָרנישט נישט פאַרבליבן אויסער דער אויפגעהויבענער פויסט, און די פויסט באַדייט, אַז ער וואָלט אים געקאָנט שלאָגן, נאָר ער האָט דאָס נישט געטון. דער יונג האָט געזאָגט: גיט אַכטונג, ווי איר גייט, דער יונג האָט שפּאָטיש אים אָנגעקוקט. און דער יונג איז אַוועק ווייטער, לעבט נאָך, און הערט נאָך אַוודאי נישט אויף צו חוזקן.

דזשים איז ווייטער געגאַנגען, אָבער ער האָט נישט גע־ווּסט, וווּהין ער גייט. ער האָט זיך געהאַלטן האַרט ביי די הייזער, האָט אויסגעמיטן מענטשן, האָט מורא־געהאַט, טאָמער וועט ווער אים שלאָגן, און ער וועט קיין כוח נישט האָבן צו געבן צוריק. די גאַס איז געוואָרן ברייטער, די מויערן העכער, די מענטשן זענען געוואָרן הויך, פיל העכערע פון דזשימען. ער האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער שטאָט, געבויט פאַר מענטשן, פיל גרעסערע פון אים, וועלכע גייען גלייך פאַר זיך און האָבן

פאַר קיין שום זאַך נישט מורא. ער האָט די מענטשן נישט געקאָנט קוקן אין די פנימער. ניו־יאָרק איז געוואָרן געפערלעך, אימהדיק. אויטאָס טראָגן זיך פאַרביי, מענטשן יאָגן זיך, גרויסע מאַסן שטראָמען פון די אונטערערד־סטאַציעס, טראַמוואַיען קלינגען, ווייט, ערגעץ אין דעם שטראָם האָט אַ פייף־געטון אַ סירענע. דזשימען האָט באַהערשט אַ שרעק.

דער ווייטיק אין רוקן איז שטאַרקער געוואָרן. דאָס איז גאָרנישט געווען קיין ווייטיק. דאָס איז געווען אַ בראַנד, וואָס פאַרבלייבט אויף אַן אָרט און ברענט; דאָס איז געווען אַ באַליידיקונג, וועלכע מען קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, פונקט ווי אַ קליין קינד וואָלט אים אַ שפּיי־געטון אין פּנים, און דערנאָך אָפּגעלאָפן פון אים, און ער וואָלט געווען ווי אין אַ חלום, און וואָלט נישט געקאָנט אים אָנשלאָגן. ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט וועגן דעם צו טראַכטן. דאָס איז געווען עטוואָס שרעקלעכעס. זיין פאַרדרוס איז אַלץ מער־און־מער געוואָקסן, און ער האָט נישט געקאָנט גיין. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ער איז געווען איינער אַליין אין גאַנץ ניו־יאָרק, אָן אַ היים, אָן פריינט, אָן געלט אין דער קעשענע. ער איז געווען הונגעריק, האָט שוין זינט עטלעכע טעג גאָרנישט נישט געגעסן, און ער וואָלט גערן געווען אויסטרינקען כאָטש אַביסל וואַסער. יעדע רגע קאָן מען אים אַרעסטירן אַלס בראָדיאַגע. ער דערמאָנט זיך גאָרנישט, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געשלאָפן אין אַן אמת בעט. ער זוכט אַרבעט, נאָר ער קאָן בשום־אופן נישט געפינען. ווער גיט דאָס אַרבעט אַ בראָדיאַגע! ער האָט געוואָלט צוגיין צו אַ יונגנמאַן און זאָגן: גיט מיר פינף־און־צוואָנציק סענט אויף אַ גלעזל קאַווע. ער האָט דאָס שיעור נישט געטון. ער האָט אָנגעקוקט איינעם, וועלכער האָט געהאַט אַ גוטמוטיקן אויסזען, און איז צו אים צוגעגאַנגען נאָענט. דער יונגערמאַן האָט געמוזט אָנשטויסן זיך, וואָס דזשים פאַרלאַנגט, ווייל ער האָט דזשימען אָנגעקוקט און איז שנעל אַוועק ווייטער.

דזשים איז מיט וואַקלדיקע טריט פּאַמעלעך געגאַנגען צום אַנטקעגנדיקן טראָטואַר. קיין היץ אין רוקן האָט ער איצטער שוין כמעט ווי נישט געפילט, אָבער זיין גאַנצער קערפּער איז געווען מיד, טעמפּ און גלייכגילטיק. דער קאָפּ האָט אים לייכט

דווי-געטון. זיינע פיס האָבן זיך געשלעפּט איבערן אַספאַלט. ער האָט געהערט ווי עמיצער זאָגט: „זע, אָט דער איז שיכּור."

אָן אויטאָ-סיגנאַל האָט אים אויפגעוועקט. ווען ער האָט אים דערהערט, איז ער געווען אויף אַ האָר פון איבערגעפאָרן צו ווערן, נאָר ער איז שעלטנדיק אָפּגעשפרונגען אויף צוריק. דער שאָפער האָט צוריקגעשאָלטן און איז געפאָרן ווייטער. דער פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט זייער לאַנגזאַם געפרעגט: „וואו, צום טייוול, מיינט איר, גייט איר דאָס?" דזשים האָט נישט געענטפערט.

ער איז אַריבער אויף דער אַנדערער זייט פון דער עדיסאָן-עוועניו. דער זייגער האָט געשלאָגן אַ פערטל נאָך אַכט. אַ מיידל איז געשטאַנען אונטער דעם זייגער און האָט אויף עמיצן געוואַרט. זי האָט אַ שיינע פיגור, און באַוויזט זי. דזשים איז געגאַנגען ווייטער.

איצטער האָט ער זיך געפילט ווייניקער שלעכט. אַביסל האָט אים נאָך ווײי-געטון, נאָר ער האָט זיך דערמיט נישט זייער שטאַרק איבערגענומען. ער האָט דאָס שוין כּמעט ווי פאַרגעסן. פון צייט-צו-צייט דערמאָנט ער זיך אָן דעם שטויס, און בלייבט שטיין מיט אַ פאַרויטלט געזיכט, מיט קללות אויף די ליפּן, אָבער פּאַקטיש איז אים שוין געווען אַלצאיינס. ווידער האָט ער גענומען קוקן די דורכגייער — דער עיקר מיידלעך — אין געזיכט. דאָס אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס די מיידלעך — זענען זיי אַליין — יאָגן זיי זיך ערגעץ וווהין, און לאָזן זיך נישט מיטנעמען, זענען זיי זאַלבעצווייט אָדער זאַלבעדריט, ווילן זיי גאָרנישט אָנקוקן איינעם, וואָס גייט אַליין. (דו וועסט דאָך אין עטלעכע מינוט אַרום טרעפן אַ מיידל. קאָנסטו דען נישט וואַרטן?). געוויס קאָן איך, האָט ער געענטפערט. איך שפּאַס דאָס נאָר. (אַ פיינער שפּאַס. מסתּמא וואָלסטו אַוועקגעהאָלכט מיט יעטוועדער-איינער, וועלכע וועט דיר מאַכן אַ חנדל). אַוודאי, וועל איך דאָס טון, האָט דזשים געטראַכט. פאַרוואָס דען נישט? (אָבער...) אָ, יעזוס, האָט דזשים געזאָגט.

איצטער איז שוין באַלד די פינפטע עוועניו. אין עטלעכע מינוט אַרום וועט ער דאָרטן זיין. ציילן די טריט. ער ציילט איינס, צוויי, דריי, פיר, ביז איבער פערציק, דערנאָך איז ער

געבליבן שטיין נעבן אַ רעסטאָראַן, צו באַטראַכטן אַן עלעגאַנט מיידל. קיין שום באַזונדערעס. ווייטער, די פינפטע עוועניו.

אָט איז די צוקערניע. אָט דאָ קאָן מען קויפן געצייכנטע קאָרטן, אַ שפּיל פּאַר איין דאָלאַר. אָט איז אַ געשעפט פון פרויען-וועש, זייער זיידיק און זייער דורכזיכטיק. אָט איז דאָס פּאַפּיראָסן-געוועלב. און אָט, ענדלעך, די פינפטע עוועניו.

עס איז געווען וואַרים, ווייך און שטיל. עס זענען פאַרביי-געפאָרן איי ניקע אויטאָ-דראָזשקעס. אויף דער עוועניו האָט געברענט אַ לאַנגע רייע לאָמפּן, וואָס האָבן זיך פאַרלוירן אין דער ווייטקייט. מענטשן זענען געגאַנגען לאַנגזאַם. איין מאַן אין ווייסע קאַמאַשן מיט אַ גאַרדעניע אין ראָק האָט געקלאַפּט מיטן שטאָק אין דער ערד. רויטע סיגנאַלן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גרינע, און עס איז אָנגעקומען דער אָמניבוס. דער קאָנדוקטאָר האָט געזאָגט: „אויבן פאַרנומען, אונטן דריי פּלעצער". איי ניקע פרויען זענען איינגעשטיגן, אָבער אַ יונג פּאָרל איז געבליבן וואַרטן. דאָס מיידל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם בחור, האָט אַרויפגעקוקט צו אים און געשמייכלט. דזשים האָט געפּרוּווט איבערצוכאַפּן איר בליק, אָבער זי האָט נישט געקוקט אין זיין זייט.

עס איז דורכגעגאַנגען זייער אַן אַלטע פרוי, געקליידעט אין שמאַטעס, אַ פאַרוועלקטע בלום אויפן אַקסל און אַ פעדער אין הוט. זי האָט געטראָגן אַ געשטריקטן מאַרק-קוישל. זי האָט גערעדט מיט זיך אַליין, האָט געזאָגט: „איר דאַרפט נישט גלויבן", און געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט דערזען אויפן אַספאַלט אַ פּאַפּיראָסן-שאַכטל, האָט עס אויפגעהויבן און געעפנט. דאָס שאַכטל איז געווען ליידיק. דאָך האָט זי עס אַריינגעלייגט אין קוישל.

די טויבן זענען אַראָפּגעפלויגן פון דאַך פון דער ביבליאָטעק צו דער ערד אַראָפּ און ווידער זיך אויפגעהויבן אין דער הייך. צוויי האָבן געשוועבט אַרום דער שטאַנג פון אַ פאָן. אַביסל שטויב האָט געווירבלט אויפן אַספאַלט. די אויטאָס האָבן זיך שטיל געגליטשט. די דורכגייער האָבן נישט גערעדט.

דאָרטן, גאָרנישט ווייט, איז די זעקסטע עוועניו. דריי מינוט ביז דאָרטן, און נאָך מיט דריי מינוט שפּעטער וועט ער זיין ביי די פאָנטאַנען. ער וועט אַ ווײַלע אָפּוואַרטן, דערנאָך וועט ער

אַרויסגיין פון צווישן דעם עולם און שמייכלען. ער האָט געפּרווּוט פאָרשטעלן זיך, ווי זי וועט אויסזען. ער האָט זי קיינמאָל נישט געזען אָנגעטון אַנדערש, ווי אין אַ ראָזער בלוזע מיט אַ שירץ. זי וועט טראָגן אַ הוט, אַ מאַנטל, אַ בלוזע, אַ ראָק. ער האָפט, אַז די בלוזע וועט זיין טיף אויסגעשניטן. נישט צו־פיל קנעפּ... עס איז אַלעמאָל אין אָנהייב זייער שווער צו באַוועגן די מיידלען אויפצוקנעפּלען זייערע קליידער. שפּעטער, ווען עס גליען זייערע ליפּן, און עס גלאַנצן זייערע אויגן, — מאַכט דאָס שוין נישט אויס. אָבער איידער זיי זענען צוגעגרייט, קומט דאָס אויס גאַנץ שווער.

ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע געזען זי אין אויטאָ, אָנגעשפּאַרט אויף זיין אָרעם, קושנדיק אים, די צונג אין זיין מויל. זיין האַנט האָט צוערשט באַרירט איר בלוזע פון דרויסן. דערנאָך, אַראָפּלאָזנדיק איין פינגער אין אויסשניט קושט ער זי זייער שטאַרק, און אומבאַמערקט, כּדי נישט צו דערשרעקן זי, שטעקט ער אַריין די האַנט אין דאָס וואַרימע אינעווייניקסטע, פּרעסט זאַנפט די רונדונג, רייבט די ברוסט־נאָפּלען. זי באַוועגט זיך. זי זאָגט: נישט. אַ שוואַכער נישט, אָבער אירע ליפּן זענען הייס, און איר צונג פאַרבלייבט אין זיין מויל.

אויף דער שוואַרץ־גאָלדענער ראַדיאַטאָר־געביידע האָט מען אָנגעצונדן די לאָמפּן, און דאָס גאָלד איז געוואָרן לעבעדיק. טויזנטער און ווידער טויזנטער באַלויכטענע פענסטער האָבן גענומען רייסן זיך אין הימל־אַריין, און די שוואַרצע מויערן, וואָס זיי זענען איינגעראַמט, זענען געוואָרן קוים זיכטבאַר. די רוקן־וואַנט פון דער ביבליאָטעק האָט געגלאַנצט, און דער ברייאַנט־פּאַרק מיט זיין אַרומצוימונג זענען געווען טונקל. רעכטס איז באַר־וואָס אויסגעבויט געוואָרן אַ מויער, אויפן טראָטואַר זענען נאָך געלעגן רעשטלעך פונם בוי־מאַטעריאַל; אויף אַ קלאָץ איז געזעסן אַ מאַן מיט איין פוס און פאַרקויפט בלייפעדערס. פרויען האָבן געוואָרפן מטבעות אין זיין הוט.

און אפשר וואָלט פאָרט בעסער געווען דער „פּאַראַדיז”. דאָרטן קען ער אַלעמען, און אויב העלען טאַנצט נישט, קאָן ער רויק זי איבערלאָזן און טאַנצן מיט אַנדערע. געוויס קאָן זיך טרעפן, אין פאַל, אויב זי טאַנצט גוט, אַז עמיצער זאָל זי

אויפקומען. פונדעסטוועגן וועט ער דאָס אפשר אויסמיידן. פון דער צווייטער זייט איז אין „פּאַראַדיז" שווער ווי געהעריק אַ פלירטעווע צו טון. אַליווער קוקט אויף דעם קרום. און קיין טראָפּן אַלקאָהאָל נישט. אָן אַלקאָהאָל קאָן מען גאָרנישט אָנהייבן.

אָבער „פּאַראַדיז" האָט אַן אָרקעסטער און ביי פּאַדין איז נאָר אַ קלאַוויר-אויטאָמאַט. ביי פּאַדין מאַכן די אָנגעשיכּורטע אָפּטמאָל ווּיסטע סקאַנדאַלן, און דאָס קאָן זי אָפּשרעקן. עס פּאַסירט אָבער אויך, אַז נאָך עטלעכע כּוסות הייבן-אָן די מענטשן פון פאַרשידענע טישלעך אַן אַלגעמיין געשפּרעך, און מען באַשטעלט שנאַפּס פאַר אַלע אָנוועזנדיקע. דעמאָלסט פילן זיך אַלע גליקלעך, און וואָס מער מען טרינקט, אַלץ ווייניקער קימערט מען זיך וועגן דעם, וואָס יעדערער באַזונדער טוט. יעט-וועדער טאַנצט מיט יעדערער. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז אַ מיידל ווערט אַזוי אויפגערעגט, אַז זי רייסט פון זיך אַראָפּ די קליידער און הייבט-אָן צו שרייען און צו ציטערן. די מענטשן רעווען און פּאַטשן מיט די הענט, און נאָך מער-און-מער מיידלעך פאַרלירן די קעפּ. פּאַסירט היינט אינאָוונט עפּעס אַזוינס, וועט דאָס צוגיין זייער גוט.

אין „פּאַראַדיז" איז אַלץ זייער אָנשטענדיק. מען מוז טאַנצן. אַליווער ווייסט, אַז ווי נאָר ער קערט זיך אָפּ, שטייען די פּאָרלעך אין די ווינקלעך, און מען רייבט זיך איינער אָן דעם אַנדערן. דאָס גייט אים נישט אָן. אָבער דער לאָקאַל איז נישט קיין שפּעקייזי, און פּאָליציאַנטן גייען אַריין-און-אַרויס, און דערצו נאָך האָבן זיי אַליווערן נישט ליב. מחמת דעם מוזן די געסט האַלטן זיך סאָליד. הגם דער אָרקעסטער איז אַ גוטער, אָבער עס איז נישטאָ קיין אַלקאָהאָל און עס איז נישטאָ די אומגעצווונגענקייט. אַלזאָ, נישט געקוקט אויף דער ריזיקע, וועט דאָס דאָך מוזן זיין פּאַדיס.

דזשים האָט זיך געפונען אונטער דער הויכבאַן פון דער זעקסטער עוועניו; ער איז געגאַנגען צווישן די פיל אויטאָס, וואָס זענען געפאָרן צו די טעאַטערן. די פּריוואַט-אויטאָס האָבן געהאַט שאָפערן, און די מענטשן אין וואָגן זענען געזעסן אָפּ-גערוקט איינע פון די אַנדערע און געקוקט גלייך פאַר זיך;

דאַקעגן אין די אויטאָ-דראָזשקעס זענען די פּאָרלעך געזעסן ענג צוגויפגעטוליעט, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, אָדער דער מאַן האָט אַרומגענומען מיט זיין אָרעם די פרוי. אין איין דראָזשקע האָבן צוויי געקושט זיך. דער אויטאָ איז אויפגעשווומען אַנטקעגן דזשימען, איז, אויפן פּאָליציאַנטס צייכן, אייניקע רגעס געשטאַנען און געוואַרט, איז דערנאָך געפאָרן ווייטער, און די צוויי האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין קושן זיך, זי האָט זיך צו אים אַראָפּגעבויגן און מיט די הענט אַרומגענומען זיין האַלז, און ער האָט זי פעסט געהאַלטן ביי דער טאַליע.

אויף דער אַנדערער זייט איז אַלץ געווען באַלויכטן. עס איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן נאַכט, און די לאָמפּן האָבן קיין שיין נישט געוואָרפן. זיי האָבן עקזיסטירט פאַר זיך אַליין, אַלס שטראַלנדיקע פּונקטן, די דראָטן אין די לאָמפּן זענען נאָך נישט געווען אָנגעגליט. אין אַ פאָטאָגראַפישן אַטעליע האָט געברענט אַ בלוי ליכט, וואָס האָט אויסגעקרימט די דורכגייערס פּנימער. דערנעבן איז געווען אַ פענסטער מיט רויטן ליכט. נאָך ווייטער, הינטער דעם בראָדוויי,— די טעאַטער-רעקלאַמעס, גרויסע, גלאַנצנדיקע ווערטער. נאָך ווייטער, אויף דער אַכטער עוועניו, זענען די לאָמפּן פאַרשוווּנדן-געוואָרן און דאָרטן האָט געהערשט טונקלקייט.

מיט יעדן שריט — אַלץ מער מענטשן, וואָס קוקן אין די שוי-פענסטער, גייען-אַרויס פון רעסטאָראַנען, שפּאַצירן זיך לאַנגזאַם אָן אַ שום ציל, אָדער טראָגן זיך האַסטיק ערגעץ וווּהין, צו אַ צונויפטרעף אָדער אין טעאַטער. אויטאָס האָבן געטרומייטערט. אַ טראַמוואַי האָט געקלונגען. אַ פּאָליציאַנט איז דורכגעריטן אויף אַ פערד. אַ צייטונגס-ייִנגל האָט אויסגערופן: אַלע ידיעות וועגן סאַקאָ און וואַנזעטיס טויט. פון דער אונטערערדבאַן האָט זיך געהערט קלינגען, לאַנגזאַם האָט זיך אויפגעעפנט אַ שטאָלענע טיר און עס האָט זיך באַוויזן אַ מאַן מיט צוויי קאַסטנס. עס האָבן ווייטער געשטראָמט פיל מענטשן; אייניקע האָבן געאיילט רעכטס צום בראָדוויי-צו, אַנדערע אין דער קעגנזעצלעכער ריכטונג. אָפּטמאָל פלעגט עמיצער אין איילעניש אַ יאָגטון זיך אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. אַ דיקע פרוי איז געשטאַנען אין טויער פון אַ טונקעלן געוועלב, מיט אַ טאָרבע, וואָס איז געווען אַרומגעגאַרטלט אַרום בויך און האָט פאַרקויפט ביכער.

עס איז געווען טומלדיק. די דורכגייער האָבן הויך גערעדט. אויף אייניקע פּנימער איז געלעגן אויסגעגאָסן אַ פרייד פון דערוואַרטונג; זיי זענען געגאַנגען דורכן עולם, אויף קיינעם נישט געקוקט, געשטויסן די פאַרבייגייער; אַנדערע זענען גע- גאַנגען פּוסט-און-פּאַס, האָבן געקוקט אויף אַלע דורכגייער, און געפּרוּווט אַפילו צו פאַרפירן געשפּרעכן. פאַרן זענען אָנגעקומען, פאַרליבטע און אַזעלכע, וואָס קאָנען זיך שוין פון זייער לאַנג, גרופּעס צו פיר און צו זעקס און נאָך מער יונגעלייט צוזאַמען, האָבן ערגעץ וווהין געיאָגט זיך, געזוכט און גערופן איינס די אַנדערע אין דעם מענטשן-שטראָם. יונגע, שמייכלענדיקע מיידלעך. ליכט, ליאַרם און פיל מענטשן.

פּלוצלינג איז ביי דזשימען אין דמיון אַרויפגעשווומען העלענס געזיכט און ער איז געווען זיכער, אַז זי וואַרט שוין אויף אים אויפן אָפּגערעדטן אָרט און זי איז אומגעדולדיק. ער האָט אַ שפּרונג-געטון און אָנגעהויבן לויפן צום בראָדוויי. ער האָט געשטויסן, און געקראָגן שטויסן, נאָר ער האָט אויף דעם נישט געקוקט. ער האָט געוואָלט תּיכּף דאָרטן זיין. אָט איז די טיימס- געביידע. ער וואָלט גערן געווען צו מאַכן אַן אומגעהייערן שפּרונג און גלייך אַריינשפּרינגען אין לאָקאַל. „וואָס צום טייוול?" האָבן געשריגן מענטשן. דזשים איז געלאָפן.

זי וואַרט, האָט ער געטראַכט. זי איז דאָרטן. עס איז האַלב ניין. זי איז געקומען צו דער צייט, און איר איז שוין נמאס געוואָרן צו וואַרטן. אייל זיך צו, אויב נישט, וועט זי אַוועקגיין.

אויף דער גאַס איז געווען אַזאַ געדראַנג, אַז ער האָט שוין נישט געקאָנט לויפן. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ פויסט און, פונאַנדערשטופּנדיק די דורכגייער אויף רעכטס-און-לינקס, איז ער געגאַנגען ווייטער. איינמאָל האָט זיין פויסט געטראָפן אין עטוואָס ווייכעס. ס'איז געווען אַ מיידל. זי איז געוואָרן אין כּעס. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. נאָר ער האָט אַ שפּרונג-געטון און — פאַרביי דעם מיידל. ער האָט געשפּירט, אַז ער איז זייער שטאַרק. זאָל עמיצער אים איצטער אַ שטופּ-טון, וועט ער שוין יענעם ווייזן. ער וואָלט אים זיין מיאוסן פּרצוף צעבלוטיקט. היידאַ, האָט ער געזאָגט, שנעל.

עס איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט. די מענטשן האָבן

אַזוי לייכט זיך נישט געלאָזט שטויסן. דעריבער האָט ער געלאָזן אין גאַנג בײדע הענט. ער האָט אָנגעכאַפּט מענטשן און זיי אַװעקגערוקט אָן אַ זייט. אייניקע האָט ער אַפילו אונטערגעהויבן. מיט פרויען האָט ער דאָס אָפטער געטון. ער האָט געטראַכט: איך װעל אין נאָענטסטן אויגנבליק כאַפּן אַ פּאַטש. ער האָט געלאַכט: קומט אַהער, שלאָגט מיך.

נאָך מער ליכט. אומעטום ליכט. די גאַס האָט אויסגעזען װי אַ בינע. אין איין אָרט האָבן מענטשן געשטויסן זיך אַרום אַ מאַן, װאָס האָט עפּעס־װאָס פאַרקויפט. זיין שטים האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן ליאַרם אַרום. ער האָט געשריגן: „דאָס בעסטע... דאָס אייניציקע...״ ער האָט גערופן: „מיינע דאַמען און הערן...״ דזשים האָט געװאָלט אויף אַ רגע זיך אָפּשטעלן. נאָר ער איז װידער געװאָרן אומגעדולדיק. אייל זיך צו, האָט ער געזאָגט, זי װאַרט.

דער בראָדװיי האָט געפינקלט. ליכט. פאַרבן. פון אַ ראַדיאָ־געשעפט האָט געקלונגען אַ ליד. דזשים איז צוגעשפּרונגען. נעבן דער טיימס־געביידע זענען געלעגן קופּעס צייטונגען. שלאָג־שורות סאַקאָ־װאַנזעטי זענען אים אַנטקעגנגעשפּרונגען. אין ליזשעטס שוי־פענסטער זענען געלעגן בלויע שאַכטלען מיט נאַשװאַרג. די טיר איז געשטאַנען אָפן. ער איז מיט אימפּעט אַרייננגעלאָפן.

עס איז טאַקע געװען האַלב ניין. זיינע אויגן זענען געלאָפן פון איין פּנים צום צװייטן, האָבן דורכגעשװעבט פאַרביי דעם פרישטיק־בופעט, האָבן געזוכט הינטער די זיילן, האָבן געװאַנדערט איבערן זאַל און פאַרביי דער טאַבאַק־שטעלע. אפשר איז זי אונטן ביי די צייטונגען. זי האָט געזאָגט: „אויבן, ביי די סאָדע־פאָנטאַנען״. זי איז נישטאָ.

זי װעט נישט קומען. זי האָט אים גוט אָפּגעטון. זי לאָזט אים זיצן. גראָד איצטער פאַרברענגט זי מיט עפּעס אַ בענקאַרט, און זי דערציילט אים: „איינער אַ יונג האָט אַזוי לאַנג מיך געבעטן, איך זאָל מיט אים גיין, ביז איך האָב סוף־כּל־סוף באַשטימט מיט אים היינט צו טרעפן זיך. אויב ער װאַרט אויף מיר, װעט ער לאַנג װאַרטן״. זי לאַכט. דער חברהמאַן זאָגט: „אומגליקלעכער שיפּש.

פאַרוואָס, צום טייוול, איז זי דאָ נישטאָ? פאַר וועמען, צום טייוול, האַלט זי מיך, וואָס זי לאָזט מיך וואַרטן? וואָס, צום טייוול?...

אַ חנעוודיק מיידל שטייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ זייל, קיי-גומע אין מויל, און באַטראַכט דעם אַריינגאַנג; צוויי דיקע פרויען פון דזשערסיי פלוידערן, איינע קוקט אויף אַ האַנט-זייגערל; עפּעס אַ לאָבוסל וואַרט אויף עמיצן; אַ מאַן מיט אַ טעקע צווישן די פיס צינדט-אָן אַ פאַפּיראָס; ביים בופעט שטייען מענטשן און טרינקען; פון די טרעפּ פון דער אונטערערד-באַן קומען אין זאַל אָן מענטשן; צוויי סטודענטן האָבן געפּאַקט צוויי שטיפּערקעס, און זיי ווילן זיי באַוועגן צו גיין אין אַ לאָקאַל, וואָס עס פּאַסט נישט פאַר די מיידלעך; אַן עלטערער מאַן פירט אַן ערנסטן שמועס מיט אַ פרוי, וועלכע זעט-אויס זייער סאָליד; אינדרויסן קלינגען שטימען: „די כינעזער-שטאָט, אַ דאָלאַר אַ טור". „אַ דאָלאַר קיין קוני-אײַלאַנד". פון דרויסן זענען אַריינגעדרונגען ליאַרם און געפּילדער; בעת אונטן פלעגט דורכפאָרן די אונטערערד-באַן האָט די טיימס-געביידע זיך אַביסל געטרייסלט.

וועט דער חברהמאַן, וואָס אויף אים וואַרט דאָס חנעוודיקע מיידל, נישט קומען, וועט דזשים דענסטמאָל צוגיין צו איר און זאָגן: מיר וועלן זיך קעגנזייטיק טרייסטן. דאָס חנעוודיקע באַ-שעפעניש וועט אַוודאי רופן אַ פּאָליציאַנט אָדער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי באַמערקט אים נישט. איר בליק וועט פאַרביי-שוועבן פאַרביי אים און זייערע אויגן וועלן זיך נישט באַגעגענען, איר געזיכט וועט זיך פאַרענדערן, און דזשים וועט שטיין מיט אַ נאַרישן אויסזען און וועט נישט וויסן וואָס צו טון.

און אפשר וועט זי זאָגן: „איך קען דאָך אייך נישט". דעמאָלסט קאָן מען זיך שוין אַן עצה געבן, וואָס צו ענטפערן. אָדער אפשר וועט זי דאָס נישט זאָגן. אפשר וועט זי טאַקע אים נעמען ביי דער האַנט. און דעמאָלסט (זיי געזונט, העלען) אין קינאָ, צו פאַדי, אין אַן אויטאָ-דראָזשקע און אַהיים.

פינף-און-צוואַנציק פאַר ניין. דאָס קינאָ וועט זיין געפּאַקט. דרויסן שלענגלט זיך שוין אַ רייע, און אינעווייניק נאָר פּלאַץ צום שטיין. ווי לאַנג, מיינט זי דאָס, וועט ער אויף איר וואַרטן?

ער און האַנק ווילסאָן האָבן אַמאָל אַרומגעשלעפּט זיך איבער דער פיר-און-צוואַנציקסטער סטריט, און געמאַכט אַן אָנשטעל פון הוליענדיקע סטודענטן; אַ פּאָר בלאָנדינקעס האָבן דעמאָלסט געזאָגט צו זיי: „האַלאָ, וווהין גייט איר?" „ערגעץ נישט, מיר שפּאַצירן נאָר. און איר וווהין גייט?" „ווילט איר גיין אין דעם דיצי-קלוב?" האָבן געפרעגט די מיידלעך. „ניין", האָט געענטפערט האַנק, „אומעטום, נאָר נישט אין דעם דיצי-קלוב. איך קאָן נישט ליידן דעם דיצי-קלוב. ווילט איר מיטגיין אין אַ האָטעל?" „און אפשר פאָרט אין דיצי-קלוב?" האָבן געזאָגט די מיידלעך „ניין", האָט האַנק דערווידערט, „פאַרוואָס ווילט איר גיין נישט אַנדערש, ווי אין דיצי-קלוב. מיר וועלן אייך פירן וווהין איר ווילט, נאָר נישט אין דעם קלוב". „איז נישט", האָבן געזאָגט די מיידלעך. — „טאָ גייט צו אַלדי רוחות!" האָט האַנק אַ ברום-געטון. און זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

דאָס חנעוודיקע וועזן האָט גאָרנישט געוואַרט אויף אַ בחור, נאָר אויף איר מוטער. די מוטער איז געקומען און אָנגעהויבן צו בייזערן זיך, דעם חנוודיקן וועזן האָט דאָס פאַרדראָסן, און עס האָט געזאָגט: „מוטער, נישט אָט דאָ". אַמפּערנדיק זיך זענען זיי אַראָפּ צו דער אונטערערד-באַן. אַ נידעריקער מאַן איז צוגעגאַנגען צו די צוויי פרויען פון דזשערסיי, האָט אַרויסגענומען טעאַטער-בילעטן, און זיי זענען אַוועק. די צוויי סטודענטן האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין איבערעדן די צוויי מיידלעך. איינער האָט געזאָגט: „לאָמיר דאָך גיין", און אָנגענומען דעם מיידלס אַרבל. זי האָט געענטפערט: „לאָזט מיך אָפּ". דזשים האָט אין זיין געדאַנק געזאָגט צו די צוויי סטודענטן: איר וועט נאָך אַליין פאַרברענגען דעם אָוונט. איינס פון די מיידלעך האָט באַגעגנט דזשימס אויגן און האָט באַמערקט, אַז ער לאַכט; זי האָט געמאַכט אייניקע שריט אין זיין ריכטונג.

„האַלאָ", האָט זי געזאָגט.

העלען איז געקומען, נאָר דזשים איז געווען פאַרנומען. ער האָט געטראַכט: „איר וועט מוזן אַ רגעלע צוואַרטן", און האָט דערזען, אַז אויך דער סטודענט גייט-צו נענטער. עס וועט נאָך זיין פריילעך. ער איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס.

איינס פון די מיידלעך האָט אָנגעכאַפּט דעם סטודענט ביים

אָרבל. זי האָט אים עפּעס געזאָגט. ער האָט געענטפערט: „לאָז מיך אָפּ". דאָס מיידל האָט אים אָבער געהאַלטן פעסט. עס איז צוגעגאַנגען אויך דאָס צווייטע מיידל. דער סטודענט האָט אָנגע-הויבן צו שילטן. דזשים האָט שפּאָטיש געשמייכלט.

העלען איז געווען ווילד ווי אַ בייזער טייוול. „אויב איר הייבט אַזוי אָן"... האָט זי געזאָגט. לכתחילה האָט איר מיר איינ-גערעדט צו גיין מיט אייך, און נאָכדעם... אויב איר וועט זיך אַזוי באַנעמען..."

דאָס מיידל האָט, ווי עס ווייזט אויס, צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן גיין, וווהין דער סטודענט וויל, זאָל ער נאָר באַרויקן זיך. די פיר האָבן בייז געקוקט איינע אויף די אַנדערע, געזעדט, געקריגט זיך, און זענען אַוועקגעגאַנגען. דזשים האָט געווענדעט זיך צו העלען.

„האַלאָ", האָט ער געזאָגט.

ער האָט זיך געפילט גרויסאַרטיק. אפשר זאָל ער זיי אָניאָגן און דעם סטודענט מכבד-זיין. יאָ, ער דאַרף דאָס טון. פאַרוואָס צום טייוול האָט ער אים נישט געשלאָגן?

„איך גיי אַהיים", האָט געזאָגט העלען.

„ער איז אַ סטודענט", האָט דערקלערט דזשים. „דידאָזיקע חברה מיינט, אַז די גאַנצע שטאָט געהערט צו זיי. זיי קומען אויף פעריען קיין ניו-יאָרק און מאַכן וויסטע סקאַנדאַלן, און אין דער גאַנצער פאַרשאָלטענער שטאָט איז נישטאָ קיין איינציקער, וואָס זאָל זיי זאָגן: האַלט".

ער האָט אָנגענומען העלען ביים אָרעם. „איך האָב נישט געוווּסט צי איר וועט קומען. איך האָב געוואַרט, און דער האָט מיך אָנגעקוקט און האָט זיך געהאַלטן זייער חוצפּהדיק. איך האָב גע-זאָלט אים מכבד-זיין".

זי איז נישט אַזוי הויך, ווי אים האָט זיך געדוכט, און איר אָרעם איז דורכן זשאָרזשעט-אַרבל געווען ווייך, און דאָס קלייד איז געווען זייער טיף אויסגעשניטן. אַז זיי זענען דורכ-געגאַנגען, האָבן מענטשן געקוקט אויף איר בוזים און דאָס איז דזשימען נישט אָנגעשטאַנען. אַ יונג איז געשטאַנען ביי אַ ווינקל פון דער טיימס-געביידע און האָט אָנגעקוקט העלען. יאָ, האָט דזשים געטראַכט, אויב איך וועל דעם גאַנצן אָוונט דאַרפן צוזען,

ווי אַנדערע קוקן אויף דיר, וועט דאָס זיין אַ קנאַפּ פאַרגעניגן.

„איר האָט אָפּט אַוואַנטורעס, אמת?”

„ניין”, האָט ער געענטפערט. „היינט אָבער האָב איך דערזען, ווי יענע חברהלייט האָבן איינגערעדט די צוויי מיידלעך צו גיין אין אַ באַשטימטן לאָקאַל. שטעלט זיך פאָר, ווי דאָס זעט אויס, ווען מען נעמט אַ מיידל ביים אָרעם און מען צווינגט זי מיטגיין”:

„איר וואָלט דאָס נישט געטון, אמת?”

דער אופן, ווי זי האָט אים אָנגעקוקט, איז אים נישט געפעלן געוואָרן.

„ניין, איך וואָלט דאָס נישט געטון”.

„איר וואָלט זיך אַנדערש באַנומען”.

„יאָ, אַנדערש. מיר מוזן זיך צעשיידן”.

„וווּהין גייען מיר?”

„אין קינאָ”.

„אָך”, האָט זי אָפּגעזיפצט.

און זי האָט נאָך מזל, וואָס זיי גייען אַהין. עס האָט ווייניק געפעלט, ער זאָל זאָגן: אַנטשולדיקט — און פאַרשווינדן.

און צוליב דעם האָט ער דעם גאַנצן גיהינום דורכגעמאַכט. האָט דער מוטער פאַרשאַפט עגמת-נפש, האָט אַליין זיך שלעכט געפילט; ער האָט געמיינט, אַז עפּעס וווּנדערלעכעס וועט געשען, און... דאָס איז אַלץ, וואָס ער באַקומט.

זיי האָבן קוים געקאָנט דורכגיין די גאַס, אַזוי רוישיק איז געווען דער פאַרקער. העלען האָט מורא געהאַט צו גיין אין זיגזאַג, און בעת ער האָט זי פעסטער גענומען ביים אָרעם און געוואָלט זי דורכפירן, האָט זי אים פאַרהאַלטן און געזאָגט: „וואַרטצו אַ רגעלע. ווו ברענט דען?” איר געזיכט איז געווען האַרט. ער געפעלט איר נישט. זי געפעלט אים אויך נישט. אויף צרות האָט ער נויטיק געהאַט דאָס אָפּרעדן זיך מיט איר; ער האָט אינגאַנצן נישט געדאַרפט קומען אַהערצו. וואָלט ער נישט געקומען, וואָלט ער מאָרגן צו פרישטיק געקאָנט מאַכן דעם ריכטיקן שפּאַס.

איצטער וועט ער דעם גאַנצן אָוונט מוזן מיט איר פאַרברענגען. ווייניקסטנס מוז ער זי כאָטש אין קינאָ פירן. (דו מוזסט דאָס גאָרנישט. זאָג איר, אַז דו האָסט אַ צונויפטרעף). דאָס וואָלט

פיין אויסגעזען, האַ? (גוט, זאָג איר גאָרנישט. לאָז נאָר אָפּ איר אָרעם און צי-אָפּ). דאָס וואָלט געווען גאָר אַ לייכטע זאַך. אויפן טראָטואַר ווימלט אַ מיליאָן מענטשן. אפשר טאַקע טון אַזוי? (פוסטע דיבורים. דו האָסט נישט אויף דעם קיין מוט). אַזוי גאָר, איך האָב נישט קיין מוט? (ניין, דו האָסט נישט).

אין געדראַנג האָבן זיי איבערגעקווערט די גאַס. אומעטום זענען געווען אַזוי פיל מענטשן, אַז אַלע האָבן געמוזט גיין פּאַמעלעך. גרופן האָט מען צעשיידט, און זיי פלעגן זיך איבערופן דורך דער מענגע. פּאָליציאַנטן זענען געשטאַנען ביים ראַנד גאַס און געיאָגט דעם עולם צוריק אויף די טראָטואַרן. „עס זעט נישט אויס, אַז מיר זאָלן זיך דערקלייבן צו אַ קינאָ", האָט געזאָגט דזשים. זי האָט נישט אָפּגעענטפערט מיט קיין איין וואָרט. זי האָט זיך אַפּנים גערעכנט, אַז ער וועט קויפן בילעטן אויף אַ טעאַטער-פאָרשטעלונג.

ער האָט זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט געטראַכט נאָכדעם זי צו קושן. ער האָט מורא-געקראָגן, אַז זי פאַרשטייט זיין פריערדיקע כוונה און זי טראַכט מסתּמא איצטער, אַז ער וועט שוין אַזאַ געלעגנהייט נישט האָבן. ער האָט געוואָלט שאַפן ביי איר דעם איינדרוק, אַז זי איז פאַר אים גאָרנישט אַזאַ טייערע מציאה. ער פירט זי אין קינאָ, ווייל ער האָט צוגעזאָגט צו גיין מיט איר ערגעץ און דאָס איז גאָר. אַז דער פילם וועט זיין פאַרענדיקט, זעצט ער זי אַריין אין דער אונטערערד-באַן, און ער אַליין זוכט זיך מאָרגן אויס אַן אַנדערע פרישטיק-שטוב.

זיי זענען געקומען צו אַ ראָג, און דער פּאָליציאַנט האָט פאַרהאַלטן דעם מענטשן-שטראָם: העלען, וואָס איז געווען עטוואָס פאָרויס, איז דורכן עולם צוגעדריקט געוואָרן צו אים. דאָס באַדייט קיין שום זאַך נישט, האָט ער זיך געזאָגט. דאָס איז צוליבן געדראַנג.

זי האָט אָבער אַרויפגעקוקט צו אים און האָט געשמייכלט. „איז דען נישט איבערגעפולט?" ער האָט נישט געוואָלט ענטפערן, האָט נישט געוואָלט זי אָנקוקן, ער האָט זי פיינט געהאַט. ער האָט געזאָגט: „געוויס, ווי דען?", האָט צוריקגעשמייכלט און צוגעדריקט איר עלנבויגן צו זיך. ער האָט דערפילט איר

וואַרימקייט און האָט אַ דריק-געטון פעסטער. זי האָט ווידער אַמאָל אַ שמייכל-געטון.

די פאַרקער-ליכט-צייכנס האָבן זיך פאַרענדערט, און איין אויטאָ האָט זיך לויטן סיגנאַל נישט אָפּגעשטעלט. דער אָרדענונגס-היטער האָט ווידער פאַרהאַלטן דעם שטראָם, איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן טרעט-ברעטל פון דעם אויטאָ און האָט אָנגעהויבן שרייען צו די צוויי פּרויען, וואָס זענען געזעסן אין וואָגן: „גייט, זייט מוחל, צוריק, פון וואַנען איר זענט געקומען! איר מיינט אַוודאי, אַז איר געפינט זיך אויפן דאָרף, וואָס?" האָט ער געדונערט, — „אַרום איז גראָז, העו? און ביימער. און גאָרנישט, וואָס מען קאָן טויטן, אַ חוץ הינער". עמיצער האָט געזאָגט: „זאָל לעבן דאָס געזעץ". דער פּאָליציאַנט האָט אַ קער-געטון דעם קאָפּ, אַ ווונק-געטון און אָנגעהויבן נאָך העכער צו שרייען.

זיי זענען אַריבערגעגאַנגען, דזשימען האָט נישט געאַרט, צי זיי וועלן קומען אין קינאָ אָדער נישט. די געדיכטעניש איז געווען פּרעכטיק. מיידלעך האָבן געלאַכט. בחורים האָבן זיי נאָכגעשריגן: „אַך, איר". מיידלעך האָבן זיך אומגעקערט, צו-געווונקען מיט די הענט און געגאַנגען ווייטער. אין געדראַנג האָט מען נישט געקאָנט דערשטופּן זיך צו זיי.

„וואָלט איר געוואָלט זען אַן אמתע פאָרשטעלונג?" האָט דזשים געפרעגט.

„איצטער איז צו-שפּעט", האָט זי געענטפערט אָבער זי האָט באַלד צוגעגעבן: „עס איז אָלרייט. איך האָב קיין שום זאַך נישט קעגן קינאָ".

אַזוי גאָר, דו האָסט קיין שום זאַך נישט קעגן? אָבער ער האָט נישט געוואָלט קריגן זיך מיט איר. עס איז דאָך בעסער דעם אָוונט צו פאַרברענגען פרידלעך.

„דאָס צווייטע מאָל וועל איך אייך נעמען אויף אַווירקלעכע פאָרשטעלונג!"

ער האָט אַביסל אָפּגעוואַרט, דערנאָך:

„איר גלויבט מיר נישט, וואָס?"

„זעלבסטפאַרשטענדלעך", האָט זי געענטפערט, „איר וועט צו מיר פריער שיקן אַ שטאַפּעט, וועל איך צוגרייטן מיין הערמעלין".

„איר זענט זייער גייסטרייך, נישט אמת?"

זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט איר געשטערט:

„לאָמיר אויפהערן. רעכט אַזוי?"

„ביי מיר פּועלט איר", האָט זי געזאָגט און געמאַכט אַ באַוועגונג מיטן אָרעם. ער האָט אים אַ דריק־געטון.

דאָס איז געווען פיין. זי איז גאָרנישט אַזוי שלעכט. ער האָט איר פאַרשאַפט עגמת־נפש, און זי האָט דאָס אים געלאָזט פילן. מיידלעך קאָנען נישט ליידן קיין שום סקאַנדאַלן אין זייער קעגנוואַרט. (זיי קאָנען טאַקע נישט פאַרליידן? וואָס קאָן זיי דאָס אָנגיין?) ניין, זיי פאַרליידן דאָס נישט, און מען דאַרף אויף זיי גאָר קיין פאַראיבל נישט האָבן. (אַזוי גאָר? און אויב אים געפעלט צו שלאָגן זיך, דאַרף ער דען אָפּזאָגן זיך?). „ניין", האָט ער אויסגעשריגן.

„וואָס איז געשען?"

„גאָרנישט. איך בין געווען פאַרטראַכט".

„אַזוי גאָר, איר טראַכט טאַקע ווירקלעך?"

„יאָ, איך טראַכט".

„פליט נישט גלייך אַזוי הויך", האָט זי געזאָגט. „איר האָט נישט קיין שום גרונט. איר האָט פיינט קאַטאָוועס, אמת? וועל איך אייך נישט שטערן, איך האָב אַהיים, וווּהין איך קאָן גיין".

נעמען זאָל זי דער טייוול.

„געזונטערהייט".

„אויף ווידערזען".

„אַלדאָס גוטס".

זי האָט אַרויסגעריסן איר אָרעם, האָט זיך אומגעקערט און גענומען גיין אויף צוריק. פאַרשוווּנדן איז דאָס קינאָ, צערונען געוואָרן די אויטאָ־דראָזשקע, דער לאָקאַל, וווּהין ער האָט זי געזאָלט פירן, איז גאָר בכלל נישט בנמצא. ער האָט זיך דערפילט איינזאַם אין דער געדיכטעניש. ער איז איר נאָכגעגאַנגען.

„הערט מיך אויס", ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט. „זייט אַזוי פריינטלעך. איך האָב נישט אַזוי געמיינט, איך בין היינט אינאָווענט אַביסל משוגע. איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז. איך בין פון שטוב אַרויס אין אַ שלעכטער שטימונג. איך בין נאָך איצטער צערודערט. אויב איר ווילט זען אַ פילם, טאָ קומט מיט מיר. איך וועל מער קיין וואָרט נישט זאָגן".

זי האָט געוואָלט אַרויסרייסן איר האַנט. דערנאָך האָט זי אַ קוק-געטון אויף אים. ער וויל מיט אַן אמת, אַז זי זאָל גיי מיט אים (וואָס צום טייוול? אדרבא, זאָל זי לויפן. פאַר אים איז דאָס נאָך בעסער). זיי שטיל, ער וויל, אַז זי זאָל גיין מיט אים. זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, און זיי זענען צוריק-געגאַנגען.

„בייטאָג זענט איר גאַנץ פּאַרנינפּטיק", האָט זי געזאָגט. „ווען איר ווילט פּועלן, אַז מען זאָל מיט אייך גיין, פעלן אייך גאָר קיין ווערטער נישט אויס און איר רעדט נישט פון וועג".

אין זיין פאַנטאַזיע האָבן דורכגעצוקט אַלע מיידלעך, מיט וועלכע ער איז געגאַנגען; באַקאַנטשאַפטן, וואָס ער האָט געשלאָסן אויף די גאַסן — אין די פּאָדערצימערן, באַגעגענישן אין טאַנץ-לאָקאַלן, ער האָט זיך דערמאָנט די צייט, ווען קאַרל ווינסטאָן האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם אויטאָ, און זיי פלעגן וואַנדערן אין אים איבער די גאַסן אין געיעג נאָך מיידלעך. דאָס מיידל, וואָס האָט אין דער רעגיסטראַטור פון ביוראָ שיעור נישט געמאַכט אַ געוואַלט. ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם מיידל פון ברוקלין, און זיין פּנים איז געוואָרן רויט.

„ניין, איר זענט גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווי אַנדערע בחורים, וואָס פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל גיין מיט זיי. דאָ איז געווען איינער, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן אַלס אָפּטיילונגס-שעף אויפן אַכטן שטאָק. ער האָט דערציילט, ער האָט אַן אויטאָ: ווילט איר אַן אָוונט מיט מיר דורכפאָרן זיך, נאָר בכדי צו שעפּן פרישע לופט? ער האָט געבעטלט און איז צוגעשטאַנען, ביז איך האָב געזאָגט, גוט. מיר זענען אַרויסגעפאָרן אין גאַסטהויז פון פרייסטאָן-העאַט. וויפיל געלט ער האָט דאָס אויסגעגעבן. סאַנדוויטשן צו צוויי דאָלאַר אַ שטיק. און שנאַפּס האָט ער מיטגענומען אַוודאי אַ גאַנצן קאַסטן, איך האָב קיינמאָל אַזוי פיל נישט געזען. ער האָט גע-האַלטן זיך זייער אָנשטענדיק. האָט בעתן פאָרן נישט געמאַכט קיין שום נאַרישע שטיק. ער האָט געזאָגט, ער איז איינזאַם, און זוכט אַ מיידל, וואָס זאָל מיט אים גיין. ער האָט אַ פרוי, איז זי העסלעך. מיר זענען געקומען צוריק, צוגעפאָרן נאָענט פון זיין הויז — מיר האָבן געזאָלט נאָך ווייטער פאָרן — און ער איז אַוועק נעמען זיין אויבערמאַנטל. ערשט ער איז געקומען אין

דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, און האָט געזאָגט: „די בעסטע זאַך איז, איר זאָלט אַוועקפאָרן אַהיים מיט דער אונטער־ערד־באַן. איך דאַרף נויטיק ערגעץ וווהין אַוועקגיין". איך בין קיינ־מאָל אין מיין גאַנצן לעבן נישט געווען אַזוי בייז. די גאַנצע מעשה מיטן אָפּטיילונגס־שעף איז געווען אויסגעטראַכט. דעם אויטאָ האָט ער געגנבעט, און געהאַט די חוצפה מיך אַרומצופירן אין אים".

„געוויס", האָט דזשים געענטפערט. „די מיידלעך ווילן גאָר־נישט קוקן אויף אַ מענטש, וועלכער האָט נישט קיין אייגענעם אויטאָ. דראָזשקעס פּאַסט זיי נישט. עס איז זיי גאָר קיין חילוק נישט, צי דער וואָגן איז אַ געגנבעטער, ער מוז נאָר זיין".

„איך בין נישט אַזאַ", האָט זי געזאָגט. „אַז מיר געפעלט עמיצער, וועל איך מיט אים פאָרן אַפילו אין דער אונטערערד־באַן".

„אָבער ער מוז מיר שוין זייער געפעלן ווערן", האָט זי אונטערגעשטראָכן. „אַנדערש מיינען נאָך די בחורים, אַז מען ווערט פאַר זיי פאַרברענט. איך בין שוין אָנגעלערנט. אַז מען זאָרגט, זיי זאָלן נישט אויסגעבן צו־פיל געלט, מיינען זיי, אַז מען איז אין זיי פאַרליבט, און מען דאַרף שוין מער גאָרנישט. און זיי קויפן קיין שום זאַך נישט. זיי נעמען מיט אין אַ פאָלקס־קיך, און מיינען, אַז זיי האָבן יענעם געראַטעוועט דאָס לעבן. יענער, מיט וועלכן איך בין צוויי יאָר געגאַנגען, האָט געהאַט די העזה צו פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל אים לאַטען זיינע העמדער. וואָלט ער נאָר געהאַט מוט, וואָלט ער מיך נאָך געבעטן אויך זיי צו וואַשן. און אייפערזיכטיק... פלעג איך נאָר אַ קוק־טון אויף אַ מאַנסביל, פלעגט ער פאַרפירן אַ געשלעג. און וואָס האָב איך דערפון געהאַט? זונטיק אָוונט פלעגן מיר גיין פאַר דרייסיק סענט אין קינאָ; און אויב נישט אין קינאָ, פלעגן מיר טרינקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער; ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער שפּאָרט געלט אויף דער צייט, ווען ער וועט חתונה־האָבן. איך האָב זיך שוין גע־דאַרפט פאַרלאָזן אויף זיינע נאמנות. ער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט, ווען מיר וועלן חתונה־האָבן. איך וואָלט אפשר איינ־געשטימט צו וואַרטן. ניין, ער האָט געזאָגט, ווען ער וועט חתונה־האָבן. קיינער פון די בחורים אין הויז האָט נישט געוואָלט קוקן

אויף מיר. זיי פלעגן זאָגן: אָט איז אייער פריינט. איך האָב אָפּגעוואַרט צוויי יאָר, ביז איך האָב אים משלח־געווען. איך האָב אים דערציילט, וווהין ער מעג גיין. דאָס איז אים נישט אָנגעשטאַנען, ער איז אַוועק קלאָגן זיך צו מיין ווירטין, פריילין געגאָן, ער האָט געזאָגט, אַז איך בין אומגערעכט אַנטקעגן אים; ער האָט געזאָגט, אַז איך האָב אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, און איצטער וויל איך פון אים נישט וויסן. איך האָב שיער נישט געמוזט אַרויסציען זיך, אַזוי ווייט האָט ער מיך פאַרפאָלגט מיט זיינע צאָרנדיקע בליקן. איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך נאָר ווייזן נאָענט צו מיר, וועל איך אים וואַרפן אַ בענקל. איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל אַרויסגיין פון מיין צימער און מער די שוועל נישט איבערטרעטן. האָב אים געזאָגט, אַז איך פאַרדינג זיך נישט אויף צו פאַרווײַלן אייניקע בחורים, און וואָלט איך דאָס יאָ געטון, וואָלט איך פאַר דעם געקראָגן באַצאָלט. אַז ער האָט דערזען, אַז איך מיין דאָס זייער ערנסט, איז ער אַוועק. ער האָט נאָך אַ היפּש ביסל צייט אַרומגעדרייט זיך געבן טשיילדן און בייז געקוקט אויף מיר. דעמאָלסט האָב איך דערקלערט דעם געשעפטס־פירער, אַז דער יונג איז אַן אָנשיקעניש, און דער געשעפטס־פירער האָט אים שוין דערציילט אַ מעשה. מיט דעם האָט זיך דאָס פאַרענדיקט.

אָבער דאָס איז נאָך פאָרט נישט געווען קיין סוף. דער געשעפטס־פירער האָט זיך איינגערעדט, אַז איך בין אים עפּעס שולדיק דערפאַר, וואָס ער האָט יענעם געוויזן דעם וועג. אָבער אויך מיטן געשעפטס־פירער האָב איך זיך אַן עצה־געגעבן. איך בין אַוועק צו זיין פרוי און האָב דאָס איר דערציילט. ער האָט געמוזט איינגיין אויף איבערגעטראָגן ווערן אין אַן אַנדערער אָפּטיילונג, און ער האָט מיר אָנגעשריבן אַ בריוו; אַלץ איז געווען אַ טעות, ער האָט מיך ליב — איך וואָלט אייך באַווייזן דעם בריוו, ווען איך וואָלט אים געהאַט ביי זיך — און אויב איך וויל נאָר, וועט ער זיין פרוי לאָזן זיצן, און וועט קומען צו מיר, און דאָס איז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט מיט איר צוויי קינדער..."

איצטער איז אויף דער גאַס שוין געווען ווייניקער מענטשן. די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן. איין מאַן איז צוגעגאַנגען

נאָענט צו דזשימען און האָט אים אַריינגערוימט. „ווילט איר צוויי גוטע פלעצער אין פּאַלאַס?" „ניין", האָט געענטפערט דזשים. „איך וועל אייך לאָזן ביליק", האָט געזאָגט דער מאַן. „דאָס זענען מיינע לעצטע". „ניין", האָט דזשים אָפּגעענטפערט הויך אויפן קול. דער מאַן האָט זיך אומגעקוקט, צי אין דער נאָענט איז נישטאָ קיין פּאָליציאַנט, און האָט געזאָגט: „איך וואָלט אייך שוין באַוויזן, ווען...". אָבער זיינע ווערטער זענען פאַרלוירן-געגאַנגען, מחמת דזשים און העלען זענען שוין אַוועק ווייטער. העלען האָט כּסדר געהאַלטן אין דערציילן, נאָר דזשים האָט שוין נישט גע-האָרכט. דאָס קינאָ, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. זיי וועלן זיצן צוזאַמען. זייט-ביי-זייט; עס וועט זיין טונקל. ער וועט נעמען איר האַנט. ער האָט אַ קוק-געטון אויף איר, אַ דריק-געטון איר אָרעם און אים צוגעצויגן נענטער צו זיך. זי האָט אַ שמייכל-געטון, זיך צוגעטוליעט נענטער און האָט פאָרגעזעצט איר דערציילונג. זייערע היפטן האָבן זיך באַרירט. זיי זענען געגאַנגען וואַקלענדיק זיך אַביסל. זיי זענען געגאַנגען, און העלען האָט נאָך אַלץ גערעדט; ער האָט געפרעגט:

„איר האָט חשק אַריינגיין?"

„מיט פאַרגעניגן", האָט זי געענטפערט.

דער פּאָרטיע האָט זיך פאַרנויגט זייער טיף און האָט געמאָלדן: פאַרטער, צוואָנציק מינוט וואַרטן, ביטע. פלעצער אין אויבערשטן באַלקאָן, שוין. העלען האָט געזאָגט: „גיט-נאָר אַ קוק אויפן פּאָרטיער, איז ער דען נישט פּרעכטיק?" דזשים האָט געקויפט בילעטן. ווען זיי זענען אַריינגעגאַנגען, האָט דער דינער זייער טיף זיך פאַרנויגט און האָט געזאָגט: „איך דאַנק". זיי זענען געגאַנגען אַרויף אויף די טרעפּ, מירמלשטיינער, ליכט אַרום, אויף די ווענט בילדער, אונטער די פיס ווייכע טעפּיכער. זיי זענען אַריין אין דער ווינדע, דער דינער האָט זיך פאַרנויגט, און זיי זענען אַרויפגעפאָרן ביז צום באַלקאָן. עס האָט געאַרבעט אַ רעפלעקטאָר. אונטן האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער. אויפן לייוונט האָבן געגליטשט זיך פלי-אַפּאַראַטן. דער דינער, וואָס האָט אָנ-געוויזן די פלעצער, האָט זיך פאַרנויגט. „ביטע, אָט דאָ". זיי זענען אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ. זיי האָבן אַ שטופּ-געטון אייניקע מענטשן. קני און פיס און אַ קנאָפּ האָבן זיך פאַר-

טשעפּעט. זיי זענען געקומען צו זייערע טעלעצער. „איך דאַנק אייך", האָט געזאָגט דער דינער.

„ער איז אַ וואַרימער יאַט", האָט דזשים געזאָגט.

העלען האָט אַ כיכיקע-געטון.

---

**.V**

## דאָס קינאָ.

אויפן עקראַן — פּליער, וואָס גרייטן זיך צו פליען איבערן האַווי, בעת אין אָרקעסטער פּויקט-אויס דער פּויקער פּראָפּעלער-געדרויש, און העלען זאָגט: „איך האָב געקענט אַ בחור אַן אַוויאַטאָר. ער האָט מיר צוגעזאָגט ביי דער ערשטער געלעגנהייט מיך מיטצונעמען. אָבער מיט אים האָט פּאַסירט אַן אומגליק. איך האָב דאָס געלייענט אין דער צייטונג. ער האָט מיר דער-ציילט, אַז זיי זענען תמיד שיכּור, ווען זיי הויבן זיך אויף". דאָס פּובליקום האָט אַפּלאָדירט, ווייל צוויי אויסלענדער האָבן איג-ספּעקטירט די קאַדעטן פון וועסט-פּויאַן, אויך העלען האָט אַפּלאָ-דירט און האָט געזאָגט: „איך האָב געהאַט אַ פריינדין, וואָס איז געווען פאַרקנסט מיט אַ בחור, אָבער יענער איז אָנגעקומען אין וועסט-פּויאַן און האָט זי געלאָזט זיצן. ער האָט צעבראָכן איר האַרץ". עמיצער הינטער זיי האָט אַ צישע-געטון: „שאַ". דזשים האָט אַ קער-געטון דעם קאָפּ און אָנגעקוקט, נאָר הינטער אים זענען געזעסן נאָר פרויען, דעריבער האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט. ער האָט דורכגעלאָזט דעם נאָענטסטן טאָג-איבער-זיכט, מחמת ער האָט זיך צוגעקוקט צו העלען, בכדי צו זען, ווי זי האָט אויפגענומען דאָס „שאַ"; אָבער איר האָט דאָס נישט געאַרט. ער האָט חשק-געהאַט צו נעמען איר אָרעם. ער איז געלעגן נעבן אים אויפן שטול און עס האָט אויסגעזען, אַז ער בעט זיך, מען זאָל אים נעמען. אָבער עס איז געווען נאָך צו-פרי. זאָל זי צוערשט זיך צוגעוווינען צום קינאָ און צו אים אַליין. דערנאָך, ווען זיי וועלן ווערן וואַרימער און נענטער צווישן זיך, וועט ער נעמען איר אָרעם.

דער דיריגענט האָט אויפן שפּיץ פון זיין שטעקעלע

אַ פּלעמל. דאָס פּלעמל פּלאַטערט און פּלאַקערט, און ווען עס הייבט זיך אָן אַ ניי בילד, פאַרלעשט זיך עס; דער אָרקעסטער ווערט אויף אַ רגע שטום, הייבט-אָן צו שפּילן עטוואָס אַנדערש, און דאָס ליכט פּלאַמט ווידער אויף. דזשים האָט נישט געקוקט אויפן לייוונט, אָבער דאָס פּובליקום האָט ווידער אַפּלאָדירט; דער פּרעזידענט פאָרט נאָך די פּעריען צוריק אַהיים. העלען האָט אַפּלאָדירט, דעריבער האָט אויך דזשים אַפּלאָדירט, זייער הילכיק, און דערנאָך האָט ער זיך אומגעדרייט צו די פּרויען, וועלכע האָבן פריער געזאָגט „שאַ”, האָט זיי אָנגעקוקט און האָט ווידער אַפּלאָדירט.

די גאַנצע רייע האָט זיך אויפגעהויבן איינער נאָכן אַנדערן, בכדי דורכצולאָזן עטלעכע מענטשן. דאָס זענען געווען איין מאַן און צוויי מיידלעך, דער מאַן אינמיטן. העלען איז נישט אויפ-געשטאַנען, נאָר זי האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט די קני, אַזוי אָבער ווי דאָס מיידל, וואָס זעט-אויס גאַנץ באַחנט, וועט מסתמא זיצן נעבן אים, האָט דזשים זיך אויפגעשטעלט, און האָט די דריי דורכגעלאָזט. בעת זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט דזשים עטוואָס אַרויסגערוקט אַ קני, און זי האָט עס געמוזט באַרירן, זי האָט אַ בליק-געטון און געזאָגט: „אַנטשולדיקט”. דזשים האָט געענטפערט: „ביטע” און האָט אויף איר אַ קוק-געטון. זי אָבער האָט געהאַלטן אין אַראָפּנעמען איר הוט, און אירע אויגן האָבן געבליקט פאָרויס.

דער מאַן האָט עפּעס געזאָגט, און די ביידע מיידלעך האָבן זיך צו אים צוגעבויגן און געהערט, דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער אַוועקגעזעצט גלייך, און דזשימס שכנטע האָט געלאַכט. ביי איר האָט דאָס קלייד זיך עטוואָס אויפגעהויבן, און זי האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און פאַריכט דאָס קלייד. איר נעזל פון שוך איז געווענדט געווען אין דזשימס זייט, און ער האָט זיך לייכט געוויגט אין דער טונקלקייט. דזשים האָט אויך פאַר-לייגט אַ פוס אויף אַ פוס און מיט זיין שפּיץ-שוך לייכט באַרירט אירן. אָבער זי האָט תּיכּף צוגענומען דעם פוס, האָט אַוועקגע-שטעלט די פיס גלייך, דערנאָך פאַרלייגט אַ פוס אין דער צווייטער זייט. איר געזיכט איז פאַרבליבן אויסדרוקלאָז, און זי האָט געקוקט אויפן לייוונט.

דער רוח זאָל זי נעמען, האָט דזשים אַ טראַכט-געטון און אומגעדרייט זיך צו העלען. נאָר אויך זי האָט געקוקט אויפֿן לייוונט דאָרטן אונטן. ער האָט זייער זאַנפֿט גענומען איר אָרעם; איך טו דאָס נאָר, בכדי צו זיין ליב און פֿריינטלעך, געמט אים אַלזאָ נישט צו. זי האָט דאָס נישט געטון. אַדרבא, זי האָט זיך אַפֿילו צוגעבויגן נענטער, און זייערע אַקסלען האָבן זיך אָנגערירט.

דער טאָג-איבערזיכט איז געווען געענדיקט. די פֿאָרהאַנגען האָבן זיך צונויפֿגעצויגן, דאָס ליכט אין אָרקעסטער איז פֿאַרלאָשן געוואָרן. דער רעפֿלעקטאָר האָט געוואָרפֿן אַ ליכט-פֿלעק אונטן אויף די אָרגלען, און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער טונקל-קייט. די פֿאָרהאַנגען זענען ווייטער פֿאַנאַנדערגעגאַנגען זיך, און אויפֿן לייוונט איז דערשינען אַ לידער-טעקסט מיט נאָטן. דזשים האָט אָפּגעהוסט.

זי ווייסט נישט, אַז ער קאָן זינגען, נאָר ער וועט דאָס איר באַווייזן. זי וועט אים פֿיל מער ליב-האָבן, נאָכדעם, ווי זי וועט אים האָבן געהערט. דאָס איז געווען אַן אַלטמאָדיש ליד, וועלכעס ער האָט ליב-געהאַט. דאָס פּובליקום איז געווען אין אַ פֿאַר-לעגנהייט. קיינער האָט נישט געוואָלט אָנהייבן דער ערשטער, אַלע האָבן נאָר אונטערגעברומט. אַז מען האָט געשפּילט דעם רעפֿרען, האָט אויך דזשים מיטגעברומט, און ער וואָלט גאַנץ גערן געזונגען אויפֿן קול; נאָר דער מאַן, וואָס מיט די צוויי מיידלעך, האָט געזאָגט: איצטער וועט באַלד אַן אידיאָט אָנהייבן צו זינגען אויפֿן קול, און דזשים איז רויט-געוואָרן, ווייל דאָס מיידל נעבן אים האָט געזאָגט: „דאָס טוען זיי כסדר", און ער האָט אויפֿגעהערט אַפֿילו אונטערצוברומען.

ער איז געזעסן אייניקע רגעס אינגאַנצן שטיל; דערנאָך איז געגאַנגען אַ פּאָפּולער ליד. נאָך מער מענטשן האָבן אונטער-געברומט דעם ניגון, אייניקע האָבן אָנגעהויבן זינגען מיט אַ האַלבער שטים. העלען האָט אונטערגעברומט, און דזשימען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אויך ביים מיידל רעכטס נעבן אים רייסט זיך אַרויס אַ ברומען. ער איז געוואָרן אין כעס, האָט אַ טראַכט-געטון: אַזוי גאָר, אַזאַ ביסטו, — און ווען מען האָט אָנגעהויבן דעם רעפֿרען, האָט ער גענומען זינגען אויפֿן קול. מענטשן האָבן גענומען קוקן אויף אים, און ער האָט זיך דערשראָקן, אָבער

העלענס אָרעם, וואָס ער האָט אים פעסטגעהאַלטן, האָט זיך באַוועגט און אים צוגעגעבן מוט. באַלד האָבן שוין נאָך אייניקע געזונגען, זיין שטים איז פאַרשלונגען-געוואָרן; ווען דאָס פובליקום האָט אַפּלאָדירט, האָבן פיל געקוקט אויף אים, און ער האָט זיך געפילט זייער גוט. העלען האָט געזאָגט: „דאָס איז געווען אויסגעצייכנט", און דער מאַן פון רעכטס האָט געשוויגן. דזשים האָט זיגעריש אַ קוק-געטון אויף זיין שכנטע, און האָט אַפילו כּלומרשט צופעליק באַרירט איר אָרעם.

עס האָבן געפאָלגט אַנדערע לידער, און העלען האָט געזאָגט: „היידאַ", ער האָט אָבער נישט געזונגען, און האָט נאָר געקוקט אויף רעכטס. דערנאָך איז געגאַנגען אַ קאַבאַרעט-נומער, דער אָרקעסטער האָט זיך אויפגעהויבן, די פאָרהאַנגען זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, און מען האָט דערזען אַ בליענדיקן גאָרטן באַגאָסן מיט לבנה-שיין, און אַ מיידל האָט געזונגען. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ בחור אין קורצע הויזן מיט אַ פלאַטערנדיקן שניפּס און האָט אויך געזונגען, די האַנט אויפן האַרצן. דערנאָך האָבן זיי ביידע גענומען זיך פאַר די הענט, זענען אַדורכגעגאַנגען די בינע און אַוועק הינטער די קוליסן (העלען האָט אַפּלאָדירט), און אינמיטן דער בינע האָט לאַנגזאַם זיך געעפנט אַ פעלז, און פון אים איז אַראָפּ אַ כּלומרשט נאַקעטע פרוי. אַ קרעפּטיקער מאַן איז דערשינען, און די נאַקעטע פרוי איז געפאַלן אין זיינע אָרעמס. ער האָט געוואָרפן זי אויף דער ערד, אויפגעהויבן זי איבערן קאָפּ, האָט ענדלעך אַרויפגעקלעטערט מיט איר אויפן פעלז, און אַ שליידער-געטון זי הינטער די קוליסן, און עס האָט אויסגעזען, אַז זי מוז צעשמעטערט ווערן. דער אָרקעסטער האָט פאַרענדיקט מיט אַ דונער, און העלען האָט אַפּלאָדירט.

איצטער האָבן זיך געעפנט די אינערלעכע פאָרהאַנגען, און מען האָט דערזען דעם דזשאַזבאַנד אין ווייסזיידענע רעק און שוואַרצע צילינדערס. דער קאַפּעלמייסטער איז איילִיק אַרויסגעטראָטן פאָרויס, האָט אויפגעהויבן די הענט, אַראָפּגעלאָזט זיי. און דער דזשאַז האָט גענומען גרעגערן. דזשים האָט געקלאַפּט מיט זיין פוס אין אַ קרייז, דערנענטערט אים צו העלענס פוס, געקלאַפּט אין אים, און געבליקט צו העלען. זי האָט אַ שמייכל-

געטון און צוגענומען איר פוס. ער האָט די אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. אין זיין גייסט האָט געווירבלט דער דזשאַז. צוויי שוואַרצע אַרטיסטן זענען אַרויסגעטראָטן, האָבן געזונגען נעגער-לידער און האָבן געטאַנצט אויף גערוישלאָזע זוילן. ווען זיי פלעגן מאַכן שווערע טאַנץ-טריט, פלעגט מען אַפּלאָדירן, און אַז זיי האָבן געענדיקט, האָט מען געפאָדערט נאָך. דזשים האָט זיך געפילט אויסגעצייכנט. ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ זייער נאָענט צו העלען, האָט געלאָזן אירע האָר גלעטן זיין געזיכט און האָט געציטערט. זי האָט גאָרנישט נישט געהאַט דאַקעגן. זיי וועלן הערלעך אונטערהאַלטן זיך, זיי וועלן טאַנצן, דערנאָך גיין צו פּאַדין, דערנאָך... אָבער ער האָט זיך געפילט אַזוי גוט, אַז וועגן ווייטער האָט זיך נישט געגלוסט טראַכטן.

זעכצן מיידלעך זענען אויפגעטראָטן. אַלע אין ווייסן מיט שוואַרצע צילינדערס און האָבן אויסגעפירט אַ טאַנץ. העלען האָט עטוואָס געזאָגט, נאָר ער האָט נישט פאַרשטאַנען, און האָט אַ שאָקל-געטון מיטן קאָפּ, און אין זיינע גלידער האָט געווירבלט דער דזשאַז. זיין האַנט האָט געשפּירט די ווייכקייט פון איר אַקסל, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער איר אָרעם און האָט געפּרוּווט באַרירן איר ברוסט; אָבער העלען איז געוואָרן שטייף, האָט אים אַוועקגערוקט, און האָט זיך אַוועקגעזעצט גלייך. זי פילט נישט דעם דזשאַז. דער טייוול זאָל זי נעמען. איינמאָל פאַר אַלע מאָל; אויב זי קאָן נישט פאַרשטיין, אַז ער מיינט נישט קיין שום שלעכטס, וועט ער אַוועקגיין און געפינען עמיצן, וועמער עס וועט דאָס יאָ פאַרשטיין.

„טוט דאָס נישט", האָט זי געזאָגט.

„וואָס?"

„איר ווייסט, וואָס איך מיין. הערט-אויף מיט די אַרומ-לאָפּעונישן: איר זענט אין טעאַטער, נישט אין בעט".

זיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן רייסן דאָס פּראָגראַם. ער האָט נישט געקוקט נישט אויף דער בינע, נישט אויף העלען, נישט אויפן מיידל, וואָס רעכטס פון אים. ער האָט צעריסן דאָס פּראָגראַם אויף פּאַסקעס, דערנאָך האָט ער געריסן די פּאַסקעס און אַראָפּגעוואָרפן זיי אויף דער ערד. נישט אין בעט, באַדייט שפּעטער אָדער עס באַדייט, — נישט. וואָרשיינלעך נישט. די

פאָרשטעלינג איז געווען נעבעכדיק, העלען אַ נאַרישע גאַנז, און דער אָוונט אַ געפּטרטער. ער איז געוואָרן אומרויִק. ער וואָלט גערן גערויכערט. ער האָט געטראַכט וועגן דער מוטער. דאָס געשיר איז אָפּגעוואַשן; זי שטייט אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער און קוקט-אַרויס אויף דער גאַס. דעסי און פילים זענען ביי די פענסטער-אויסשטעלונגען. יעדן אָוונט פאַרברענגען זיי ביי די אויסשטעלונגען פון מעבל-געשעפטן, און ווינטשן זיך, זיי זאָלן קאָנען קויפן די אויסגעשטעלטע חפצים. אָדער זיי גייען-אַרום זוכן אַ וווינונג. איינמאָל איז ער אויך געגאַנגען מיט זיי. דעסי האָט געוואָלט אַ וועש-טריקענער, און אַן עפענונג אין דער וואַנט פאַר אַ מיסט-עמער. זי האָט זייער פיל חשק געהאַט צו אַ קאַפלנער וואַנע, אָבער דאָס האָבן זיי זיך נישט געקאָנט דערלויבן. יעדן זונטיק גייען זיי אין אַ פאָרשטאָט און באַטראַכטן הייזער, וועלכע זיי קאָנען נישט קויפן. פילים וויל לעבן ערגעץ-ווו, ווו ער זאָל קאָנען האָבן אַ גאָרטן. אָבער דעסי טענהט, אַז פאַר איר וואָלט דעמאָלסט געווען צו-פיל אַרבעט, בפרט בעת עס וועלן זיין קינדער.

אַ מיידל האָט געזונגען, אויפן באַלקאָן האָט מען נישט געקאָנט אונטערשיידן קיין ווערטער, אָבער אין פאַרטער האָט מען געלאַכט. דאָס מיידל האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן דיריגענט און געמאַכט אים חנדלען, און ער האָט כלומרשט געוואָלט אַרויסרייסן זיך. אין פאַרטער האָט מען הילכיק געלאַכט. אַז דאָס ליד איז געווען געענדיקט, איז מען דאָרטן געקראָכן פון דער הויט. מען האָט געפייפט, געשריגן; ווען דאָס מיידל האָט דעם דיריגענט געקושט, האָבן זיי געפאָדערט נאָך און נאָך. דאָס מיידל האָט אָנגעהויבן פון אָנהייב און האָט אַלץ איבערגעחזרט. ווידער האָט מען אַפּלאָדירט, גערעוועט געליאַרעמט. דער נומער איז געווען געענדיקט. „איז דען נישט וווּנדערפול?”, האָט העלען געפרעגט, אָנהייבנדיק ווידער צו רעדן מיט אים. פאַר קיין שום געלט אויף דער וועלט, וועט ער איר נישט ענטפערן. ער האָט צונויפגעפרעסט די ליפן און האָט עקשנותדיק געשוויגן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער רעכטער פאַרענטשע פון שטול, און האָט מיט זיין אַקסל באַרירט די שכנטע. איין רגע האָט זיך אים געדוכט, אַז איר אַקסל טוליעט זיך צו זיינעם.

און ער האָט פעסטער צו אים זיך צוגעדריקט. זי האָט אָבער זיך איבערגעבויגן צום מאַן פון רעכטס און גענומען רעדן צו אים, און ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. אין האַלב-טונקלקייט האָט איר געזיכט אויסגעדריקט פאַראַכטונג צו די אַרויסטרעטונגען דאָרט אונטן. זי שטייט העכער פון דעם. אונזער פאָרשטעלונג געפעלט דיר נישט, וואָס? האָט דזשים געטראַכט. דו האַלסט, אַז דו וואָלסט געדאַרפט גיין אויף אַ סימפאָניע-קאָנצערט, וואָס? אַז דאָ איז נישט גענוג גוט פאַר דיר? דו שטייסט העכער פון דעם, אַזוי?

ער איז אַזוי אין כּעס געווען, אַז ער וואָלט מיט דער גרעסטער צופרידנהייט דעם מאַן, וואָס מיט די צוויי מיידלעך, געפּלעט דעם מוח. אָט דעמדאָזיקן מאַן מיט זיין אינטעלעקטועלקייט, מיט זיין רויִקייט און מיט זיינע איינגעבילדעטע לייזיקע ווייבער.

דערנאָך ווייטער די זעכצן מיידלעך, וועלכע האָבן אַלע ווי איינע געהויבן די פיס, און דזשים האָט באַאָבאַכטעט די פּנימער פון רעכטס און האָט געזאָגט צו זיך: זאָל איך אָקאָרשט זען פון זייער זייט אַ שטיקל אָפּהוזקן, וועט שוין דעמאָלסט עטוואָס פּאַסירן. נאָר זיי זענען געזעסן רויִק, און ווען די מיידלעך אויף דער בינע האָבן געענדיקט, האָט דער מאַן אַפּלאָדירט. דזשים האָט זיך צוגעקוקט, צי ער מיינט דאָס ערנסט. ווייל טאָמער נישט, אויב ער מאַכט זיך נאָר לוסטיק, אויב ער האַלט די גאַנצע זאַך פאַר אַ נאַריש שמירעכטס, איז, ביי גאָט, וואָס פאַר אַ שוואַרצן סוף...

דער גרויסער פינאַל. אַלע אַרטיסטן האָבן זיך באַוויזן אויף דער בינע, געטאַנצט, געזונגען, אַן אָוואַציע, און דערנאָך דער פאָרהאַנג, און די ליכטער.

פיל האָבן זיך אויפגעהויבן, אָנגעטון זיך, זענען, שטופּנדיק זיך, אַוועקגעגאַנגען. ביים אַריינגאַנג אויפן באַלקאָן האָט זיך גע-שטופּט אַ גרויסער עולם. ווי נאָר דער דינער האָט געעפנט די אַריינגאַנגס-טירן, האָט דער עולם זיך אַ וואָרף-געטון אויף די פּלעצער. מען איז געזעסן, געלייענט דאָס פּראָגראַם, געפּלוידערט. אויפן באָדן נעבן דזשימס פיס איז געלעגן אַ קליינע קופּקע צעריסן פּאַפּיר. פּאַסן פּאַפּיר זענען געהאָנגען אויף זיינע הויזן. ער האָט זיי אַראָפּגעטרייסלט. העלען האָט נישט גערעדט. זי

וואָלט פונקט אַזוי גוט געקאָנט זיין דאָ אָן אים. זי איז געווען אין כעס, דערפאַר וואָס ער האָט געפרווּוט זי אָנרירן. ער וועט זיך מיט איר נישט איבערבעטן, און ער וועט שוין דאָס מער נישט פּרובירן.

אונטן האָט געשפּילט דער אָרגל; איבער אים איז געווען אַ שווערער גרינער פּאָרהאַנג, און איבערן פּאָרהאַנג — אַ שטיין-גרופּע, וואָס האָט געהאַט אַן אויפשריפט. ער האָט די אויפשריפט נישט געקאָנט דורכליייענען. ווייט אין דער הייך אויף דעם געוועלבטן באַלקאָן אַ געמאָלטער הימל מיט מיליאָנען שטערן, און עס איז געהאָנגען אַ זשיראַנדאָל. אייניקע לעמפּלעך זענען קאַליע-געווען. אונטן אין פּאַרטער — זייער פיל מענטשן. זיי רעדן, זיי לייענען, זיי דרייען זיך אַרום.

„ער רעדט מיט אייך", האָט געזאָגט העלען.

„ווער ?"

דער מאַן, וואָס מיט די צוויי מיידלעך האָט זיך איבערגעבויגן.

„אַנטשולדיקט", האָט ער געזאָגט. „האָט איר געזען דעם טאָג-איבערזיכט ?"

„יאָ", האָט דזשים געענטפערט.

„האָט מען געוויזן די בילדער פון סאַקאָ און וואַנזעטי ?"

„פון וועמען ?"

דער מאַן האָט באַדייטונגספול אַ קוק-געטון אויף זיינע באַגלייטערינס, און האָט געזאָגט:

„איר האָט דאָך וועגן דעם געמוזט הערן. די צוויי מענער אין באָסטאָן. זיי שטאַרבן היינט ביינאַכט. האָט דער פילם עטוואָס געבראַכט וועגן זיי ?"

„ניין", האָט דזשים געענטפערט.

„אַ דאַנק", האָט דער מאַן געזאָגט. און ווענדנדיק זיך צו די מיידלעך, האָט ער צוגעגעבן: „איך האָב אייך דאָס געזאָגט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי וועלן גאָרנישט נישט ברענגען".

„פאַרוואָס האָט ער גראָד ביי מיר וועגן דעם געפרעגט ?", האָט דזשים אַ בורטשע-געטון.

„וואָס ?" האָט העלען געפרעגט.

דזשים איז געזעסן, געקוקט אויף אַראָפּ, און פּלוצלינג האָט

ער אַ זאָג-געטון הויך אויפן קול: „פּאַרוואָס, צום טייוול, ווייזן זיי נישט ווייַטערע בילדער?"

„ווּעמענס בילדער?"

„איר ווייסט דאָס נישט פאַרשטיין, פאַר אייך האָט דאָס קיין שום באַדייטונג נישט".

„איך מוז דאָ נישט פאַרבלייבן", האָט העלען געזאָגט, „אויב איר קאָנט נישט זיין העלפער, קאָן איך גיין".

ער האָט געוואָלט זאָגן: איר מוזט באמת נישט. איר קאָנט זיך גיין. באמת, קאָנט איר גיין צו אַלדי רוחות. קיינער וועט אייך נישט זוכן. איר פאַרנעמט נאָר אומזיסט אַ גוט אָרט. אָבער ער האָט אַ טראַכט-געטון, אַז דאָס איז נישט וויכטיק, און אים איז קיין חילוק נישט געווען, צי זי וועט בלייבן, אָדער אַוועק-גיין. ער האָט געזשאַלעוועט די מי איר דאָס צו זאָגן. זאָל זי טון ווי איר געפעלט. וועט זי בלייבן, וועט ער זי טאַפּן, זי האָט אַ זיסן קערפּער, און ער פילט אים גערן. און עס וואָלט אים געווען אָנגענעם דעם קאָפּ צו לייגן אויף איר ברוסט. וועט זי אָבער גיין, וועט ער נאָך איר נישט בענקען.

„איר האָט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט?" האָט זי געפרעגט.

„הערט מיך אויס", האָט ער געענטפערט. „איר זענט דאָ אַליין. איך בין נישט מיט אייך. איך האָב נאָר אַ בילעט אייך געקויפט. קוקט אייך די פאָרשטעלונג און געניסט פון איר". און מיך, אום גאָטעס ווילן, לאָזט צורו, האָט ער צוגעגעבן אָן ווערטער.

זי האָט אויף אים אַ קוק-געטון ווי אויף אַ משוגענעם. מיין גאָט, האָט געפרעגט איר געזיכט, מיט וועמען בין איך דאָס געגאַנגען? אירע אויגן האָבן באַטראַכט פריער אים, דערנאָך דעם הוט אויף איר שויס, זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט אים געוואָלט אָנטון; דערנאָך האָט זי אַ צוק-געטון מיט די אַקסלען, האָט איבערגעלאָזט דעם הוט אויף זיין אָרט, און מער וועגן דזשימען נישט געקימערט זיך.

אין קינאָ איז געוואָרן פינסטער, דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן שפּילן. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, און דער פילם האָט זיך אָנגעהויבן.

.1

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אויפן ברעג־ים האָט זיך געזען ווייסער שוים פון די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געבראָכן אָן דעם שטראַנד, און ווייט אין מזרח איז דער הימל געוואָרן אַביסל העלער.

אויף די בערג האָט דער שניי אָנגעהויבן גלאַנצן; עס האָבן זיך גענומען לייגן שאָטנס.

אויפן שיפּוע פון אַ היגל איז שטייענדיק געשלאָפן צונויפגעפרעסט די סטאַדע.

אַ הונט האָט געבילט.

אין אַ ווייסן בעריאָזן־וואַלד איז געפאַלן אַ רעגן.

דורכן נעפּל האָט זיך אַדורכגעטראָגן אַן עקספּרעס־צוג. דער פאַרהאָנגענער קאָרידאָר פון שלאָף־וואַגאָן איז געווען פּוסט. אין אַן אָפּטיילונג פאַר רויכערער איז געשלאָפן צונויפגעקאָרטשעט אויף אַ באַנק דער קאָנדוקטאָר.

אַ קינד האָט געוויינט.

דער שווייצאַר פון אַ נאַכט־קלוב האָט געהאָלפן פיר מידע מענטשן אין אָוונט־קליידונג צו זעצן זיך אין אויטאָ.

אין דער אומגעגנט פון פּיטסבורג האָבן ווייס־אָנגעגליטע שמעלץ־אויוונס געשליידערט פלאַקערנדיקן גהינום אין הימל־אַריין.

אַ פּאָליציאַנט איז אַרומגעגאַנגען איבער זיין ראַיאָן, האָט באַטראַכט, צי די טירן זענען פאַרשלאָסן, און געקלאַפּט מיט זיין שטעקן אין די לאָדנס פון די פענסטער.

.2

אין אַ פּויעריש הויז האָט מען געעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט די קאַץ.

אַ ליכט.

אַ געשטאַלט מיט אַ לאַמטערן איז אַריין אין שפּייכלער.

פרויען־הענט האָבן אַרויסגענומען דאָס אַש פון אויוון.

איבערן ראַנד פון אָקעאַן איז דערשינען די זון.

אין האַפן זענען די שיפן געווען פאַרוויקלט אין נעפּל.

גייסטער פון וואָלקנקראַצערס האָבן אַרויסגעבליקט דורכן נעפּל. ווייסער שוים האָט אויפגעבוילקעט, בעת אַ שלעפּ-שיף האָט דורכ-געשניטן דאָס וואַסער.

אַ צוג פון דער הויכבאַן איז אַדורכגעלאָפן.

עס איז געוואָרן אַביסל ליכטיקער.

די פרוי האָט איינגענעצט אַ שטיקל האָלץ אין נאַפט און האָט עס אָנגעצונדן מיט אַ שוועבעלע. דער מאַן האָט זיך גצקעמט.

די סטאַדע האָט דערוואַכט און גענומען פּיטערן זיך. פויגל האָבן געזונגען. הינער זענען אַרויס פון שטייג.

עס איז צוגעפאָרן אַ משא-צוג, געלאָדן מיט מילך, און די קאַנען האָט מען איבערגעלאָדן אין וואַרטנדיקע לאַסט-אויטאָס.

דער מילך-וואָגן איז שנעל געפאָרן איבערן בּרוק. פלאַשן האָבן געטאַנצט.

אַ גאַסן-ראָג. אַרבעטער מיט בלענדנדיקע אַצעטילען-פלעמלעך אין די הענט האָבן רעמאָנטירט די טראַמוואַי-רעלסן.

אויף פּאַרק-בענקלעך זענען אַרומשלעפער געשלאָפן מיט צייטונגען אין די הענט.

אַ מוטער האָט געשטילט איר קינד.

אין אַ באַנק-געביידע האָט דער וועכטער אָנגעצויגן דעם קאָנטראָל-זייגער; שאָטנס זענען געפאַלן אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע, אויפן באַלקאָן.

דער מאַן האָט געמאָלקן. די פרוי איז אַריין צו די עופות; אַז זי האָט אויסגעשאָטן די קערנדלעך אויף דער ערד, זענען פון אַלע זייטן זיך צונויפגעלאָפן הינער; איין הון האָט אָנגעהויבן מיט אַ צווייטער אַ מלחמה איבער אַ קערנדל. דער הונט האָט געדרייט מיטן עק און פריידיק געבילט.

די פלי-פּאָסט איז אָפּגעגאַנגען; שיין-וואַרפערס האָבן באַלויכטן דעם באָדן, די פּילאָטן, די פלי-אַפּאַראַטן.

רוימעריגס האָבן אַרייגגעשטעלט אין די וואַנט-שאַפעס די בעזימס, און זענען איינע נאָך דער אַנדערער אַוועקגעגאַנגען, קוים שלעפנדיק די מידע פיס איבער דער געפלאַסטערטער גאַס.

אין מאָרגן-ווינט האָבן זיך געכוואַליעט פעלדער מיט ווייץ. בלעטער האָבן געציטערט.

אַ פּאַרמער האָט מיט אַ הילכיק געשריי געוועקט זיין אַרבעטער.

עס איז אָנגעקומען דער פרימאָרגן.

3.

דער פרישטיק איז פאַרטיק געווען. די קאַווע אויפגעקאָכט. אייער האָבן געקנאַקט אין דער פאַן. קוכנס זענען געווען אויסגעבאַקן. דאָס פעטס אָפּגעבראָטן. מען האָט געגרייט צום טיש.

דער מאַן האָט געמאָלקן, נישט ראַזירט, פאַרשלאָפן.

דאָס קינד האָט געוויינט, ביז מען האָט אַריינגעשטופּט אין זיינע קליינע הענטלעך אַ פלאַש, און עס האָט מיט אַ צוקנדיק מויל גענומען זויגן.

אין וואַלד זענען פון אַ הילצערן שטיבל אַרויסגעגאַנגען צוויי מענער, ליולקעס אין מויל, ביקסן אָנגעטון אויפן אַקסל, באַגלייט דורך אַ יאַגד-הונט.

די קינדער זענען איצטער שוין געווען אויף; זיי האָבן זיך אָנגעטון און בעת-מעשה געקריגט זיך. די מוטער האָט געבייזערט זיך.

אַ פריאיק שיפל האָט מיט העלע אויגן אַדורכגעפאָרשט דעם נעפל און איז אַריינגעפאָרן אין האַפן; צוויי אָדער דריי געשטאַלטן זענען פאַרשוווּנדן אין די גאַסן.

אַ מאַן מיטווילדע אויגן האָט זיך געדרייט אין בעט, און זיך געמיט איינצושלאָפן.

אין מערב האָבן זיך געפיטערט פערד.

אַ גרויסע אונטערנעמונג, געזען פון אַ פלי-אַפּאַראַט.

די אַרבעטער האָבן אין הויף ביי אַ לאַנגן טיש געגעסן זייער פרישטיק.

דער הייצער האָט געהייצט דעם לאָקאָמאָטיוו, דער דאַמף האָט געפייפט; איצטער איז איינגעשטיגן דער לאָקאָמאָטיוו-פירער, און זיי זענען אַוועקגעפאָרן צום הויפּט-וואָקזאַל.

4.

דער געשיר-וואַשער אין אַ נאַכט-רעסטאָראַן האָט פאַרשלאָפן געשייערט די פאָדלאָגע.

דער ערשטער אַרבעטער איז אַרויס פון דערהיים מיט זיין פרישטיק אונטערן אָרעם.

אַ טיר האָט זיך געעפנט, און אַ שטוביקע פרוי, דער קאָפּ געהילט אין אַ טוך, איז געגאַנגען צום נאָענטסטן געוועלב.

אַ וואָגן איז פאַרבייגעפאָרן. אַ לאַסט־אויטאָ האָט שנעל פאַרבייגערוישט.

אַ וועק־זייגער האָט געקלונגען, און אַ האַנט האָט זיך אויסגעשטרעקט, בכדי דעם וועקער אָפּצושטעלן. נאָך אַ וועק־זייגער, און נאָך איינער.

דער נעפל האָט זיך אויפגעהויבן.

אַ טראַקטאָר האָט גענומען קלאַפּן. פאַרבונדן מיט זיין שווערער שלעפּ־משא, באַגלייט דורך אַ דינער, האָט ער זיך אַוועקגעקייקלט אויף די פעלדער.

5.

לאַסט־אויטאָס זענען צוגעפאָרן צום האַפן. אויפן טראָטואַר זענען אויסגעשטעלט געוואָרן קאַסטנס מיט פּאָמעראַנצן, פּאָמידאָרן, פעפער מיט עפּל, ציבעלעס, ריבן, בוריקעס און רעטעך. אַ מישמאַש. פלאַטפאָרמעס מיט מוראדיקע פערד, קללות פון די פורמאַנעס, קולות פון די מענטשן.

אין פענסטער פון אַ שלאָף־צימער האָט מען אויפגעהויבן די ראָלעטן.

עס האָט זיך געעפנט דאָס גרויסע טויער פון אַ פאַבריק, און סירענעס האָבן געפייפט, באַגלייט דורך דעם צישען פון אויסשטראָמענדיקן דאַמף.

פאַסטוכער האָבן צונויפגעטריבן דאָס פי, און געיאָגט עס אין די שלאַכט־הייזער.

אַ מאַן מיט אַ קאָסע האָט געשניטן גראָז.

אַ ווייצן־פעלד. ווי ווייט נאָר דאָס אויג האָט געקאָנט גרייכן, האָבן מענטשן מיט קאָסעס געשניטן ווייץ.

אַ גרויס ווייצן־פעלד. אַ ריזיקע שנייד־מאַשין, געצויגן דורכן טראַקטאָר, איז צוגעפויזעט צום ווייץ, האָט אים אָפּגעשניטן, געבונדן אין גאַרבן, געוואָרפן אין דער דרעש־מאַשין, און דאָרטן

האָבן רימענס און דרעשערס געדראָשן די ווייץ־קעפּלעך און אָנגעפּילט מיט זיי אַ גרויסן קאַסטן.

דער בופעט פון אַ סיטי־קאָוויאַרניע, זעקסרייאיק. געסט שרייען־אויס באַשטעלונגען, דער מאַן ביים בופעט חזרט דאָס איבער פאַרן קוכער. ער אַרבעט ווי אַ בליץ. די געסט פאַרלירן נישט קיין צייט אויף צוצוזעצן זיך צו אַ טיש. זיי עסן שטייענ־דיק, אָדער אויפן וועג צו דער טיר.

אין אונטערשטן שטאָק פון אַ הויז אין אַ גוט. דינערשאַפט אין פאַנטאָפל, בכדי נישט צו וועקן די אויבן־שלאָפנדיקע הער־שאַפט, האָבן אויסגעקלאַפט טעפּיכער, אָפּגעשטויבט מעבל, בילדער. דער שאָפער האָט געפּוצט דעם אויטאָ. די פערד האָט מען געריבן מיט באַרשטן.

עס איז דורכגעפאָרן אַ לאַסט־וואָגן פול מיט אַרבעטער, אויף די אַקסלען האָבן זיי געהאַלטן רידלס און שופלעס.

אַ נעגער־מוטער האָט געפּרוווט אויסוואַשן איר קליינעם שוואַרצן יונגאַטשל הינטער די אויערן. ער האָט זיך געדרייט, געוואָרפן, און צעשפּריצט דאָס גאַנצע וואַסער. אַ שוואַרצע בייבי אויף אַ הויכן קינדער־שטולכל האָט געוויינט עסן.

די גאַסן זענען געוואָרן געפּאַקט מיט אַרבעטער. — אין אַ קליינער שטאָט איז אַ פאָטער אַריין אין שלאָף־צימער, אַ קוש־געטון זיין קליינע שלאָפנדיקע טאָכטער, געקושט זיין פרוי, גענומען דאָס עסן, אַריינגעזעצט זיך אין זיין קליינעם ביליקן אויטאָ און איז אַוועקגעפאָרן. די פרוי האָט אים נאָכגעשיקט לופט־קושן.

אַן אַרבעטנדיקער עפּל־סאָרטירער. — אַ תבואה־זיפּ. מען האָט אָנגעפּילט אַ בעקן. אין אַ זעג־מיל האָבן הויך אויבן זיך באַוועגט די קראַנען און אויף קייטן געטראָגן גרויסע האָלץ־באַלקנס.

אין אַן אַרויכשיק־סטאַציע האָט דער לערער פון גימנאַסטיק אָנגעטון אין טריקאָט און הויזן, דורכן מיקראָפאָן געגעבן אָנ־ווייזונגען. אין גאַנצן לאַנד זענען מענטשן אויפגעשטאַנען פון שלאָף, און אויף די פאַרשידנסטע מדרגות פון האַלב ביז גאַנץ באַקעט דורכגעמאַכט שלעפעריק זייער טוץ קערפּערלעכע איבונגען.

פאַרביי אַ קאָנטראָל־זייגער זענען דורכגעגאַנגען זייער פיל מענטשן.

אַ דינער אין אַ ליוורייע האָט אַרויסגעפירט אַ כינעזער־הינטל שפּאַצירן. דאָס הינטל האָט געטיאַווקעט און פּאַרוויקלט דאָס שנירל אַרום דעם סאָלידן דינערס פיס.

אין קאַליפאָרניע האָט מען אַראָפּגענומען פּאָמעראַנצן. אין די דרום־שטאַטן בוימוואָל. אויף אַ באַרג־שיפּוע — אַ שאָף־סטאַדע, דער שאָף־הונט איז אַרומגעלאָפן אין גרויסע קרייזן, און געהיט, אַז די לעמער זאָלן נישט פאַרלאָזן די סטאַדע. — אַ בינשטאָק.

עס האָט געעפנט זיך אַ טיר פון אַ שטאָטישער וווינונג, אַ האַנט האָט זיך אויסגעשטרעקט נאָך די מילך און דער צייטונג.— אַ גלעקל פון אַ שפּייז־ווינדע האָט אַ קלונג־געטון; אַ פרויען־האַנט האָט געעפנט די טיר, און דאָס אייז איז אָפּגעליפערט געוואָרן.

.6

אין די בערג איז געפאַלן אַ רעגן. אַ פויגל אויף אַ צווייג האָט געשוידערט. אַן אויטאָ־לאַגער. מען האָט צונויפגעלייגט דאָס בעטגעוואַנט, אָפּגעוואַשן דאָס פרישטיק־געשיר, גערופן די קינדער. אַלץ האָט מען אַריינגעפּאַקט אין קליינעם אויטאָ. עס האָט גענומען אַרויסשטראָמען גאַז, און זיי זענען אָפּגעפאָרן.

אַ מאַן, האָט געפּאָרעט זיך אין אַ קליינינקער קיך, און האָט געפּרוווט צוגרייטן פרישטיק. ער האָט אָפּגעבריט זיך די פינגער און געשאָלטן. דורך דער אָפענער טיר האָט מען געזען פרידלעך שלאָפן די יונגע פרוי.

אין אַ קליינער שטאָט האָט דער בריוו־טרעגער אין אַ וועגעלע פאַנאַנדערגעפירט די פּאָסט. אַן אַלט מיידל מיט אַ הויכן קראַגן אויף פישביין און אין אַ בכבודיק קלייד איז פול מיט דערוואַרטונג אַרויס אים אַנטקעגן. דער בריוו־טרעגער האָט אַ שאָקל־געטון מיטן קאָפּ אויף ניין און איז אַוועקגעפאָרן ווייטער.

פרישטיק. אויף אַ טיש געקאָכטע באָב, שוואַרץ ברויט און פּאַשטעט. אויף אַן אַנדערן הערינג און קאָרן־ברויט. נאָך אויף איינעם קאַרטאָפל מיט זויערמילך. ווייער אַן עלעגאַנטער פרישטיק אין אַ האָטעל: ווייַנטרויבן אויף אייז, וואַרים־געטריקנט ברויט אונטער אַ סערוועט, קאַווע אין אַ זילבערנעם קרוג; אַ האַנט פון אַ קעלנער אין אַ ליוורייע האָט אַריינגעגאָסן שמאַנט.

אַ בליק דורך אַ פענסטער אויף אַן אָפענעם שמעלץ-אויוון אין אַ שטאָל-גיסעריי. דער ווייס-גליענדיקער געשמאָלצענער מעטאַל האָט געשימערט און געזאָטן; אַ האַלב-נאַקעטער מאַן האָט מיט אַ לאָפּעטע געוואָרפן קוילן.

היי-שניט אויף אַ לאָנקע. — אַ דריי-זעג, באַפעסטיקט צו אַ לאָקאָמאָביל אויף בענזין, האָט געזעגט און געקאָרטשעוועט בוים-וואָרצלען, די פאַמיליע-מיטגלידער זענען געשטאַנען און געקוקט. — עס זענען פאַרבליבן גריבער. — אַן איינזאַם פערד האָט זיך געפּיטערט.

אַ קליין מיידל מיט אַ פריש-געוואַשען פּנים האָט פאַר-לאָזן אַ דאָרפיש הויז, בכדי צו גיין אין דער שול. זי האָט גענומען אויפהויבן זיך אויף אַ הויכן היגל. — אויפן שאָסיי האָבן קינדער געוואַרט אויף דעם שול-אָמניבוס. — אין דער שטאָט זענען זיי געגאַנגען פון די געפּאַקטע דירות מיט פוטערשניטן אין האַנט.

אַן איינוווינער פון אַ פאָרשטאָט איז געלאָפן צו כאַפּן זיין צוג.

אין מזרח-עק פון ניו-יאָרק, האָט דער מאַרק דערגרייכט זיין הויך-פונקט. פעדלערס האָבן געשטערט מענטשן פאָרטצוזעצן זייער וועג, זיי האָבן געמוזט מאַכן מסחר. פיש האָט מען צו-געטראָגן די דורכגייער צו דער נאָז. פרויען האָבן אויסגעפּרוווט אונטערוועש אויף זייערע רונדלעכע קערפּערס. אַ פּאָליציאַנט איז פאַרבייגעריטן, האָט גענומען פון אַ קאַסטן אַ באַנאַן און געגעסן.

נאָענט פון דער דאָרפישער שול האָט אַ ייִנגל אַ רוף-געטון אַ צווייטן. זיי האָבן זיך פאַרשטעקט צווישן די קוסטעס, נאָכ-געפּאָלגט דורך אַ דריטן, און דער לערער איז געשטאַנען אין טיר פון דער שול מיט אַן אויפגעהויבענעם גלאָק און געקלונגען.

.7

דער אַריינגאַנג צו דער אונטערערד-באַן אין דער אויבער-שטער שטאָט. מענטשן זענען אַראָפּגעגאַנגען. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ צייטונגס-פאַרקויפער, מיט צייטונגען צווישן די פיס. ער האָט געשיקט גענומען צייטונגען פון די פעקלעך, צונויפ-געקנייטשט זיי און אַריינגערוקט די מענטשן אונטער די אָרעמס.

אין אַ שטאָל-גיסעריי האָט מען געפּאָרעט זיך ביי אַן אָפענעם שמעלץ-אויוון. דורך די שפּאַלטן פון די ציגלשטיינער האָט זיך געזען דער ווייס-צעגליטער מעטאַל. אַן אַרבעטער איז געשטאַנען ביי דער עפענונג, גערויכערט אַ פּאַפּיראָס, און געעסקט זיך מיטן פּאַרוקער. עס איז עטוואָס געווען נישט אין אָרדענונג. אַ רוף פון אונטן. אַלע האָבן גענומען לויפן. דער מאַן האָט אַרויסגעזעצט דעם פּאַרוקער, איז אָפּגעשפּרונגען אין דער זייט, און אַ געוואַלטיקער שטראָם ווייסער מעטאַל האָט זיך אַריינגעגאָסן אין קעסל, מיליאָנען פונקען האָבן אַלץ פאַרשפּריצט. דער אַרבעטער האָט גערויכערט זיין פּאַפּיראָס. אַ ריזן-קראַן האָט זיך אַ דריי-אום געטון, האָט אויפגעהויבן דעם גלאַנציקן קעסל, וועלכער וועגט הונדערטער צענטנער, און האָט אים אַוועקגעטראָגן צו די גיסערייען; פונקען זענען געפלויגן, מעטאַל-טראָפּנס האָבן געגלאַנצט אויפן באָדן, אַ רויך האָט זיך געוויקלט.

אונטערערד-באַן-אויטאָמאַטן. הענט, וואָס וואַרפן-אַריין מטבעות, קערפּערס, וואָס שטופּן זיך אַדורך. דער צוג איז אָנגעקומען, און מען האָט אים אָנגעהויבן שטורעמען.

די אויסזיכט אויף ניו-יאָרק פון אַ פלי-אַפּאַראַט, וועלכער פליט איבער די וואָלקן-קראַצערס. די רויכנדיקע פּיראַמידע פון דעם באַנקיר-טרעסט, דער פלאַכער דאַך פון דעם עקוויטעבל-בנין, ביז אַרויף צו דעם זינגער-טורעם און צו דעם גאָטישן דאַך פון וואָלוואָרט. די מענטשן אונטן זעען-אויס ווי מוראַשקעס, די אויטאָס ווי זשוקעס.

אַ טייך. די דריי ווייסע חברהניקעס פון דער שול האָבן זיך אויסגעטון און זענען אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער. צוויי זענען אַרומגעשוווּמען. דער דריטער איז געשטאַנען אויפן גראָז און געציטערט פאַר קעלט.

אַ דאַמפּער. די אָפּטיילונג פאַר מענער. אַ לאַנגע רייע מענער אין שטרויענע היט. די מענער רויכערן פּאַפּיראָסן און לייענען צייטונגען. דורכן פענסטער האָט זיך אויפן האָריזאָנט געזען ניו-יאָרק. — די פרויען-אָפּטיילונג. פרויען-פיס. שיינע, הויך פאַרלייגטע פיס, און דיקע, און דינע, און פיס פון אַ קליין מיידעלע, דאַרע ווי שפּענדלעך.

אין אַ צימער, ווו די לאָדן זענען פאַרמאַכט געווען, און

נאָר דינע ליכט-שפּריצן האָבן באַהעלט דאָס אינעווייניקסטע, האָט זיך געזען דער שאָטן פון אַ נאַקעטער פרוי, וועלכע האָט אָנגעטון אַ זאָק.

אַ צוג פון דער אונטערערד-באַן, געזען פון דרויסן. שרעקלעך געפּאַקט. מענטשן, וואָס פּרוּוון לייענען אַ צייטונג. אַ מיידל, וואָס באַמיט זיך צורעכט-מאַכן איר געזיכט. אַ מאַן, וואָס בליקט צום באַלקן.

אַן איינזאַמער מאַן מיט אַ הונט איז אַרויפגעקלעטערט אויף אַ בערגל און האָט באַקוקט זיינע פּאַסטקעס. אין איינער איז געזעסן אַ פוקס מיט אַ צעבראָכענעם פוס.

אַ ברעך-מאַשין אין אַ צעמענט-פאַבריק. אַ בענזין-לאָקאָמאָטיוו האָט געשלעפּט די טאַטשקעס. דער אַרבעטער האָט געכאַפּט די אָנגעלאָדענע טאַטשקעס און האָט זיי איבערגעקערט. דער געשטיין איז געפאַלן אין אַ מאַסיוון צילינדער, אין וועלכן עס האָט זיך געדרייט אַ גרויסע שרויף, און האָט געמאָלן דעם געשטיין אויף קליינע גרודעס. דער באָדן האָט געציטערט.

מען האָט אַראָפּגענומען עפּל. אַ שיין מיידל איז געשטאַנען אויף אַ לייטער, מיט אַ קאָרב באַפעסטיקט צו דער טאַליע, און זי האָט איינגעביסן אַ זאַפטיקן עפּל און אַוועקגעוואָרפן אים.

מען האָט געבויט אַ גרויסע דאַמבע. מען האָט אונטערגע-לייגט אַ מינע. אַ דרוק אויפן איינשליסער, — און בערג, און פעלזן, און שליאַם זענען אַרויסגעשפּרונגען אין דער לופט און האָבן אַלץ באַשפּריצט.

## .8

פון די טרעפּ פון צאָל-אַמט אין ניו-יאָרק, געבליקט אויף דרום. די אונטערערד-באַן-סטאַציע פון באָולינג-גרין האָט אויסגע-שפּיגן שוואַרצע מחנות אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן הונדערטער-ווייז געשטראָמט אין אַלע זייטן, און יעדערער פון זיי איז אַוועק אין זיין ביוראָ-געביידע. אין אַלע זייטן וואָלקנקראַצערס. אַלץ העכער-און-העכער, ביז — עס איז צום סוף צווישן די דעכער דערשינען אַ קליינער פלעק בלויער הימל.

די טויערן פון אַ גוט. פאַרן הויז איז געשטאַנען אַן אוי-טאָמאָביל און געוואַרט. עס איז אַרויס דער קאָמערדינער, נאָך

אים דער הער. דער הער איז אַראָפּ מיט די טרעפּ, צו צו אַ בלומען-בייט, אָפּגעפּליקט אַ בלום, אַריינגעשטעקט זי אין לאַץ, צו צום אויטאָ, אַ ווונק-געטון צו עמיצן אין פענסטער פון אויבערשטן שטאָק, אַריין אין אויטאָ און איז אַוועקגעפאָרן.

אַ רייסעניש צווישן אַ הונט מיט אַ קאַץ — ערגעץ אין אַ קליינער שטאָט. אַרום אַ האַנדלס-הויז דרייען זיך אַרום מענטשן, וואָס קייען טאַבאַק, שניצן מיט זייערע טאַשן-מעסערלעך שטעקעלעך; אַנדערע שלאָפן אין זון-שיין. אַ קליינער הונט האָט אָנגעהויבן צו טיאַווקען, בילן, שפּרינגען. די קאַץ איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן פּאַרקאַן און אַנטלאָפן געוואָרן.

אַ ווינדע-ציפערבלאַט אין אַ ביוראָ-געביידע. דער ווייזער שטעלט זיך אָפּ ביי די נומערן פון פאַרשידענע שטאָקן, דערנאָך נעמט ער זיך ווידער באַוועגן.

אַ וועג דורך אַ מדבר. זאַמד און קאַקטוסן. ביים ראַנד פון וועג שפּליטערן פון אַן אויטאָ.

9.

מען טוט זיך איבער, — מען טוט-אויס די גאַסן-רעק און מען טוט-אָן ביוראָ-רעק. די פּאַנצער-שאַנק איז געעפנט. די דעקלעך פון שרייב-מאַשינען און רעכנמאַשינען אַראָפּגענומען. מען נעמט-אַרויס פעדערס פון די טישקעסטלעך, מען טונקט זיי אין טינט, און מען שרייבט אין די געשעפטס-ביכער.

אַן אַלטער גערטנער האָט מיט גרויס ליבע געפלעגט די געוויקסן אין גאָרטן פון אַ גרויסן גוט. קוסטעס בלומען. טעניס-פּלאַץ. אַ יונג מיידל איז געקומען פון איר אינדערפריאיקן רייט-שפּאַציר.

אין מינעזאָטאַ האָבן גרויסע קראַנען אויפגעהויבן אייזן-אַרץ אין טאַטשקעס, געפירט זיי צו די ים-דאַמפּערס און אויס-געליידיקט אין פראַכט-אָפּטייל. — טעקסטיל-פאַבריקן מיט טויזנטער וועב-שטולן אין פולן גאַנג. אין דער שמידעריי פון אַ שטאָל-זאַוואָד האָט אַ הידראַווולישע פרעס געפּאָרמט אַ רויט-צעגליטע שטאָלענע גרודע. — אין אַ קראַפט-סטאַציע — פיסטאָנען פון אַ געוואַלטיקער דאַמף-מאַשין, — מען פילט-אָן אַ תבואה-עלעוואַטאָר. — דאָס שאַלט-ברעט

פון אַ קראַפט-סטאַציע. אַן אַרבעטער פוצט די ווייזערס. — אין אַ לאָקאָמאָטיוו-גאַראַזש האָט מען רעמאָנטירט אַ לאָקאָמאָטיוו.

שרייב-מאַשינען. רעכן-מאַשינען. — אַן אָנגעשטעלטער האָט אויסגערופן ציפערן, און דער צווייטער האָט זיי קאָנטראָלירט אין זיין געשעפטס-בוך. אַ טעלעגראַף-יונג, באַטרויט מיט אַ דרינגענדי-קער דעפעש, האָט אין אַ וואַרט-צימער געשפּילט מיט שיק-יינגלעך אין שריפט צי אָדלער. — אַ רייזנדער איז אַריין אין אויפנעם-צימער פון אַ פירמע און געגעבן דער אָנמעלדערין זיין וויזיט-קאַרטע. זי האָט זי אַריינגעשיקט אין ביוראָ. — דאָס לאַגער-צימער פון אַ קאָנפעקציע-פאַבריק. — דאָס לאַגער-צימער פון אַ ראַדיאָ-באַשטאַנד-טיילן-געשעפט. — אַ מאַן, די פיס אויפן שרייב-טיש, האָט דיקטירט זיין סטענאָטיפיסטין. עס איז אַריין דער ביוראָ-דינער און דערלאַנגט די וויזיט-קאַרטע.

אַ פרוי האָט איבערגעשוועכט דאָס געשיר. אַ טעלעפאָן-קלונג, — זי האָט אָפגעווישט די הענט און גענומען דעם הערער.

אַ קאָלאָניאַל-געוועלב. אַ פרוי האָט אַרומגעטאַפּט גרינס, פרוכטן. דער פאַרקויפער האָט איר אָנגעוויזן אויפן שילדל:

נישט אָנרירן די סחורה. —

קאַסעס האָבן געקלונגען. פעקלעך זענען פאַרפּאַקט-געוואָרן. — מען האָט געציילט געלט. — אַ פלייש-מאַרק. — אַ פרוי האָט געוויזן מיט אַ פינגער. — אַ קליין מיידל האָט דערלאַנגט דעם קצב אַ צונויפגעקנוילטן שיין און אַ שטיקל פּאַפּיר. ער האָט אַ לאַך-געטון צום מיידעלע און האָט איינגעוויקלט די באַשטעלונג.

אַ שול-צימער. רעציטאַציעס. אויפגעהויבענע פינגער: צי איך דערלויבט אַרויסצוגיין?

אַ בענזין-סטאַציע. — אַ יינגל האָט געבעטן, מען זאָל אים מיטנעמען. דער אויטאָ האָט זיך אָפגעשטעלט, און דאָס יינגל איז געלאָפן צו אים. — אויפן עק גאַס אַן אָפגעברענט הויז, פאַר-בליבן נאָר דער קוימען. — צוויי מענער האָבן אין אַ לייכט שיפל אַראָפּגעטאַנצט איבער אַ וואַסערפאַל. — הויכע רויט-יאָדלעס אויפן ראַנד פון אַ וויסטע. — אַ גאַסן-טישל מיט אויבסט און געמיזע. — לאַנגע פראַכט-צוגן זענען אַדורכגעפאָרן. אַרומשלעפער האָבן אַרויסגעקוקט פון די ליידיקע וואַגאָנען. — מען האָט פאַריכט דעם גאַסן-ברוק. אַ שילד, אַז דער וועג איז פאַרשפאַרט. דער

הודסאָן-ראַמפּער איז דורכגעפאָרן פאַרביי די גערטנער. — עס האָבן אויפגעבליצט די ניאַגאַראַ-וואַסערפאַלן. — אין וועליסטאָן-נאַציאָנאַל-פּאַרק איז אַרויס אַ צוגעוויינטער בער, און אַ גײַזערשאַפּט, וואָס איז געקומען מיט אַן אויטאָ, האָט אים געפיטערט. — אַ בליק אויפן גרויסן קאַניאָן. — דער פאַרשטיינערטער וואַלד פון אַריזאָנאַ. — שוץ-דאַמבעס אויף דער מיסיסיפּי.

.10

אין אַ וואָל-סטריט-ביוראָ האָט דער קורסן-אויסקלאַפּער אָנגעהויבן ברומען. אַ יונג האָט אויסגערופן די קורסן, און אַ צווייטער האָט זיי געשריבן אויף אַ גרויסן טאָוול. באַקוועמע פּאָטעלן. שפּיי-קעסטלעך. קונדן האָבן זיך אַרומגעדרייט, גערעדט, געריבערט און איבערגעבויגן זיך איבער דעם קלאַפּער.

אַ בערזע-מעקלער ביי זיין שרייב-טיש. אַרום אַוודאי צוואָנציק טעלעפאָן-אַפּאַראַטן. ער האָט בליץ-שנעל געאַרבעט, גלייכצייטיק גערעדט מיט צוויי אָדער מיט דריי מענטשן, זיינע הענט זענען געשפּרונגען, גענומען דעם הערער און אים צוריקגעלייגט.

קורירן זענען געלאָפן אין שליחותן. אַן אָנגעשטעלטער האָט דורכן ביוראָ-טירל דערלאַנגט אַ צעטל. — פיל אַקציעס-שיינען. — אַ קאַסע-געהילף האָט גיך געציילט הונדערט-דאָלאַרדיקע באַנקנאָטן.

די בערזע אינעווייניק. גרופּן, וואָס לויפן אין אַלע ריכטונגען. אַ ליאַרם. ווירוואַר. אויסגעשטרעקטע הענט.

אַ קורסן-אויסקלאַפּער אין אַ פּריוואַט-הויז, אין אַ ביוראָ, אין דעם רויכער-צימער פון אַ קלוב. דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן די פּרימאָרגן-קורסן. אַ מאַן האָט אויפן ברעג פון זיין צייטונג געשריבן ציפערן.

צוויי יינגלעך האָבן אין אַן אויבסט-גאָרטן געגנבעט עפּל. דער פּויער האָט אָפּגעלאָזט זיין הונט. איין יינגל איז אַנטלאָפן. דעם צווייטנס הויזן האָבן זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ צווייג, און ער איז געבליבן הענגען. דער הונט איז אונטערגעשפּרונגען און געוואָלט אים פּאַקן.

דער קירכן-כאָר אין אַ קליינער שטאָט האָט דורכגעפירט אַ פּראָבע.

אין אַ דאָרף האָט אַ פרוי אין טרויער געוויינט, בעת מען

האָט אירע שטוביקע חפצים פאַרקויפט אויף ליציטאַציע. דער דיקער עקזעקוטאָר האָט גראָב געוויצלט זיך. די צושויער האָבן געלאַכט. מען האָט באַוויזן אַן אַלטפרענקישן זייגער. אַן אַלטער פאַרמער האָט אים געקויפט און אָנגעלאָדן אויף זיין פאָרד.

אַן אוניווערסיטעטס-מאַנשאַפט האָט אין פוטבאָל-איבונגען אַטאַקירט שטרויענע ליאַלקעס.

דער אַריינגאַנג פון אַ גרויסן האָטעל. געסט זענען געגאַנגען אַרויס-און-אַריין. אַ דינער האָט באַוועגט די דריי-טיר.

אַן איינזאַמער מאַן איז געזעסן אויפן ברעג טייכל מיט אַ ווענטקע אין דער האַנט.

אַ גרויס פריזיר-געשעפט. שפּיגלען, גלאַנציק מעש, מירמלשטיין. מענטשן זענען געזעסן אויסגעצויגן אין פאָטעלן, ווי די גולמס, פריזירערס זענען איבער זיי געשטאַנען געבויגן, מאַסירט זיי דאָס געזיכט, מאַניקירט די הענט, געפּוצט די שיך.

אַ טאַבאַק-אויספאַרקויף אין ווירגיניאַ. אומעטום זענען געלעגן פראָבעס. נעגערס. קונים פון אַלע טיילן לאַנד. אויף דער טריבונע דער עקזעקוטאָר.

אַ טומלדיקע געשעפטס-גאַס. פּריוואַט-אויטאָס, אויטאָ-דראָזשקעס, מענטשן יאָגן זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. אַ פאַרקער-פּאָליציאַנט רעגולירט דעם פאַרקער. פאָרטיערס עפענען טירלעך פון די אויטאָס. די אויסשטעלונגס-פענסטער פון „לאָרד", „טיילאָר", „טיפאַני", „סאַק".

די וואָלוואָרט-געביידע, באַוויזן לאַנגזאַם שטייגנדיק פון גאָר אונטן ביז אין דער הייך. דער שעלטאָן-האָטעל. די וריגליי-געביידע אין טשיקאַגאָ. די טעלעפאָן-געביידע אין ניו-יאָרק. דערנאָך זייער שנעל פיל אַנדערע בנינים: דער ריטץ-טורעם, די פלאַטיראָן-געביידע. די אַלייע פון די בראַווע אין טשיקאַגאָ. די פּאַרק-עוועניו, געזען פון דאַך פון האָטעל בילטמאָר. אַן אויסזיכט אויף אַטלאַנטאַ, קליוולאַנד, סאַן-פראַנציסקאָ, — פון זייער אַ נידעריקער פויגל-פּערספּעקטיוו. זייער פיל אַלטמאָדישע בילדער: אַ שיין אַלט זומערהויז אין זענאַנדאָאַ-טאָל, אַ ברוינער שטיינערנער פאַסאַד אין פילאַדעלפיע, אַ זוניקע ציגל-שטוב אין אוטאַ, אַ פאַרמעגלעך פאַרם-הויז אין אילינאָיס. פייערלעשער-לייטערס ביי די קאַזאַרמע-הייזער.

אַ רייזע אין דער הויכבאַן פון דער זעקסטער עוועניו אין ניו-יאָרק, אין ערשטן וואַגאָן. דערנאָך טשיקאַגאָ, די גרויסע אייזנבאַן-בריק אין קליוולאַנד. די רייזע פאַרענדיקט זיך ביי אַן אָנגע-הויבענעם בנין. מען האָט געזען די רושטאָוואַניעס, די אַרבעטער-אַרטעל, געפערלעכע לייטערס; אונטן—די לאַנדשאַפט.

אַ דאַמף-סירענע. אויסשטראָמענדיקער דאַמף.

**11.**

די שעה פון פרישטיק.

די לאַנד-אַרבעטער האָבן איבערגעריסן די אַרבעט און וואַרטן אויפן צווייטן פרישטיק, וואָס די פויערטעס דאַרפן ברענגען.

די וואָלסטריט-ביוראָען האָבן אויסגעשפיגן גאַנצע שטראָמען אָנגעשטעלטע.

די ווינדע פון אַ הויז, וואָס מען האָט געהאַלטן אין בויען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פול מיט אַרבעטער.

גאַס-אַרבעטער איטאַליענער זענען געזעסן ביים ברעג פון דער גאַס און געביסן אומגעהייערע שטיקער ווורשט מיט ברויט.

אַ געפּאַקטער פרישטיק-לאָקאַל. — אַ בליק אין אַ פּריוואַט-לאָנטש-קלוב.

בעת דער גרויסער פויזע האָבן קינדער באַלאַגערט אַ קאָנדיטעריי. פינגער האָבן געוויזן אויף זויערע צוקערלעך, שאָקאָלאַדקעס, צוקערקעס, איריסן. אויסגעשמירטע הענט האָבן געלייגט מטבעות אויף דעם פאַרקויפערס טיש.

אַ סטענאָטיפּיסטין האָט געגעסן איר פרישטיק אויף אַ קבר פון דעם טריניטיס-בית-עולם.

ווורשט, זויערע קרויט, ווערעלעך מיט לימאָנאַד. צווישן דעם האָט געווימלט מיט ביוראָ-יונגעלייט.

אַ רעסטאָראַן, געזען פון דרויסן. שיינע מיידלעך האָבן פונאַנדערגעטראָגן פיינקוכנס. מענטשן זענען געשטאַנען מיט נעזער צוגעדריקטע צו די שפּיגל-פענסטער.

אייניקע פאַרנעמערע יונגע מיידלעך זענען געזעסן אין אַ צו-קערניע אויף הויכע שטולן, און האָבן מיט באַוווּנדערונג באַטראַכט

דעם זייער שיינעם און זייער צוריקגעהאַלטענעם פּאַרקויפער און האָבן באַשטעלט אייזקרעם, שמאַנט, ניס און מאַרמעלאַד.

.12

אַן אַלטע דאַמע פון ניי-ענגלאַנד מיט אַ שיינעם געזיכטס-אויסדרוק, — אַ בערזען-מעקלער, אַ הויכער שטייפער קראַגן און פּענסנע, — אַ כיכיקענדיק יונגל מיידל, — אַ נעגער-אַרבעטער, — אַ דאָרפס-יונג מיט זומער-שפּרינקלעך,—אַן איטאַליענישער אַרבעטער, אַרומגעוויקלט מיט אַ בונטן האַלזטוך, — אַ שוואַרץ בייבי, — אַן עלטערער בערדיקער ייד, — אַ שיינע יונגע פרוי, — אַ האַלץ-העקער פון צפון, — אַ גריכישער שטיוול-פּוצער, — אַן אַלטער אינדיאַנער מיט טיפע קנייטשן אויפן פּנים, — אַ פאַרברעכערישער טיפּ, — פּאַרמער, — גוטמוטיקע הויז-פרוי, — פּוילישער מעטאַל-אַרבעטער, — בלאָנדער סקאַנדינאַוויער, — אַ דיקער מאַן, אים גייט גאַנץ גוט, — אַ וויינענדיק קינד, — אַ לאַכעדיק קינד, — אַ זקן, אַ טיפּ פון אַן אַלטמאָדישן פּאַרמער אין אַ יוניאָן-הוט, — אַ סטענאָטיפּיסטין קייט גומי, — אַ פוטבאָל-קאָמענדע פון אַן אוניווערסיטעט, — דאָרפס-מיידל, — אַ רוסישער באַרג-מענטש פון אַן אייזן-גרוב, — בראָדוויי — פּראַנט, — ראָמאַנטישער טיפּ פון דרום-מעריב, — ענגלענדער, — פּאַרס-כאָריסטן, — מאַטראָסן, — דיקער פּאַרמער פון יאָוואַ, — לאַנגהאַלזיקער אָנגעשטעלטער, — לאָקאָמאָטיוו-פירער.

.13

די ראָקי-בערג באַגאָסן מיט זון, — די עפּל-געגנט פון וועגאַשי אין שטאַט וואַשינגטאָן, — נאָך נישט געשניטענע ווייץ-פעלדער, — דער הימל, ווילדע גענז פליען קיין דרום, — אַ פעלד מיט אייל-פלאַנצונגען, — אַ זומפּ,—וואַלד אין צפון, — דער קאָלומביאַ-שטראָם — מדבר — זאַמד, — פאַרלאָזענע מירמלשטיין-האַקעריי, ווילדע פעלזן ביים אַטלאַנטישן ברעג, — שטורמוואָלקנס זאַמלען זיך, — שטעט, געזען פון פלי-אַפּאַראַטן פון אַ גוואַלטיקער הייך, — דער צעכוואַליעטער אָקעאַן.

.14

אַ געביידע. רויך-וואָלקנס קנוילן זיך פון אַ פענסטער. אַ גע-שטאַלט האָט זיך אַרויסגעבויגן און גענומען רופן. פייער-אַליאַרם.

די פייערלעשער-געביידע. פייערלעשער לאָזן-אַראָפּ שטאַנגען אין די וואָגנס. מיט וואָרנדיק קלינגען און שניידנדיק פייפן פאָרן זיי אַרויס.

בילדער פון דער שרפה. די פייערלעשער קומען. דער פאַרקער ווערט אָפּגעשטעלט. מענטשן בלייבן שטיין. אייניקע זענען געלאָפן נאָך דעם וואָגן. פּאָליציי-קאָרדאָן. מען האָט אויפגעשטעלט די לייטערס. באַפּעסטיקט דעם שפּיץ. וואַסערשטראָמען. מענטשן שפּרינגען אין דער נאַסקייט.

אַ רעפּאָרטער, דער פּאַסיר-שיין שטעקט נאָך אין זיין הוט. ער איז אַריינגעלאָפן אין רעדאַקציע-לאָקאַל, האָט אויף אַ שרייבמאַשין אָנגעשריבן דעם באַריכט, אַ וואָרף-געטון אים אויפן מאַנוסקריפּטן-טיש. דער מאַן ביי דעם טיש האָט געמאַכט אַן איבערשריפט, און האָט אַ וואָרף-געטון דעם מאַנוסקריפּט צו דעם ציַיטונגס-דינער. יענער איז שנעל געלאָפן צו דער זאַץ-מאַשין. דעם מאַנוסקריפּט האָט מען אויסגעזעצט, אַריינגעלייגט אין זאַץ-שפּיגל, ער איז אַריין אין פּרעס. די מאַשין האָט געאַרבעט. עס זענען אַרויסגעפאַלן געקנייטשטע צייטונגען און מען האָט זיי געבונדן אין פּעקלעך. דרויסן האָבן געוואַרט וועגעלעך. צייטונגס-יינגלעך האָבן געפּאַקט די פּעק, זענען געלאָפן דורך דער גאַס און געשריגן: עקסטראַ-בלאַט, אַ גרויסע שרפה.

## .15

אין אַ קליינער שטאָט האָט אַ פרוי געבאַקן טאָרטן פאַר אַ קירכן-יום-טוב. אַ קליין יינגל איז געשטאַנען און געקוקט. און ביי אים האָט גערונען דאָס שפּייעכטס פון מויל. — דריי פרויען אין אַ האַלבוויקטאָריאַנישן צימער, — אויף די ווענט פאָטאָגראַפיעס און אָנדענקונגען, — האָבן געשטריקט און געפּלוידערט. — דער דאָרפס-פּאָליציאַנט האָט געפּרוווט פאַרהאַלטן אַ צו-שנעל פאָרנדיקן אויטאָ. — צוויי יינגלעך האָבן איינגעאָרדנט אַ וועט-געיעג פון זשאַבעס. — קינדער זענען געגאַנגען קלייבן ניס.

אַ בחור האָט געבעטן אַ מיידל וועגן אַ זעונג.

דער קירכן-יום-טוב. אין פּאַסטאָרס הויף לאַנגע מיט זעגלטוך געדעקטע טישן. אַלטע דאַמען מיט הייבלעך אויף די קעפּ

האָבן געאָרדנט די מתנות. דער אַלטער פּאַסטאָר האָט געדריקט הענט. דאָרפס-יונגען האָבן געקוקט דורכן פּאַרקאַן. קלײנע מײדלעך, אַרטיק, אין געפּרעסטע קלײדעלעך האָבן אויסגעזען זײער דרײסט, אָבער נישט צוציענדיק.

פויערן אין אַן אײזן-געשעפט האָבן גערעדט וועגן גע-רעטעניש. — בליק-שנעל אַ בילד פון גערעטעניש. — מען שטעלט-צונויף גאַרבן תבואה — אויף אַ באַרג-שיפּוע האָבן ייִנגלעך געבאַקן מאַאיס.

.16

דער הינטערגרונט פון פּאָרדס ענדלאָזן לויפיקן באַנד-סיסטעם. דער באַנד באַוועגט זיך לאַנגזאַם. פון דעם מאָמענט, ווען מען הײבט-אָן אויפצושטעלן די אויטאָמאָביל-טײלן, ביז דער גלאַנציקער אויטאָ קײקלט זיך אַוועק מיט זײן אײגענער קראַפט. באַזונדערע בילדער:

אַ דאַמף-האַמער אין אַ שמידעריי, — אַן עלעוואַטאָר הויבט אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ קאָנסערוון-מאַשין, — אַ פּאַפּיראָסן-פאַבריק אין ריטשמאָנד, ווירגיניאַ, — אַן עלעקטרישע צושנייד-מאַשין אין אַ גרויסן קאָנפעקציע-וואַרשטאַט, — דער העכסטער און גרעסטער אין דער וועלט פאַבריקס-קוימען פון דער אנאקאנדע קופּער-גע-זעלשאַפט אין אנאקאנדע, מאָנטאַנאַ, דער אינעוווייניקסטער און אויסערלעכער אויסזען פון דער קראַפט-סטאַציע אין איראָן מאָונטען, מיטשיגען, — די זיכערהייטס-שרויף אין אַ דאַמף-רער, — דאָס אינעוווייניקסטע פון די פּיליעס פון דער עלעקטריע-געזעלשאַפט, נ. י., — אַ בענזין-ראַפינעריע, — אַגענטן פון דער טעקסאַס-געזעלשאַפט, פּאָרט-אַרטור, טעקסאַס, — טראַנס-פּאָרט-פּעק, אין דער אַמעריקאַן-קאַן-געזעלשאַפט, מאַייוואָד, אילינאָיס. — עלעוואַטאָר. — אַ לאָקאָמאָטיוו-גאַראַזש. — מעבל-פאַבריק, דריי-בענק אין גראַנד-ראַפּיד, מיטשיגען — דאָס אינעוווייניקסטע פון דעם זאַוואָד, וואָס געהערט דער קאַדיליאַק מאָטאָרן-געזעלשאַפט, דעטראָיט, מיטשיגען. — גרויסע עלעקטרישע קראַפט-סטאַציע-טורעמס. — די וואַסער-רערן-סיסטעם אין סעאַטל, וואַשינגטאָן. — די פּעטראָלעום-רערן-סיסטעם אין טולזאַ, אָקלאַהאַמאַ.

.17

אַ יאַרמאַרק:ביידלעך, קאָרן, עפּל, לאַנדווירטשאַפט-פּראָדוקטן; פי-אויסשטעלונג, פערד-אויסשטעלונג, הינט-אויסשטעלונג. אין דער מיטן: שפּילן, ביינדלעך, קאַרוזעלן, אַמעריקאַנישע הוידעס, באַנען. — אַ צירק, דער אויסרופער, פאַרזעעענישן.—שיינהייטס-קאָנקורס.

.18

אַ קליין טאַבאַק-געשעפט אין איסט-סייד אין ניו-יאָרק; דער אַלטער קרעמער פירט אַן ערנסטן געשפּרעך מיט זיינע קונדן.

אַ גרויס מאָדע-געשעפט. עלעגאַנטע פרויען זענען געזעסן אין ווייכע פאָטעלן, געררויכערט, און צוגעקוקט זיך צו דער אויסגעפירטער מאָדע-רעווי.

אַ געשעפט פון אייזן-פּראָדוקטן, פאַרמערס קויפן פאַרשידענע מכשירים.

ביליקע פאַרטיקע קליידער. דער פאַרקויפער שלעפּט די מענטשן פון גאַס אין געוועלב אַריין, און מעסט אויף זיי טאַנדייט געניימטע מלבושים.

אַ גרויס האַנדלס-הויז. פאַרשידענע אָפּטיילונגען, ווינדעס פאַרבינדן אַלע שטאָקן. עס גייט אַן אויספאַרקויף. הונדערטער פרויען צערייסן ממש איינע די אַנדערע.

אַ שיינהייטס-סאַלאָן, אַ ווייס-געהילטע פרוי אויף אַ פאָטעל, די האָר אין די דריידלעך פון אַ דויערכוואַליע-אַפּאַראַט, נעבן איר אַ פריזירער.

אַ יווועליר-געשעפט. מען באַקוקט שיינע יווועליר-אַרבעטן.

.19

אַ פינפמאַסטיקע זעגל-שיף איז אַרויס אין ים.

אַ פּאָליציאַנט רעדט כעסדיק מיט אויטאָמאָביליסטן, וועמען ער האָט פאַרהאַלטן אויפן שאָסיי פאַר צו-שנעל פאָרן.

אינעווייניק אין גראַנד-סענטראַל-טערמינוס אין ניו-יאָרק, טויזנטער האַסטיק-לויפנדיקע מענטשן, אָנקומענדיקע און אָפּפאָרנדיקע צוגן.

מען האָט פון אַ שיף אויסגעלאָדן באַנאַנען. — אויף קראַנען האָט מען אין אַ שיף געלאָדן אויטאָס.

מיט דער מיסיסיפּ אַראָפּ-וואַסער איז געפאָרן אַן אַלטמאָדישער שפּאַציר-דאַמפּער. סצענעס אויפן דעק צווישן פאַרליבטע פּאָרלעך. אַן אָרקעסטער שפּילט טאַנץ-מוזיק.

.20

הונדערטער פוס איבער דער ערד האָט אַ מאַן אַראָפּגעלאָזט אַ פּאָן-שטאַנג.

אַ גאָלפפּלאַץ. אַ דיקער מאַן האָט געשפּילט גאָלף; דער פאַרביקער גאָלף-יונג האָט געקוקט און פאַרביסן די ליפּן בכדי נישט צו לאַכן.

קינדער-שפּיל-פּלעצער אין דער שטאָט צווישן די קאַזאַרמע-הייזער: קאַרוזעלעס, גיגאַנט-טריט, מען שפּילט אין באַל. הונדערטער קינדער, אַ קליין מיידעלע האָט געשפּילט מיט איר ליאַלקע.

אין אַ בכבודיק וווין-צימער האָט מען סערווירט טיי. די באַלעבאָסטע האָט אינטעליגענט געפּלוידערט. יונגע פרויען האָבן אַרומגערינגלט אַן אויסלענדישע באַרימטקייט, און דורשטיק איינגעזאַפּט יעדעס וואָרט זיינס.

אַן אינדיאַנער-ווינקל. האַלב-נאַקעטע קינדער. שמוץ.

אין אַ פּאָסט-וואַגאָן האָט דער באַאַמטער פלינק סאָרטירט די פּאָסט.

אַ מיידל ביי דער אַרבעט אין דער טעלעפאָן-צענטראַלע.

אַ לאַבאָראַטאָריום. הונדערטער שטייגלעך מיט ווייסע מייז.

.21

די אונטערערד-באַן איז אַרויס אין ברוקלין פון דעם טונעל, האָט זיך פלוצלינג באַוויזן אויפן ברוקלינער בריק. דורך דעם בריק-וויאַדוקט האָבן זיך געזען די הויכע בנינים פון דער אונטערשטער שטאָט.

אַ צעשוויצט פערד האָט מען געפירט אין שטאַל.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן גענומען שניידן די לופט די פייפן פון דער דאַמף-סירענע.

די דאַמף-מאַשין איז געבליבן שטיין.

אויף שרייב-מאַשינען האָט מען אַרויפגעטון די דעקלעך. פעדערס האָט מען צוריקגעלייגט אין די שופלאָדן, געשעפטס-

ביכער פאַרמאַכט, און געלייגט זיי אין די פּאַנצער-שאַפעס; די שראַנק-טיר פאַרשלאָסן און אָנגעשטעלט די שלאָס-קאָמבינאַציע.
אַ פרויען-נאָז איז געוואָרן געפּודערט.
הענט האָבן אַראָפּגענומען היט פון די הענגערס.
אַרבעטער האָבן מחנותווייז פאַרלאָזן די פאַבריקן.
אַ שאָפער האָט געעפנט פאַר זיין אַרבעטסגעבער דאָס אויטאָ-טירל.
אַ בליק אויף דער אָנגעפּאַקטער אונטערערד-באַן.

.22

דאָס אָוונט-עסן האָט זיך געקאָכט.
דער טיש איז געווען בעדעקט.
אונטערערד-באַן-סטאַציע. פרויען און קינדער וואַרטן מיט אויטאָס אויפן צוריקקער פון זייערע באַעלטע. דער צוג איז געקומען. קושן. פעקלעך געבראַכט אַהיים. אַ שפּילצייג פאַר אַ קינד.
אויפן דאָרף האָט אַ יונגער בחור געוואַשן זיינע הענט אונטער אַ פּלומפּ. אַ שיין יונג מיידל האָט געפּאָמפּעט דאָס וואַסער און געלאַכט.
אויף אַ פּלאַנטאַציע אין דרום האָט אַ נעגער געשפּילט אויף אַ גיטאַרע און געריכערט אַ ליולקע.
פרויען האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענסטער. אַ מאַן, אָן אַ ראָק, אַ ליולקע אין מויל, האָט געלייענט אַ צייטונג. אַ מוטער האָט געקאָכט אָוונט-עסן. די קינדער האָבן זיך געשטופּט אַרום איר.
אין דער פאָרשטאָט האָט אַ מאַן געאַרבעט אין זיין גאָרטן. די קינדער האָבן אים געהאָלפן. די פרוי האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, און זיי אַלעמען גערופן עסן. דער מאַן האָט גענומען די קינדער אויף די הענט און אַריינגעטראָגן זיי אין שטוב.

.23

אַ מיידל האָט געגרייט צום טיש. — די מוטער האָט געבראַכט די טעלער פון דער קיך. — אין אַ שטוב, וווּ די מוטער איז געווען געשטאָרבן, האָט דער פאָטער געעפנט קאָנסערוו-פּושקעס און געקאָרמעט די קינדער. — אין אַן אונטערשטאָטישן קלוב האָט

מען בעתן אָוונט-עסן געטאַנצט. — ביי אַ טיש אונטערן פייערן הימל האָבן געגעסן די לאַנד-אַרבעטער, אַ פרוי האָט אַרויסגעטראָגן פון דער קיך דאַמפנדיקע שיסלען. — אַ דינער האָט סערווירט אַן עלעגאַנט מיטאָג. — אַן איינזאַמער מאַן אויף אַ רייזע האָט געגעסן ביים אַלגעמיינעם טיש אַ פענסיאָן-עסן. — צוויי מיידלעך האָבן אין אַ צימער געוואַרימט זייער שפייז אויף אַן עלעקטרישער קיך. — אַן אַלטער ניו-ענגלענדער פאַרמער האָט תּפילה-געטון פאַרן עסן.

.24

אין גאַנץ אַמעריקע האָט מען נאָכן אָוונט-עסן גערוט: מענטשן זענען געזעסן אויף די גאַנקעס, זענען אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, גערויכערט ציגאַרן, ליולקעס; רויקע פנימער. מען האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָס. אַ פאַסטאָר האָט געדרייט דאָס הענטל, דערהערט טאַנץ-מוזיק און האָט האַסטיק איבערגעדרייט. ער האָט אַזוי לאַנג געדרייט ביז ער האָט אויפגעכאַפּט אַ פאָר-טראָג, און ער האָט אַ צופרידענער גענומען הערן. אין אַ צווייטער שטוב האָבן יונגעלייט געטאַנצט. אַ קליין שוואַרץ יינגל אין אַ דרום-שטאַט האָט געטאַנצט טשאַרלסטאָן. אין אַ פולמאַן-וואַגאָן פאַר רויכערער האָבן רייזנדע דערציילט אַנעקדאָטן, געקלאַפּט איינע די אַנדערע איבער די פלייצעס און הילכיק געלאַכט.

אַ יונג מיידל האָט זיך געקליבן גיין שפּאַצירן. זי האָט אַ קוק-געטון דורך דער טיר, צי קיינער זעט נישט, האָט געעפנט דער מוטערס פאַרפום-פלעשל און האָט זיך באַגאָסן מיט פאַרפומען.

אין אַ לאָקאָמאָטיוו-שאָפּע האָבן די אייזנבאַנער געשפּילט פּאָקער.

אין אַ וווינונג זענען זיך צונויפגעקומען געסט אויף אַ שוואַרץ קאַווע. מען האָט אויסגעשטעלט קאָרטן-טישלעך.

בראָדוויי. פיל מענטשן זענען אין צוויי רייען געגאַנגען אַרויף-און-אַראָפּ דער גאַס. — דרויסן פון אַ ראַדיאָ-געשעפט. דער הילכער האָט געליאַרעמט. אַרום זענען געשטאַנען מענטשן.

אַ שווינדלער האָט אויף דער גאַס פאַרקויפט זילבערנע זייגערס, אַ פערטל דאָלאַר אַ שטיק.

אַ מעשהלע פאַרן שלאָפן-גיין אין ראַדיאָ. אין גאַנצן לאַנד האָבן קינדער זיך איינגעהאָרכט. אין אַרויסשיק-צימער האָט דער

דערצײלער זשעסטיקולירט און זאָרגפעלטיק אַרויסגערעדט די ווערטער.

אין אַ שוי-פענסטער האָט אַ מאַן געוויזן אַ קאָמבינירטן אינסטרומענט: מעסער, גאָפּל, ראַזיר-קלינגל און מוזיק-אינסטרומענט.

גומע-קײַענדיקע מײדלעך זענען געשטאַנען און האָבן געקוקט.

אַ בחור האָט אונטן פאַרהאַלטן זײַן פאָרד און האָט גע-טרובעט. דער פּאָטער האָט אָן אַ ראָק און אָן ברילן אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. די ײַנגערע שוועסטער האָט אַרויפגעשריגן צום אויבערשטן שטאָק: ער איז דאָ. דאָס מײדל האָט נאָך אַמאָל אַרויפגעלײגט פּודער אויף דער נאָז, און האָט זיך האַסטיק געלאָזט לויפן אַראָפּ די טרעפּ, און שיער נישט איבערגעקוליעט זיך.

אַ לאַנגער שלאַנג נעבן אַ קינאָ.

אַ קלײן מײדעלע אין נאַכט-העמד האָט געזאָגט דאָס נאַכט-געבעט: איך בין מיד, איך גײ רוען, איז אַרײַן אין בעט, האָט געקריגן פון דער מוטער אַ קוש אויף גוטע-נאַכט, איז אײַנגעדעקט-געוואָרן, — די טיר פון שלאָף-צימער איז געבליבן אַביסל אָפן.

נעבן טעאַטער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויטאָס. דער פּאָרטיער איז אַרויסגעקומען.

לײדיקגײערס זענען געשטאַנען נעבן די געשעפטן פון קאָסמעטישע אַרטיקלען און געמאַכט באַמערקונגען וועגן די פאַרבײַגײענדיקע מײדלעך.

אין שלאָף-וואַגאָן האָט מען געבעט די בעטן.

אין צפון איז אַ פאַמיליע געזעסן בײַם קאַמין.

נעגערס האָבן געשפּילט אין בײַנדלעך.

אין אַ פּוילישער קאָלאָניע איז דער מאַן געזעסן אויפן גאַניק און געשפּילט אויף אַ ציִ-האַרמאָניק, זײַן זון האָט געשפּילט אויף אַ מויל-האַרמאָניק.

די אוווערטיור איז געווען פאַרענדיקט, דער דיריגענט האָט אַ מאַך-געטון מיטן שטעקל, און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפ-געהויבן.

.25

די זון איז אונטערגעגאַנגען.

די הינער האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן הינער-שטאַנג.

אַ בחור מיט אַ מיידל זענען געזעסן אין קינאָ, די קעפּ צונויפגערוקט, האַנט-אין-האַנט.

פיר אַלטע מוידן האָבן געשפּילט אַ פּאַרטיע ברידזש.

צוויי מיידלעך זענען געגאַנגען דורך דער גאַס און האָבן אַזוי לאַנג געוואָרפן בליקן אין די פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָס, ביז מען האָט זיי מיטגענומען. איין מיידל האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן דעם פירער, דאָס צווייטע נעבן דעם מאַן אינעווייניק.

אַ מאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון אַ שפּעקייזי. לאַנגזאַם האָט מען געעפנט דאָס אויסשפּיר-פענסטערל. מען האָט באַטראַכט דעם מאַן פון אויבן ביז אַראָפּ. די טיר האָט זיך לאַנגזאַם געעפנט.

אַן אַנסאַמבל כאָריסטינס האָט אויסגעפירט קאָמפּליצירטע טענץ, די האַלב-נאַקעטע פּאַרטנערין האָט געטאַנצט פון פאַרנט.

אַן אַלטמאָדישער טאַנץ אין אַ שייער. אַ דאָרפס-פידלער. די אַלטע לייט זענען געזעסן ביי די ווענט. די יונגע האָבן געטאַנצט אין אַ ראָד.

אויף דער קראַפט-סטאַציע האָט מען אַ דריק-געטון דעם איינשליסער. די גאַסן פון דער שטאָט זענען געוואָרן באַהעלט. לאָמפּן אין אַ לאַנגער אַלייע.

דאָס פּובליקום האָט אַפּלאָדירט.

אין אַטלאַנטיק-סיטי האָבן גרויסע מחנות שפּאַצירט אויף דער ברעטער-פּראָמענאַדע.

.26

עס האָט גענומען ווערן טונקל.

דער אויטאָ איז געשטאַנען אויף אַ שטילן דאָרפס-וועג. דער בחור האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן מיידל, זי האָט אים אָפּגעשטויסן.

אַ גרויסער טאַנץ-לאָקאַל אין דער שטאָט.

די דרויסנדיקע זייט פון אַ באַוווינט הויז, אין וועלכן די לאָמפּן זענען אָנגעצונדן און די גאַרדינען אַראָפּגעלאָזן.

אין אַ פּאַרם זענען די איינוווינער געגאַנגען שלאָפן.

די באָסטאָן-פּאָסט-גאַס אויף מיילן-וויט באַלויכטן דורך אויטאָמאָביל-רעפלעקטאָרן. די אָריאָ-סאַקאָ-בריק צווישן פּאַסאַדענע

און גלענדאַל, קאַליפאָרניע, מיט קליינע לעמפּלעך אויף דער בריק און גרויסע לאָמפּן אין דער הייך.

אין אַ קאָנצערט-זאַל האָט מען פאַרגאַפּט געהערט דאָס שפּילן פון אַ וויאָלאָנטשעל.

אַן אָרדענונגס-היטער האָט פאַרהאַלטן אַ פּאָרל, וואָס האָט געפלירטעוועט.

די ניו-יאָרקער דעכער מיט זייערע קוימענס; זייער רויך האָט זיך געשלענגלט אין דער זייט פון דזשערסיי, ווו עס איז אונטער-געגאַנגען די זון.

מענטשן האָבן בעת די אַנטראַקטן גערייכערט אין די פּאָיעען.

דאָס ליכט פון בראָדוויי, די שטאָט-גאַס אין טשיקאַגאָ; פיל ליכט-רעקלאַמעס.

## 27.

נעבן אַ קופּע תבואה זענען געזעסן אַ בחור מיט אַ מיידל און הייס געשמועסט.

די פינפטע עוועניו. באַלויכטענע שוי-פענסטער. שפּאַצירנדיקע.

די אַמעריקאַן-ראַדיאַטאָר-געביידע אין דער פערציקסטער סטריט, ניו-יאָרק, דער גאָלדענער דאַך באַלויכטן.

וועגנדיק אין קאַליפאָרניע, ביינאַכט, פונדערווייטנס.

אַ באַלויכטענע יאַכטע האָט דורכגעקוועדט די בוכטע.

קאַספּערל-טעאַטער. קאַספּערל איז צעמזיקט-געוואָרן.

עטלעכע בחורים זענען מיט אַ געפילדער אַדורכגעפאָרן.

נעגערס מיט לאַמטערנעס און הינט זענען אַוועק אין וואַלד אויף יאַגד.

אין אַ רינג אונטערן פרייען הימל האָט דער שידס-ריכטער געציילט איבער דער אויסגעשטרעקטער, געשטאַלט פון אַ באָקס-קעמפער, די צושויער האָבן בעת-מעשה געליאַרעמט.

## 28.

אין סטעפּ האָט מען פאַרלאָשן די פייערן.

דער בחור מיטן מיידל זענען אַרויס פון קינאָ און אריין אין אַ פרוכט-געוועלב.

די קיך אין אַ פּויעריש הויז. אויפגעמונטערטע בחורים האָבן געטרונקען טרויבן-זאַפט. אַן אויטאָ איז פאַרבייגעפאָרן. עס זענען אונטערגעקומען נאָך צוויי בחורים מיט אַ גרויסן קרוג. אַלגעמיינע הייטערקייט.

אַ האָטעל-דאַך. אַן אָרקעסטער. טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

אין אַן אויטאָ, וואָס איז געשטאַנען ביי אַן אונטערשטאָטישן קלוב, האָבן אַ מאַן און אַ פרוי אין אָוונט-קליידונג זיך ליידנ-שאַפטלעך געקושט. אַ בחור מיט אַ מיידל זענען געזעסן אין אַ צימער אויף אַ קושעטקע און זיך געקושט.

אויף אַ הינטערהויף-פּאַרקאַן האָט דאָס לבנה-ליכט באַלויכטן קעץ.

דער „לויתן" איז אַרויס אין ים. צווישן דער שיף און דעם דאָק האָט מען געוואָרפן בונטע פּאַפּיר-פּאַסן און קאָנפעטי. גרופּן אין אָוונט-טואַלעטן. לופט-קושן. אַ פרוי האָט געוויינט.

.29

דער בחור מיטן מיידל זענען אין לבנה-שיין האַנט-אין-האַנט געגאַנגען אַהיים.

קאָוובאָיעס זענען געזעסן ביי אַ גרויסן שייטערהויפן, האָבן זיך דערציילט מעשיות. די קאָנטורן פון זייערע פערד האָבן זיך געטונקלט אין דער נאַכט.

אַ פּויערים-הויז פאַרזונקען אין שלאָף. אַ שלאָפנדיקער הונט.

אַ ווינקל אין אַ קליינער שטאָט, נאָר ביי אַ געוועלב — אַן איינזאַמע לאַמטערן. שטיל און פּוסט.

דער פאַרהאָנגענער קאָרידאָר פון פּולמאַן שלאָף-וואַגאָן.

אַרומגענומען שטייען ביי דער טיר און קושן זיך דער בחור מיטן מיידל.

אַ נאַכט-קלוב. טענץ. שיכּורע מענער, לאַכנדיקע פרויען.

דאָס ליכט אין שטאָט האָט גענומען אויסלעשן זיך.

די קאַץ זיצט ביי דער טיר.

מיט אַ שטעגל צווישן די פעלדער איז אַ בחור געגאַנגען אַהיים.

דער וועכטער אין דער באַנק האָט געוואַכט. שאָטנס זענען געפאַלן אויף די ווענט, פּאָדלאָגע און באַלקאָן.

ווידער זענען זיכטבאַר-געוואָרן די שניי-בערג.

כוואַליעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין דעם ים-שטראַנד. אין בנה-שיין האָבן זיך געזען ווייסע כוואַליע-רוקנס, וואָס זענען לאַנגזאַם פאַרבלאַסט-געוואָרן.

---

.VI

## דאָס שפּעקיייזי.

„איך וויל אַ שאָטלענדישן און אַ ביר", האָט דזשים געזאָגט.

„און וואָס וועט איר טרינקען?" האָט ער געפרעגט ביי העלען, און נישט-וואַרטנדיק אויף איר ענטפער, האָט ער אַ רוף-געטון:

„גיט אונז צוויי שאָטלענדישע און צוויי גלאָז ביר".

„דאָ איז גאַנץ לייטיש", האָט געזאָגט העלען.

„יאָ, זייער לייטיש. וואַרט אָקאָרשט, עס וועט זיך נאָך אויפזאַמלען אַ חברה".

ער האָט געהאַט דעם הוט אויפן קאָפּ, די פיס געקרייצט און האָט געריכערט אַ פּאַפּיראָס. אויך העלען האָט געריכערט. זי האָט געוואָלט אַוועקלייגן אירע הענטשקעס און בייטל אויפן טיש, נאָר דזשים האָט זי אָפּגעהאַלטן, האָט אַ געשריי-געטון: „אַנדי, אַ שמאַטקע". אַנדי האָט געזאָגט: „איין רגעלע", האָט געבראַכט די געטראַנקען, אָפּגעווישט דעם טיש און אַוועקגעשטעלט די גלעזער. דזשים האָט אַרויסגענומען אַ פינף-דאָלאַר-שיין, האָט ביים טוישן געקריגן אַ דריי-דאָלאַר-שיין און דאָס רעשט אין קליינגעלט, האָט אַנדין געגעבן צוויי פערטל-דאָלאַר-שטיק און באַזונדער נאָך צען סענט און געזאָגט: „וואַרפט דאָס אַריין אין קלאַוויר".

פון דעם באַר האָבן זיך דערטראָגן דער ריח פון ביר און קולות. „עפּעס צום פאַרבייסן", האָט געזאָגט דזשים. אַנדי איז אַוועק אין באַר, און דזשים מיט העלען זענען געבליבן אַליין. דזשים האָט אָנגעקוקט העלען. גענומען איר האַנט, אַ דריק-געטון זי און געזאָגט: „מיר וועלן אויסטרינקען".

דער קלאַוויר האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. „דאָ טאַנצט מען", האָט דזשים דערקלערט. „ווען עס קומט זיך צונויף פיל מענטשן,

קאָן מען דאָ טויב-ווערן. דאָס איז דער בעסטער לאָקאַל, וואָס איך קען. דאָ קאָן אַלץ טרעפן".

„נאָר איר דאַרפט נישט מורא-האָבן", האָט ער צוגעגעבן. „עס קומט אַהערצו אַ מאַסע פּרויען. עס וועט קיין שום זאַך נישט געשען. דאָס איז אַן אָנשטענדיקער לאָקאַל".

„איך שרעק זיך נישט", האָט זי געזאָגט. „איך קאָן זיך אַליין באַשיצן, דאַגהט נישט וועגן מיר".

„הערט זיך איין. לאָמיר זיך נישט קריגן. לאָמיר פאַרברענגען. זאָל זיך דוכטן, אַז איך בין אייך צום האַרצן, פאַרשטאַנען? מיר וועלן טרינקען און מיר וועלן טאַנצן, און אויב איר וועט וועלן גיין אַהיים, דאַרפט איר מיר אַ פּיפּס-טון, און מיר וועלן גיין".

„גוט", האָט זי געענטפערט, „מיר וועלן אויסטרינקען".

זיי האָבן אַזוי געטון, און דערביי אָנגעבליקט איינער דעם אַנדערן. דזשים האָט דאָס ביר נישט געוואָלט טרינקען; ער האָט אַ רוף-געטון: „אַנדי".

אַנדי איז געקומען מיטן פאַרבייסן. „ווייטער אָנפּילן", האָט דזשים געזאָגט. „זענען דאָ געווען פיל מענטשן, אַנדי?"

„יאָ". האָט אַנדי געענטפערט. „זונטיק אינאָוונט איז שטענדיק געפּאַקט. איך בין היינט ערשט אַכט אינדערפרי געקומען אַהיים. איך האָב דעם גאַנצן טאָג נישט געקאָנט שלאָפן. עס איז געווען צו-הייס. איך שלאָף איבערהויפּט זייער שלעכט".

„דאָס איז אַ צרה", האָט דזשים געזאָגט. „וועט איר אפשר עטוואָס אויסטרינקען, אַנדי?"

„איך טרינק נישט, אָבער אַ ציגאַר וועל איך נעמען".

„גוט. און, אַנדי, וואַרפט-אַריין נאָך צען סענט אין קלאַוויר. — מיר וועלן טאַנצן", האָט ער געזאָגט צו העלען.

זיי זענען אויפגעשטאַנען. זיי האָבן צוגערוקט די שטולן צום טיש. זיי זענען געשטאַנען צוגעפּרעסט איינער צום אַנדערן. דזשים האָט געפילט אירע בריסטן, איר בויך, זיינע קני זענען געווען צווישן אירע קני. זיי האָבן געטאַנצט.

„מיר ווילן דאָך ט אַ נ צ ן". האָט העלען געזאָגט, אָפּרוקנדיק זיך פון אים. „לאָזט מיך אָטעמען".

„אָלרייט. ווי איך געפעלט". אָבער ער איז געווען אויפגערעגט. „לאָמיר בעסער נישט טאַנצן. לאָמיר זיך אַוועקזעצן און

טרינקען. ווארט נאָר ביז דאָ וועט זיך צונויפקומען אַן עולם. איר וועט נאָר אַ קוק-טון אויף די מיידלעך, וועלכע קומען אַהערצו. זיי ווייסן נאָר איין גרענעץ: דעם גהינום. — אַנדי! דער יונג איז אַוודאי טויב. מיר ווילן טרינקען".

עס האָט זיך צעקלונגען דאָס טיר-גלעקל. אַנדי האָט אַוועק-געשטעלט די משקה. זיין פּנים איז געוואָרן שטרענג. ער איז אַוועק אין פאָדערצימער.

„ווו איז דאָס דאַמען-טואַלעט-צימער", האָט העלען געפרעגט. דזשים האָט איר עס אָנגעוויזן. ווען זי איז אַוועק, האָט ער אויס-געליידיקט זיין גלאָז און אויך אירס.

פּאַדי איז אַריינגעקומען, און ער האָט מיט דזשימען זיך אַפילו נישט באַגריסט, נאָר ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און האָט אַריינגעלאָזט איינעם אַן אַלטן היגטישן זון מיט צוויי פרויען. דער אַלטער כאָלערניק איז געווען קליין און געל. ער האָט געהאַט אַ בלום אין לאַץ און האָט געטראָגן פּענסנע. די פרויען זענען געווען דיק, בלאָנד און ווייך און האָבן געטראָגן גרויסע היט. דער אַלטער האָט אַוודאי געמוזט זיין גאָר אַ וויכ-טיקע פּערזאָן; דאָס האָט מען געזען פון דעם שטייגער, ווי פּאַדי האָט מיט אים גערעדט, ווי אויך פון דעם, וואָס ער האָט נישט אָנגעטרויט אַנדין דאָס באַדינען.

„אַנדי!" האָט דזשים אַ רוף-געטון מיט אַ האַלבער שטים. אַנדי איז צו אים צוגעגאַנגען. „איר ווייסט, ווער דאָס איז?" אַנדי האָט געענטפערט: „דאָס איז אַ סענאַטאָר, מלוכה-סענאַטאָר קאַרפּער. ער איז אין אַלבאַני אַ קאַרפּן-קאָפּ".

„אַזוי? ברענגט אונז נאָך צוויי גלאָז פון זעלבן מין".

העלען איז צוריקגעקומען. איר איז נאָכגעגאַנגען דער קאָטער פּאַדלאָק, מיט אַ פאַריסענעם עק. איינע פון די פרויען, וועלכע זענען געקומען מיטן סענאַטאָר פּאַרקער, האָט געזאָגט: „זעט-נאָר, סאַראַ רייצנדיקע קאַץ. קטי, קטי, קום אַהער קעצעלע". פּאַדלאָק האָט אויף איר נישט געלייגט קיין אַכט, נאָר ער איז בורטשענדיק צו צו דזשימען. דזשים האָט אים אויפגעהויבן, אַרויפגעזעצט צו זיך אויף דער קני און האָט אָנגעהויבן צו גלעטן זיין האַלז. פּאַדלאָק האָט זיך אויסגעצויגן, זיין עק איז געוואָרן שטייף, און ער האָט געברומט. די פרוי האָט אַ קוק-געטון אויף

דזשימען, און ווידעראַמאָל געגומען רופן: „קטי, קטי, קטי".
„גיט זי מיר", האָט העלען געבעטן: „דאָס ליבע קעצל,
דאָס שיינע געלע קעצל".
„לאָזט עס נישט אַראָפּ", האָט דזשים געזאָגט.
„ניין", האָט העלען געענטפערט, בליקנדיק צו דער פרוי.
די צווייטע בלאָנדע פרוי האָט געלאַכט. „די געפעלסט נישט דער קאַץ", האָט זי געזאָגט צו איר חברטע, און דזשים מיט העלען האָבן דאָס געקאָנט הערן.
העלען האָט געהאַלטן פּאַדלאָקן אויפן שויס און געגלעט זיין רוקן. ער האָט זיך געצויגן און געדרייט.
„ווי אַ דאַמף-מאַשין", האָט זי געזאָגט.
„נישט אַלעמען פאַרליידט ער", האָט דזשים דערקלערט. „ער איז זייער זעלבשטענדיק. אויב ער וויל נישט, וועט מען אים נישט כאַפּן".
פּאַדי איז געזעסן און געשמועסט מיטן סענאַטאָר פּאַרקער. פּאַדי האָט נישט געטרונקען. דיביידע פרויען האָבן גערויכערט און באַטראַכט זייערע גלעזער. ווידער האָט אויפגעצאַפּלט דאָס גלעקל. פּאַדלאָק איז אַראָפּגעשפּרונגען פון העלענס שויס און האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. די בלאָנדע פרוי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און געפּרוּווט אים פאַנגען.
„אַ העסלעכע חיה", האָט זי אויסגעשריגן. זי האָט מיך צעדראַפּעט. גיי צו אַלדי שוואַרציאַר. זעט, סענאַטאָר, ווי זי האָט מיך צעדראַפּעט".
דער סענאַטאָר האָט נישט איבערגעריסן זיין שמועס מיט פּאַדין. פּאַדלאָק האָט אַרויסגעשליכט פון לאָקאַל. עס זענען אַריינגעקומען אַ מאַן מיט אַ פרוי. זיי זענען דאָ נישט געווען היימיש. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט און געוואַרט ביז אַנדי האָט זיי אָנגעוויזן ערטער צו זיצן. זיי זענען געווען פון דער פּראָווינץ, און האָבן אויסגעזען ווי דערשראָקן. די פרוי איז געווען לערך אַרום פערציק. זי האָט אַ שמייכל-געטון צו העלען, און יענע האָט צוריקגעשמייכלט. זיי האָבן פאַרנומען פּלעצער.
אין באַר האָט עמיצער געזונגען, נאָך איינער האָט גע-רעוועט. אַלע קלאַנגען האָט פאַרהילכט דאָס געשריי פון דעם בופעטשיק: „רעדט דאָ נישט אַזוי גראָביונגעריש. אין צווייטן

צימער זענען פאַראַן דאַמען". אַ שיכּורע שטים האָט געענטפערט: „איך האָב האָלט דאַמען, איך וועל קענען זיי קיין וואָרט נישט זאָגן. ווו זענען די דאַמען? פירט מיך צו די דאַמען".

פאַדי האָט זיך אויפגעהויבן. „איין אויגנבליק, סענאַטאָר, אַנטשולדיקט מיר, מיינע דאַמען". און ער איז אַרויס אין באַר.

„דאָס איז שוין איין מאָל אַ גוטער לאָקאַל", האָט געזאָגט דזשים. „אַ וווּנדערלעכער לאָקאַל. דאָס בעסטע אַלקאָהאָל אין דער גאַנצער געגנט. איך קען פאַדין. ער האָט זעלטענע משקה. שמעקט עס אייך דען נישט?".

„געוויס, שמעקט עס מיר. און אויך דער לאָקאַל געפעלט מיר. דאָ איז פיין".

„אַנדי", האָט דזשים אַ געשריי-געטון, און ביידע פרויען מיטן סענאַטאָר האָבן אויף אים אַ קוק-געטון, אויך ביידע פראָווינצער האָבן זיך אומגעדרייט. „נאָך אַמאָל פון דעמ-זעלבן מין, אַנדי", האָט דזשים געזאָגט, נישט קוקנדיק אויף קיינעם.

פון פאָדערצימער האָבן זיך דערטראָגן שטימען און פרויען-געלעכטער. אַ פריילעכע געזעלשאַפט איז אַריינגעקומען. „פון וואַנען קען איך דעמדאָזיקן חברהמאַן?" האָט דזשים געפרעגט. „זיין געזיכט קומט מיר פאַר באַקאַנט". ער האָט געקוקט דעם בחור אין פּנים, נאָר יענער האָט אים נישט געזען. ער האָט גערעדט מיט אַ מיידל, געשפּאַסט מיט איר, און זי האָט געכיכיקעט, פונקט ווי ער וואָלט זי געקיצלט.

„ער האָט זייער אַ לייטישן אויסזען", האָט העלען געזאָגט.

„איך קען אים פון ערגעץ-ווו. איך ווייס אָבער נישט פון וואַנען. איך קען אים אַפילו גוט".

„גרויסער גאָט!" האָט אויסגעשריגן דער חברהמאַן. „דאָס איז דזשים קאָוואַן. וואָס האָט איר, דזשים, די גאַנצע צייט געטון? קומט, איך וועל אייך באַקאַנט-מאַכן. איז די דאַמע דאָ מיט אייך?"

„יאָ", האָט דזשים געענטפערט. ווי, צום טייוול, הייסט ער, דער חברהמאַן? „העלען, איך וועל אייך פאָרשטעלן מיינעם אַ פריינט..." אין דערזעלבער רגע האָט איינע פון די מיידלעך אַ רוף-געטון: „עדי, עדי, קום נאָר צו". דאָס איז עדי מיטשעל.

דזשים האָט אָנגעכאַפּט עדיס האַנט. „עדי מיטשעל, ווי גאָט איז מיר ליב".

„שטימט". עדי האָט געלאַכט. „עדי מיטשעל. איך האָב נישט דערוואַרט, אַז איר וועט אַזוי שנעל מיך פאַרגעסן"

„העלען, דאָס איז עדי מיטשעל. אַ ווילער בחור ביז גאָר. וואַרט נאָר צו, איך וועל איר פון אייך דערציילן".

„אָלרייט. איר וועט שוין שפּעטער דערציילן. קומט אָקאָרשט, זעצט זיך אַוועק נעבן אונז".

זיי זענען צוגעגאַנגען צו דער גרופּע. מען האָט צונויפ־געשטעלט דריי טישן, געבראַכט שטולן, פאַדי איז אַריינגעקומען, בכדי האַלאָ צו זאָגן, אַנדי האָט אַרומגעשמייעט. דער סענאַטאָר און דיביידע פרויען האָבן זיך צוגעקוקט, אויך די פּראָווינצער האָבן געבליקט אַהערצו, און עס איז קלאָר געווען, אַז זיי וואָלטן מיט פאַרגעניגן אָנגעשלאָסן זיך. דאָס קלאַוויר האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. אַ בחור מיט אַ מיידל האָבן געטאַנצט, דער בחור האָט מיט ביידע אָרעמס אַרומגענומען דאָס מיידל, און זי האָט אין איין האַנט געהאַלטן אַ ביטל, אין דער צווייטער — אַ פּאַפּיראָס.

„חברה", האָט עדי מיטשעל גערעוועט, „דאָס איז דזשים קאָוואַנס פריינטין. דזשים קאָוואַן און איך האָבן אין איינער אַ נאַכט שיער נישט אַוועקגעפּטרט אַ מענטש. נישט אמת, דזשים? מיר האָבן געפּרוווט אַוועקרויבן ביי ניו־יאָרק איר פּאָליציי. גראָד האָט זיך מיר אין יענעם מאָמענט פאַרדרייט דער קאָפּ, און איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. וואָס האָב איך נאָכדעם געטון, דזשים?"

העלען האָט פאַרגאַפט מיט אַן אָפענעם מויל געקוקט אויף עדין, און ווען אַלע האָבן פאַרנומען פּלעצער האָט זי אויסגע־מאַרקירט, אַז זי זאָל זיצן נעבן אים. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן. דזשים איז אַוועק נעמען צום אַלגעמיינעם טיש זייערע האַלב־פולע גלעזער, נאָר ער האָט אַ קוק־געטון אויף העלען (קום־צוריק, דו איינע), האָט דערזען, אַז זי איז פאַרנומען, — האָט ער אַליין אויסגעטרונקען ביידע גלעזער, האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס, און ווען מען האָט נאָך אַמאָל אָנגעפילט די גלעזער, האָט ער זיינעם ווידער אויסגעליידיקט, און האָט דערפילט, ווי אים באַהערשט אַ ווילדער צאָרן.

עדי מיטשעל איז אַ ווילער יונג, מען קאָן מיט אים גוט טרינקען, אַ גוט סקאַנדאַלעכל איינאָרדענען, נאָר מיידלעך ווערן שוין צו־פיל פּאַר אים די כּפּרה, באַווייזט ער זיך נאָר ערגעץ־ווו, קאָן מען זיי מיט שטריק נישט איינהאַלטן. אין „פּאַראַדיז", איז דאָס גאַנץ נאָרמאַל, דאָרטן רעדט יעדערע מיט יעדערן, און איטלעכער האָט זיך זיינע שאַנסן. אָבער דאָ איז פּאַדיס לאָקאַל און נישט דאָס „פּאַראַדיז". דאָ, אַז עמיץ קומט מיט אַ מיידל, געהערט זי צו אים, און קיין שום פאַרפלוכטער עדי מיטשעל טאָר זי ביי אים נישט אַוועקשנאַפּן.

„העלען", האָט ער אַ רוף־געטון, זי האָט אָבער נישט געהערט. זי איז געווען אינגאַנצן צעיאַכמערט.

איינע פון די פּרויען, וועלכע זענען געקומען מיטן סענאַטאָר האָט אויפגעכאַפּט דזשימס בליק, און אים האָט זיך געדוכט, אַז זי ווינקט צו אים. ער האָט געוואָלט צוגיין און איינלאַדן זי טאַנצן, נאָר ער האָט מורא־געהאַט, טאָמער וועט זי אָפּזאָגן; זי איז דאָך מיט אַ סענאַטאָר. ער האָט נאָך אַמאָל אַ בליק־געטון צו איר. איר קאָפּ איז געווען אָפּגעקערט, נאָר זי האָט אים לאַנגזאַם צוריק אומגעדרייט, און זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דזשים האָט זיך אויפגעהויבן, איז אַדורכגעגאַנגען פאַרביי דעם גרויסן טיש, דער פרויס קאָפּ איז אַלץ נאָך געווענדעט געווען אין זיין ריכטונג. (זי מיינט דאָס נישט ערנסט). ער איז כּמעט ווי שוין צוגעגאַנגען צו איר טיש, און דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט, נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך געווענדעט צו אַ מיידל פון עדיס געזעלשאַפט: „ווילט איר טאַנצן?"

„אדרבא", האָט זי געענטפערט, אויסגעטרונקען איר גלאָז, אָנגענומען אים ביי דער האַנט און נישט קוקנדיק אויף אים, אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל. און זיי האָבן געטאַנצט.

די קליינע צויג האָט געטראָגן אַ קאָרסעט, און עס איז קיין שום פאַרגעניגן נישט געווען. זי האָט זיך זייער נאָענט געטוליעט צו אים, אָבער ער האָט געפילט נאָר דעם קאָרסעט. זי האָט אים אָנגעקוקט, אַ שמייכל־געטון און האָט געזאָגט: „טאַנצט איר אָבער", אָבער דאָס אַלץ איז גאָרנישט ווערט געווען.

ער האָט ווידעראַמאָל געוואָרפן אַ בליק צום סענאַטאָרס טיש, אָבער די פרוי האָט גערעדט מיטן סענאַטאָר. העלען און

זענען נאָך אַלץ פאַרנומען־געווען איינער מיט אַנדערן. די מוזיק וועט אַפּנים קיינמאָל נישט אויפהערן. „איז עדי נישט זיס?" האָט די קליינע מכשפה געפרעגט. „געוויס", האָט ער געענטפערט. זיס. אַ בייז־יאָר, שוין צו־זיס.

די מוזיק האָט אויפגעהערט. ער האָט געזאָגט: „איך דאַנק", און איז אַרויס אין באַר.ביים בופעט זענען געשטאַנען מענטשן אוודאי אין פינף רייען, מאַכן אַ באַשטעלונג איז געווען אַן אויסגעשלאָסענע זאַך. ביי אַ קליינעם זייטיקן טיש האָט מען דיסקוטירט. דזשים האָט זיך צוגעהאָרכט.

„עס איז נישטאָ קיין פּאַבל; נישטאָ קיין שפּאַנונג. מען קאָן אַריינקומען, און אין אַ מינוט אַרום אַרויסגיין, און מען וועט גאָרנישט נישט אָנווערן".

„געוויס, פיל טעכניק, פיל בילדער און פיל קינדער, דאָס איז גאָר".

אין בחור איז געווען גאַנץ שיכורלעך. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט זייער לאַנגזאַם און זייער הויך:

„איר מוזט שטענדיק אַ פּאַבל האָבן, האַ? איר קאָנט קיינמאָל קיין פילם נישט קוקן, אויב אַ בחור פּרוווט דאָרטן נישט צווינגען אַ מיידל צום בעט, און אויב עס דערשיינט גאָכדעם נישט אַ גרויסער העלד, וועלכער ראַטעוועט דאָס מיידל פון אַן אומגליק, וואָס איז ערגער פון דעם טויט. איר פאַרטראָגט נישט, ווען עמיצער וויל זיין ערלעך און ווייזט אייך דאָס לאַנד, ווו איר לעבט, ווי עס זעט־אויס און אַלץ, וואָס אין אים איז פאַראַן"...

„איך האָב אים געזען", האָט דזשים אַריינגעמישט זיך. „איך האָב אים גראָד היינט אינאָוונט געזען און האָב איבער־הויפּט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. וואָס באַדייט דאָס אַלץ?"

„אָ גאָט!" האָט אויסגעשריגן דער שיכורער. דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף זיין אָרעם, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, און איז איינגעשלאָפן.

„דער פילם טויג נישט", האָט דזשים געזאָגט צו אַ מאַן, וואָס האָט געהאַלטן אַ גלאַז ביר אין דער האַנט.

„איך האָב אים נישט געזען", האָט דער מאַן געענטפערט און איז אַוועק. ביים טיש איז געבליבן נאָר דער שלאָפנדיקער

שיכּור. דזשים איז צו צום טיש מיט פאַרבייסנס, האָט גענומען אַ שטיקל ברויט, האָט דאָס באַלייגט מיט אַ פּעניצל באַלאָניעזער וווּרשט, מיט אַ פּעניצל קעז, האָט דאָס איבערגעשמירט מיט שאַרפן ענגלישן זענעפט, האָט אַרויפגעלייגט נאָך אַ שטיקל ברויט און גענומען עסן. אַ מאַטראָס איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט געפרעגט:

„ווּ איז דער פּיסואַר?" דזשים האָט דאָס אים געזאָגט. „אַ דאַנק", האָט געזאָגט דער מאַטראָס און איז אַוועק אין פּיסואַר. אַ מאַן מיט אַן ענגלישן אַקצענט, וואָס איז מסתּמא געווען שוישפּילער, האָט עטוואָס דערציילט אַ קליינעם פעטן מאַן, און האָט דערביי געפאָכעט מיט אַ האַנט. דריי שאָפערן האָבן געטרונקען ביר; אײנער האָט אָפּגעווישט מיטן אַרבל דאָס מויל, האָט אָפּגעטרייסלט פון זיין וועסטל ברעקלעך ברויט און האָט געזאָגט: „איך גיי אויף מיין סטאַציע, אויף ווידערזען". דאָס שטוב-ייִנגל, אַ קליינער יאַפּאָנעזער, האָט געקערט די פּאָדלאָגע, זיין בעזים האָט זיך באַוועגט זייער פּאָרזיכטיק אַרום די מענטשנס פיס. אַנדי האָט געשניטן קעז. „אַכט ביר אַהערצו", האָט עמיצער געזאָגט.

דזשים האָט אָנגעהויבן דורכצושטופּן זיך צום בופעט-טיש. „זייט מוחל", האָט ער געזאָגט, „אַנטשולדיקט", „פּאַרדאָן", „דערלויבט". ער האָט דערגרייכט צום בופעט. דער בופעטשיק האָט אים דערקענט און האָט הויך אויפגעהויבן די ברעמען.

„גיט מיר אַ שאָטלענדישן און אַ גלאָז ביר", האָט דזשים געזאָגט. ער האָט געקראָגן דעם שאָטלענדישן, האָט אַ זופּ-געטון, אַוועקגעלייגט אַ דאָלאַר, געקראָגן פופציק סענט, האָט דאָס ביר נישט געוואָלט טרינקען, און צוריק אַדורכגעשטופּט זיך צווישן דעם עולם.

„האַלאָ, דזשים", האָט געזאָגט פּאַדי.

„האַלאָ, פּאַדי. איר האָט שוין אַ היפּש ביסל געסט. אייער לאָקאַל וואַקסט, יאָ? איר האָט אַ גאַנץ פיין געשעפט, נישט אמת?"

פּאַדי האָט אים נישט געהערט. ער איז אַוועק הינטער דעם בופעט. פּאַדי איז געוואָרן צו-גרויס ביי זיך. נאָך מיט זעקס מאָנאַטן צוריק האָט ער געהאַט אַ קליין שפּעקייזי מיט אַ פּאַר-שלאָסענער טיר און האָט געציטערט אימת-מות אַרייַנצולאָזן עמיצן, וועמען ער האָט נישט געקענט. איצטער זענען די טירן געשטאַנען אָפן, און יעדערער האָט געקאָנט קריגן אַלקאָהאָל. געלט האָט

אָן אויפהער געפּלאָסן און נאָר צוליב דעם, וואָס דזשימען און נאָך אייניקע אַנדערע איז דער לאָקאַל געווען געפעלן, און פּאַדי איז געווען געפעלן, און זיי האָבן געבראַכט קונדן. איצטער האָט פּאַדי פּאַר אַ שותּף אַן אַמאָליקן פּאָליציי-הויפּטמאַן, וואָס וויל מיט די געסט אָפּילו נישט רעדן, נאָר ער פירט די ביכער און גייט אַרום און שמירט, ווו עס איז נויטיק, און פּאַדי האָט אַ לינקאָלן-וואָגן און פּאַדיס פרוי האָט אַ ספּאָרט-אויטאָ; זי קומט שוין מער נישט אין לאָקאַל, נאָר זיצט אין די האָטעלן פון דער פינפטער עוועניו.

ער וועט מוזן זוכן זיך אַן אַנדער שפּעקיייזי. פּאַדיס טויג שוין מער נישט. צו-פיל מענטשן קומען אַהער. צו-פיל פרעמדע, און פּאַדי איז שוין נישט פריינטלעך, ער איז קיינמאָל נישט מכבד מיט אַ טרונק און רעדט מיט קיינעם נישט, אַ חוץ עטלעכע הינטישע זין, ווי דער סענאַטאָר פּאַרקער.

וועמען גייט עס אָן? ווער האָט דערפון זאָרג? ווער, צום טייוול, איז פּאַדי? מיט אַ יאָר צוריק האָט ער אַרומגעדרייט זיך אין „פּאַראַדיז", מיט אַ פּאָר הונדערטער אין דער קעשענע, האָט געטרונקען אויף יענעמס רעכענונג, האָט קיינמאָל פאַר אַלקאָהאָל אַליין נישט געצאָלט, האָט זיך איינגעשאַפט פריינט, געעפנט אַ שפּעקיייזי, צעשיקט איינלאַדונגען, האָט די ערשטע מאָנאַטן ווייניק פאַרדינט און האָט אויפגעשטעלט אַן אומזיסטן בופעט מיט פאַרבייסנס, און מענטשן האָבן געזאָגט: „פּונקט ווי אין אַן אַלטמאָדישער קנייפּע", און דזשים און נאָך אייניקע זענען אַרומגעגאַנגען און אומעטום געפּויקט: „איר מוזט צו פּאַדין גיין. ער האָט דעם בעסטן אַלקאָהאָל אין גאַנץ ניו-יאָרק. ער איז מיין פערזענלעכער פריינט. זאָגט אים, אַז איך האָב אייך געשיקט, און ער וועט אייך באַהאַנדלען אויסגעצייכנט גוט". אַלע זענען אַהינצו געגאַנגען. און איצטער זאָל מען דעם יונג נאָר אָנקוקן. מען קאָן מיינען, אַז זיין גאַנץ לעבן איז ער נאָר געווען פּאָליטיקער, און האָט קיין שום זאַך מער נישט געטון, ווי אונטערגעקויפט באַאַמטע, און אומזיסט געשלאָפן מיט אַלע הורן פון בראָדוויי.

עפענען אַ שפּעקיייזי. אויף דעם האָט פּאַדי געהאַט נויטיק נאָר אַביסל מזומנים און גוטע באַקאַנטשאַפט. ער האָט געהאַט

אַ קלײנעם לאָקאַל, הינטער אַ געשעפטס־געבײדע, װוּ מענטשן זענען געגאַנגען אַרײַן־און־אַרױס, און װאָס האָט נישט געקאָנט דערװעקן קײן שום חשד; דערנאָך האָט ער געקראָגן פאַרבינדונגען מיט אַ סינדיקאַט, װאָס האָט אים באַזאָרגט מיט ביר און שנאַפּס און האָט געזאָרגט, אַז די פּראָהיבישן־מאַכט זאָל נישט װערן צו־פיל נײַגיריק; און פּאַדי איז אַרומגעגאַנגען צװישן זײַנע באַקאַנטע און האָט דערקלערט: „איך עפן אַ קלײנעם לאָקאַל. קומט־אַרײַן. איר װעט גוט באַדינט־װערן". און דערנאָך איז געקומען געלט, און עס זענען געקומען פרױען — און װי די פרױען רײַסן זיך דאָס צוליב פּאַדין, פּונקט װי די פרױען רײַסן זיך צוליב אָליװערן אין „פּאַראַדיז" — פרױען האָבן שטענדיק ליב אַ מאַן, װעלכער פאַרמאָגט אַן אײגענעם לאָקאַל און קאָן פאַר זײ זײַן גוצלעך. זאָל נאָר פּאַדי װעלן, דאַרף ער נאָר אַ װוּנק־טון מיט אַ פינגער, און עס װעלן צו אים קומען די בעסטע פרױען, זיך אױסטון פאַר אים נאַקעט און טון אַלץ, װאָס נאָר ער װעט פון זײ פאַרלאַנגען.

דזשים איז צוריק אַרײַן אין באַר, האָט זיך אַדורכגעשטופּט, אױסגעטרונקען אַ גלאָז װיסקי און געזאָגט דערנאָך צו זיך אַלײן: „איך גײ־אַרײַן אינעם דאַמען־צימער און װעל אַרונטערלאָזן העלען אַ מתּנת־יד, און אױב עדי מיטשעל װעט זײַן חוצפּהדיק, װעט ער זיך נאָך אױך עטװאָס דערהאַרן". מיט הענט פעסט געבײלט אין פױסטן, האָט ער גענומען שטופּן זיך דורך דעם עולם. אַנדי איז אים געקומען אין װעג, און ער האָט געװאָלט אױך אַנדין אַ שטױס־טון, אָבער יענער האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זײַט. אין װילדן צאָרן האָט ער פאַרלאָזן דעם באַר, איז אַדורך דעם פּאָדער־צימער, װוּ עס זענען געזעסן פּאַדיס לײַט, און איז אַרײַן גלײַך אינעם דאַמען־צימער.

איצטער איז שױן געװען גאָר װױל; אָנשטאָט דרײַ, זענען אַלע טישן געװען צונױפגעשטעלט, און אַלע זענען געזעסן צוזאַמען, אַלע האָבן געטרונקען אינאײנעם, מען האָט הילכיק גערעדט, געטרונקען אַלקאָהאָל און געטאַנצט. דזשים האָט העלען מיט עדין נישט געזען, אָבער די פרױ, װאָס איז געקומען מיטן סענאַטאָר, איז געזעסן אַביסל אין דער זײַט, די האַנט אױף איר גלאָז. אירע אױגן האָבן אױפגעבליקט צו אים. ער איז צו איר פאַרשײט

צוגעגאַנגען, זי האָט זיך אויפגעהויבן, זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט, ער האָט זי פעסט צוגעדריקט צו זיך, און זיי האָבן געטאַנצט.

יעדער טייל פון איר קערפּער איז געווען איינגעפּרעסט אין זיינעם. ער האָט קוים געקאָנט באַוועגן זיך. עס איז געווען נאָך אַ זאַך, וואָס האָט אים דערין געשטערט. זיין קאָפּ איז געווען קלאָר, ער האָט גוט געוווּסט, וואָס ער טוט, אָבער אים איז עפּעס שווער געווען צו געניסן דער פרויס קערפּער, צו האָבן די עמפּפינדונג, אַז ער וויל זי פילן. איצטער, אַז דער קערפּער האָט אַזוי ווייך זיך געטוליעט צו אים, האָט ער גאָר נישט געפילט קיין סך חשק צו אים. ער האָט אַ טרייסל־געטון דעם קאָפּ און האָט אָנגעהויבן זייער לאַנגזאַם צו באַוועגן זיך, געפּרוּווט פאַרמאַכן די ברייט־געעפנטע אויגן און זיך געמיט פולשטענדיק צו פאַרגעסן זיך אין דער פרוי, אויב אַפילו ער איז דערצו נישט איבעריקנס געווען געשטימט.

עדי און העלען האָבן געטאַנצט; זיי האָבן גערעדט, און עדי האָט געלאַכט צו איר, און זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. לויט דער קורצער צייט פון זייער באַקאַנטשאַפט, זענען זיי געווען שוין צו־שטאַרק באַפריינדעט. דזשימען האָט ווייניק־וואָס הנאה־געטון, וואָס די בלאָנדע פרוי טאַנצט מיט אים; אַז ער האָט אָבער דערזען, ווי גוט יענע אונטערהאַלטן זיך, האָט זיך אים פאַרגלוסט צו דערוועקן ביי זיי דעם איינדרוק, אַז אויך ער פאַרברענגט זייער פריילעך. ער האָט געטאַנצט נאָך לאַנג־זאַמער און געריבן זיין קערפּער אָן דעם קערפּער פון זיין פאַרט־נערין. זי האָט שווער געאָטעמט. זי האָט זיך נאָך נענטער צוגעטוליעט צו אים. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט פונאַנדערטיילן זיך. ער האָט פאַרגעסן אָן העלען און עדין און אַפילו אָן דער פרוי גופא, און, פאַרזונקען אין ווייכקייט, האָט ער צוגעמאַכט די אויגן.

דאָס קלאַוויר האָט אויפגעהערט צו שפּילן. עמיצער האָט געזאָגט: „מיר וועלן אַלע עטוואָס טרינקען". די פרוי האָט אָפּ־געלאָזט דזשימען, און האָט געשמייכלט. „ווי רופט מען איך?", האָט ער געפרעגט.

„אָ", האָט זי געענטפערט, „איך בין מיט דעם הער, וואָס דאָרטן קעגנאיבער"

„איך ווייס. לאָמיר עפּעס טרינקען. ווי רופט מען אייך".

„אַנאַ".

ער האָט זי אָפּגעפירט אין אַ ווינקל, אַוועקגעזעצט זי האַרט בײַ דער וואַנט, אַליין אַוועקגעזעצט זיך פאַר איר אַזוי, אַז ער האָט זי פאַרשטעלט פון אַנדערע און האָט גענומען איר האַנט, אירע אויגן האָבן צו אים געשמייכלט, אירע ליפּן זענען געווען אַביסל פונאַנדערגעעפנט, און ער האָט געקאָנט זען איר צונג. זי האָט געזאָגט: „איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געטאַנצט". זי האָט אויף אים אַזוי געקוקט, אַז ער האָט דערפילט אַ באַגער צו זיין מיט איר אַליין און צו קאָנען עטוואָס טון.

זי האָט געפרעגט: „וווּ איז אייער פריינטין, וואָס איז דאָ געוועזן מיט אייך?"

„אָ, אָט די. זי פאַרטראָגט מיך נישט. איך האָב זי געבראַכט אַהערצו, ווייל איך האָב קיין אַנדערע אַרבעט נישט געהאַט. זי גייט מיך אינגאַנצן נישט אָן, זי איז מיט מיין פריינט, עדי מיטשעל".

ער האָט אָפּגעלאָזט איר האַנט און גענומען גלעטן אירע היפטן, ער האָט געפּרוּווט גרייכן צום ראַנד פון איר קלייד און האָט חשק-געהאַט צו גרייפן מיט דער האַנט אונטערן קלייד, ער האָט אָבער מורא-געהאַט, זי וועט זאָגן ניין, וועט ווערן בייז, וועט צוריקגיין צום סענאַטאָר. ער האָט געגלעט דאָס לייב איבערן קלייד, האָט עס געדריקט און לאַנגזאַם געשטשיפּעט.

„וואָלט איר געוואָלט פאָרן שפּאַצירן?" האָט ער געפרעגט.

„אין אַן אויטאָ-דראָזשקע. עס איז אַ ווונדערשיינע נאַכט. מיר וואָלטן געקאָנט פאָרן אין אַן אָפענעם אויטאָ דורכן פּאַרק און..."

„איך קאָן נישט", האָט אַנאַ געענטפערט. „איך בין דאָ מיטן סענאַטאָר און מיט מיין שוועסטער. זי איז זיין פריינטין. ער וואָלט זיך באַליידיקט".

אַנדי האָט זיך באַוויזן. „ווי גאָט איז אייך ליב, אַנדי, ברענגט אונז עטוואָס צום טרינקען. בײַ אונז הענגען-אַרויס די צינגער פון מויל".

„תיכף", האָט אַנדי געזאָגט.

„קאָן איך אייך אָפּפירן אַ היים?" האָט דזשים געפרעגט.

„וווּ וווינט איר?"

„איך שלאָף בײַ מײַן שוועסטער. איך וווין נישט אין ניו-יאָרק. הײַנט בײַנאַכט נישט. אַן אַנדערש מאָל".

זי איז גאָרנישט געווען דיק. זי האָט געהאַט שמאָלע בײנער, באַדעקט מיט פיל פלייש, וואָס האָט זיך אײַנגעפּאַסט אין זײַנע, בעת זיי האָבן געטאַנצט. זי איז איצטער געווען אַנדערש, ווי ער האָט זי לכתחילה געזען. זי איז געווען נישט האַרט, ווי עס האָט זיך אויסגעדוכט. אירע אויגן האָבן געלאַכט און געגלאַנצט. זי איז פאַרן בעט באַשאַפן.

ער האָט זי זיך פאָרגעשטעלט אין אַ האָטעל-צימער, ווי זי טוט זיך אויס. ער האָט באַטראַכט איר מויל און האָט נעגלוסט אים צו קושן. ער האָט געוואָלט צונויפפּרעסן די ווייכע ליפּן. ער האָט טיפער אײַנגעגראָבן די פינגער אין איר פלייש.

איר געזיכט האָט נאָך מער דערנענטערט זיך צו זײַנעם. איצטער האָט דער גרויסער הוט פאַרדעקט אירע אויגן: ער האָט זיי שוין נישט געזען. זיי האָבן זיך צעקושט זייער צאַרט, און זי האָט אים אײַנגעביסן אַ ליפּ, אײַנגעביסן פעסט. לכתחילה איז ער געווען שאָקירט, און איז גרייט-געווען זי צו שלאָגן, דערנאָך האָט ער זיך ווידער פאַרגעסן.

אַנדי האָט געבראַכט דעם אַלקאָהאָל. אָנבליקנדיק אײנער דעם אַנדערן האָבן זיי אויסגעליידיקט די גלעזער. „קאָנסטו נישט מיטגיין, אַנאַ?" האָט דזשים געפרעגט.

„איך קאָן נישט. איך וואָלט דאָס גערן געטון, נאָר דאָס איז נישט מעגלעך. איך מוז גיין אַהיים מיט מײַן שוועסטער. איך וועל דיך אַן אַנדערש מאָל טרעפן".

„ווען?" האָט ער געפרעגט.

„קלינג מיר אָן. איך גיב דיר מײַן טעלעפאָן-נומער. איך גיי צו צו מײַן שוועסטער."

זי האָט זיך אויפגעהויבן, און נישט קוקנדיק אויף אים, האָט זי דורכגעקוועטשט דאָס צימער און איז געגאַנגען צום אַנט-קעגנדיקן ווינקל, וווּ איר שוועסטער איז געזעסן האַנט-אין-האַנט מיטן סענאַטאָר. אַז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט די שוועסטער אָנגעהויבן איר עטוואָס אײַנצורוימען, און האָט דערבײַ נאָך אַלץ געהאַלטן אויפן טיש דעם סענאַטאָרס האַנט.

דזשים האָט זיך געפילט נישט איבעריקס גוט. אין מויל

איז געווען אַן אַפּאַסקודנער טעם, דער קאָפּ איז געווען אין אַ מאָדנעם צושטאַנד, און דזשימען האָט זיך נישט געוואָלט אויפשטיין. ער האָט נאָך אַלץ געפילט אַ ווייטיק אין דער ליפּ.

„אָט איז אונזער פריינט דזשים קאָוואַן", האָט געזאָגט עדי מיטשעל און האָט אויפגעהערט צו טאַנצן און געבליבן שטיין, אַרומגענומען מיט העלען. „הער קאָוואַן איז זייער פּאַרטרויערט. זיין פריינטין האָט אים פאַרלאָזן. ער איז אַזוי איינזאַם, און ער איז טרויעריק".

עדי איז געווען שיכּור, און העלענס אויגן האָבן נישט געקאָנט בליקן פעסט אין איין ריכטונג. אונטער אירע אויגן זענען געלעגן טונקעלע שאָטנס, און אירע ליפּן זענען שלאַף אַראָפּגעהאָנגען. זי האָט קרום געהאַלטן איר גלאָז צווישן די פינגער.

„טראָגט זיך אָפּ, טאַנצט", האָט געזאָגט דזשים. „זאָלן מיינע אויגן אייך נישט זען".

„הער קאָוואַן האָט אונז, קינד מיינס, נישט ליב", האָט עדי מיטשעל דערקלערט. „איך געפעל אים נישט, און דיך האָט ער בכלל שוין מער נישט ליב. ביי אים איז צו דיר שוין גאָרנישט נישט פאַרבליבן. ער האַלט, אַז דו טויגסט שוין אויף גאָרנישט".

„ווער טויג נישט?" האָט געפרעגט העלען. „ווער האָט געזאָגט, אַז איך טויג אויף גאָרנישט?".

„יאָ", האָט געזאָגט עדי מיטשעל, „ווער האָט געזאָגט, אַז מיין קליינע פריינטין טויג צו גאָרנישט נישט? איך שלאָג זיך מיט יעדן פאַרשאָלטענעם היבטישן זון, וואָס וועט וואַגן זאָגן, אַז זי טויג נישט".

„טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען", האָט דזשים געזאָגט הויך אויפן קול. טראָגט זיך אָפּ, איידער איך האָב אייך עפּעס געטון".

„וועמען וועט איר עפּעס טון?" האָט עדי מיטשעל געוואָלט וויסן, און ער האָט אָפּגערוקט העלען אין דער זייט.

דזשים האָט זיך אויפגעהויבן, אַוועקגעשטעלט זיך אַנטקעגן עדין, אויסגעשטרעקט די האַנט און אים געגעבן אַ שטויס. דערנאָך האָט ער צונויפגעביילט די האַנט אין אַ פויסט.

עדי האָט אַפּנים, נאָך איידער ער איז אַהערגעקומען, גאַנץ היפּש געטרונקען, ווייל ער האָט זיך איינגאַנצן נישט געווערט.

ער איז צו   צו אַ שטול, אַוועקגעזעצט זיך און האָט געזאָגט:
„ווער וועט דאָס גלויבן, אַז מיין בעסטער פריינט האָט מיך געשלאָגן. אַז דזשים קאָוואַן האָט מיך געשלאָגן. מיין גאָט. איך בין שיכור און האָב געקראָגן געשלאָגן. מיין גאָט״.
דזשימען איז נאָך שווערער געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טון. ער איז צו צו עדין.
„איך האָב אייך נישט געוואָלט שלאָגן, עדי. גלויבט נישט, אַז איך האָב דאָס געוואָלט טון. איך האָב דאָס באמת נישט געוואָלט. איך וואָלט אייך נישט געשלאָגן...״
„וועמען שלאָגן?״ האָט עדי פּלוצלינג ווי אויסגעטשיכעט זיך. „איר מיך שלאָגן? איר און ווער נאָך?״ און ער האָט אַ פּאָכע-געטון מיט אַ פויסט.
נאָר ער האָט דזשימען נישט דערגרייכט. ער איז געווען צו-שיכור. דזשים איז אַוועקגעגאַנגען.
העלען איז ווידער נישט געווען. נישט, ווייל ער וואָלט וועלן מיט איר רעדן. נאָר ער האָט דאָ מער קיינעם נישט געקענט. ער האָט געזאָגט:
„אַנדי, ברענגט מיר עטוואָס צום טרינקען״.
„קומט אַהינצו״, האָט געזאָגט אַנאַ. „דער סענאַטאָר וויל, אַז איר זאָלן זיך זעצן נעבן אונז. איך האָב אים דערציילט, אַז איר זענט מיינער אַ פריינט. אַז מיר האָבן באַקענט זיך אין פילאַדעלפיע. ווי רופט מען אייך?״
„סענאַטאָר״, האָט אַנאַ געזאָגט, דאָס איז הער קאָוואַן. ער איז אונזערס אַ פאַמיליען-פריינט.
„איר קומט פון פילאַדעלפיע?״ האָט געפרעגט דער סענאַטאָר.
„ניין, הער סענאַטאָר. איך וווין אין ניו-יאָרק. פריער האָב איך געוווינט אין פילאַדעלפיע. מיר זענען מיט אַנאַן גוט באַקאַנט״. ער האָט באַדויערט, וואָס ער האָט געזאָגט „הער סענאַטאָר״, ווער צום טייוול איז ער דאָס, דער סענאַטאָר?
דער סענאַטאָר האָט געוואָלט, אַז ער זאָל צושטיין צו זיי, בכדי ער זאָל קאָנען זיין אַליין מיט אַנאַס שוועסטער. דאָס איז פולשטענדיק אין אָרדענונג. דער סענאַטאָר וועט פאַר אַלע געטראַנקען באַצאָלן, און גאָט אַליין ווייסט, ווו נאָך וועט מען היינט אינאָוונט סוף-כל-סוף מגילגול ווערן.

ער וועט נישט טרינקען אויפן חשבון פון אַ וועלכן־נישט־איז פאַרפלוכטן סענאַטאָר. „פאַדי“, האָט דזשים אַ בריל־געטון. פאַדי האָט געפרעגט: „וואָס, דזשים?“ „פאַר אַלעמען נאָך צו איין גלאָז, און מיר תּיכּף אַ שאָטלענדישן מיט אַ גלאָז ביר“.

„איר זייט דאָ, אַפּנים, אַן אייגענער מענטש“, האָט דער סענאַטאָר באַמערקט.

דזשים האָט געענטפערט: „איך האָב ביי פאַדין אַ חלק“.

„אַזוי אַפילו?“ האָט געזאָגט דער סענאַטאָר.

זאָל דאָס פאַדי אָקאָרשט פּרווון אָפּלייקענען. ער וועט זיך דערשפּילן.

דער סענאַטאָר האָט געקוקט דער שוועסטער אין די אויגן, געגלעט איר האַנט. דער סענאַטאָר אַליין איז אויך געווען אַביסל בגילופין. די שוועסטער האָט דערלויבט, ער זאָל גלעטן איר האַנט און האָט באַטראַכט די אָנוועזנדיקע אין לאָקאַל. אַנאַ איז געזעסן נעבן דזשימען, און האָט געהאַלטן זיך זייער אַרטיק.

אין רגע האָט דזשים געוואָלט נעמען אַנאַן ביי דער טאַליע און דורכטאַנצן מיט איר דעם זאַל, אין דער נאָענטסטער רגע — האָט ער געפילט אַ פאַרלאַנג אַוועקצוגיין, אַוועקזעצן זיך אַליין ערגעץ אין אַ ווינקל און שטאַרבן. ער האָט געגלוסט אַראָפּרייסן ביי אַנאַן די קליידער פון לייב, דאָ אויף אַלעמענס אויגן, און ער האָט גלייכצייטיק נישט געוואָלט טון קיין שום זאַך, וואָס דער סענאַטאָר זאָל קאָנען גרינגשעצן.

אים האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך דאָ אַוועקגעזעצט; כּל־זמן דער סענאַטאָר איז דערביי, קאָן מען בכלל קיין שום זאַך נישט טון. מען האָט געבראַכט די גלעזער; אַלע האָבן אויסגעטרונקען ביז אַ העלפט, און האָבן דערנאָך זיי צוריק אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

אַנאַס שוועסטער האָט אויף אים זיך נישט אומגעקוקט. זי האָט זיך געלאַנגווייליקט ביז צום טויט. אַנאַ האָט געבליקט צו אים, און עס איז קענטיק געווען, אַז זי וואָלט גערן געטאַנצט מיט אים, אָבער זי וועט דאָס נישט טון צוליב דעם סענאַטאָר. דזשים האָט דערפילט אַ פאַרלאַנג, אַז עמיצער זאָל עדין דערווייטערן פון לאָקאַל. יענער איז געזעסן אין צווייטן עק צימער, און האָט אויף אַלץ געקוקט מיט אַ נישט־זעעוודיקן בליק. העלען האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען.

דאָס צימער איז געווען געפּאַקט. די טישן האָט מען ווידער צונויפגערוקט אין מיטן. מען האָט מער שוין נישט געטאַנצט. פאַרשידענע מענטשן זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען. עס איז געווען אַ שרעקלעכער געפּילדער. פרויען האָבן געכיכיקעט. אַנדי איז אַרומגעלאָפן מיט אַ פולן טאַץ. פּאַדי איז געשטאַנען אין טיר און האָט באַטראַכט זיינע געסט.

„אָבער ניין, דאָס איז דאָך טאַקע סענאַטאָר פּאַרקער".

דער סענאַטאָר איז געווען שיכור; ער האָט אָנגעקוקט דעם מאַן, האָט אים דערקענט, האָט זיך האַלב אויפגעהויבן פונעם שטול און האָט געזאָגט:

„איך בין נאָר-וואָס געקומען מיט מיינע פריינט. מיר זענען דאָ נאָך נישט קיין גאַנצע צען מינוט. מיר זענען אַריינגעקומען, בכדי אַביסל אָפּצוקילן זיך מיט אַ גלאָז ביר".

„אָלרייט, סענאַטאָר", האָט געזאָגט דער מאַן. „מיר גייט נישט אָן, וווהין איר גייט. אויך מיר וואָלט נישט אָנגענעם געווען, אַז דער רעדאַקטאָר זאָל וויסן, אַז איך בין דאָ. איך דאַרף זיך דאָ מיט עמיצן טרעפן".

„זיצט", האָט דער סענאַטאָר פאָרגעלייגט. „טרינקט עפּעס, העי, יינגל".

דער מאַן האָט זיך געזעצט נעבן דזשימען, האָט צו אים אַ ווונק-געטון און איינגערוימט: „דער סענאַטאָר איז אַ טייערער יאַט. ער האָט דעם בעסטן שנאַפּס אין אַלבאַני".

„איך וועל אייך", האָט עדי מיטשעל געדעוועט פון צווייטן עק צימער. ער האָט געוויזן מיטן פינגער אויף דזשימען. „אייך, אָ, אייך". דזשים האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון, אָבער פּאַדי איז גלייך צו צו עדין, האָט אים אויפגעהויבן און אַדורכגעטראָגן דורך דער טיר; עדיס הענט האָבן זיך געשלעפּט איבער דער פּאָדלאָגע.

„אייערער אַ פריינט?" האָט געפרעגט דער מאַן. „יאָ, ער איז שיכור", האָט געענטפערט דזשים. „מען דערקענט אויף אים" האָט דער מאַן געזאָגט.

דזשים האָט געוואָלט צוגעבן: אויך איך בין שיכור, נאָך אַ מין שיכור. איר האָט עפּעס דאַקעגן?" אָבער ער איז געזעסן ביים סענאַטאָרס טיש, און האָט געדאַרפט שווייגן.

די פרוי פון דער פּראָווינץ האָט געפּרוּווט מיט אַ פּיס אַראָפּנעמען אַ גלאָז פון טיש. „אַזוי טוען מיר דאָס אין בינג-האַמטאָן", האָט זי דערקלערט. דער מאַן, וואָס איז געווען מיט איר, האָט געזאָגט: „נישט ריכטיק, טעסי. דאָס טוט מען נישט אַזוי, נאָר אַזוי". אָבער נאָך איידער ער האָט דאָס איר באַוויזן, האָט זי דאָס גלאָז שוין אַרונטערגענומען. זי האָט געטראָגן ווייסע הויזן און איז געווען אָן אַן אונטערראָק. אַלע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט. „בראַוואָ, בינגהאַמטאָן. בראַוואָ, טעסי". דער פּרויס פּנים האָט זיך געראויטלט. „גיט מיר נאָך אייניקע גלעזער. איך וועל אייך ווייזן, ווי מיר מאַכן דאָס אין בינגהאַמטאָן".

„אין ניו-יאָרק דאַרפן מיר נישט קיין שום גלעזער אויף צו באַווייזן די פּיס", האָט אויסגערופן אַ מיידל. דאָס איז געווען העלען. „קוקט אַהערצו". זי האָט זיך איבערגעקוליעט, איבערן קאָפּ. זי האָט נישט געטראָגן קיין הויזן. אַן אַנדער מיידל האָט אויסגערופן „איצטער לאָזט מיך" „ניין, מיך". „ניין, לאָזט מיך".

„אָט האָט איר לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם, סענאַטאָרס", האָט גע-זאָגט דער מאַן.

אַנאַס שוועסטער האָט אַריינגעוואָרפן: „מיר אין פילאַדעלפיע באַנעמען זיך נישט אַזוי".

„זעלבסטפאַרשטענדלעך", האָט געענטפערט דער מאַן. „ווער וועט דאָס וואַגן צו זאָגן, אַז אין פילאַדעלפיע קאָן עפּעס אַזוינס פּאַסירן".

„אָדער אין באָסטאָן", האָט ער צוגעגעבן אַ רגעלע שפּעטער. „דאָס וועט מען היינט ביינאַכט אין באָסטאָן נישט טון, ווי מיינט איר, סענאַטאָר?"

„ניין", האָט געענטפערט דער סענאַטאָר. „נישט היינט ביינאַכט אין באָסטאָן". דער סענאַטאָר איז געווען שטאַרק שיכור.

„אין באָסטאָן וועט מען טון עטוואָס בעסערס", האָט גע-זאָגט דער מאַן. „נישט אַזוי, סענאַטאָר?"

„רעדט-זשע דאָך", האָט אַנאַס שוועסטער געפּאָדערט. „דערציילט אונז, וואָס טוט מען אַזוינס אין באָסטאָן?"

„יאָ", האָט געזאָגט דער סענאַטאָר. „דערציילט אונז, וואָס קומט-פאָר אין באָסטאָן".

דער מאַן האָט אָנגעהויבן צו לאַכן. ער האָט אַ פּאַטש-

געטון דזשימען איבער דער פלייצע, האָט אַ פּאַטש-געטון זיך איבער דער קני און האָט אויסגערופן: „נעמט מיך דער רוח. איר ווילט וויסן, וואָס דאָרטן קומט-פאָר. וואָס קימערט דאָס אייך, סענאַטאָר? דאָס איז דאָך נישט אייער שטאַט".

אַלע האָבן געקוקט אויף דעם מאַן. ער האָט אויפגעהערט צו לאַכן און האָט געזאָגט לאַנגזאַם:

„איך וועל אייך זאָגן, וואָס היינט געשעט אין באָסטאָן. היינט ווערן דאָרטן צוויי מענטשן דערמאָרדעט".

„אַך, אַזוי", האָט געענטפערט דער סענאַטאָר. „הם... די דאָזיקע האָבן אויף דעם דאָך שוין זיבן יאָר געוואַרט. וואָלט איך דאָ געהאַט צו באַשליסן, וואָלטן זיי שוין זייט-לאַנג נישט געלעבט".

„געוויס", האָט געזאָגט דער מאַן, „וואָלט זיך דאָס גע-ווענדעט אָן אייך, וואָלט מען די צוויי מענער אויפגעהאָנגען נאָך פאַרן פּראָצעס".

„איר וואָלט געמעגט וועגן דעם גיין אין אַ געוועט", האָט געענטפערט דער סענאַטאָר. ער האָט זיך אָבער גלייך פאַרהאַקט. „ניין, נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן. אָבער זיי זענען דאָך געווען רויטע, נישט אַזוי? זיי זענען געווען באָלשעוויקעס. פאַר אַזעלכע איז ביי אונז קיין פּלאַץ נישטאָ".

„איר מוזט זיי דעריבער הענגען, נישט אַזוי, סענאַטאָר? הענגען, ברענען, פון וועג אַראָפּרוימען. זיי האָבן אַנדערע בליקן, ווי איר, און דעריבער דערהרגעט איר זיי".

פאַדי איז געשטאַנען דאַנעבן און געהאָרכט. ער האָט איבערגעריסן דאָס געשפּרעך:

„זיי זענען דאָך געשטאַנען פאַר אַ געריכט. מען האָט זיי אָנערקענט פאַר שולדיק. צו-וואָס דאָס געשריי? מען קאָן דאָך נישט מאַכן קיין גוואַלטן איבער דער גאַנצער וועלט, אויב מען האָט צוויי וואָפּס פאַרמשפּט".

„מען מוז ווייזן אַ ביישפּיל", האָט דערקלערט דער סענאַטאָר. „מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז מענטשן זאָלן אומבאַשטראָפט טרעטן אויף אַלץ, וואָס אונז איז הייליק. נישט ביי אונז אין לאַנד".

„מען האָט דאָך געפירט קעגן זיי אַ פּראָצעס", האָט

געזאָגט פאַדי. „דאָס געזעץ האָט זיי געגעבן אַלע שאַנסן. דאָס איז נישט געווען אַ שפּיל מיט געצייכנטע קאָרטן. איך קען פיל יונגעלייט, וועלכע זענען רויִנירט-געוואָרן דורך געצייכנטע קאָרטן. און אייניקע פון זיי זענען נישט געווען אויף אַ האָר מער שולדיק, ווי דידאָזיקע צוויי, אויב מען זאָל אַפילו גלויבן אין אַלע פאַרזיכערונגען וועגן זייער אומשולד".

דזשים האָט זיך אַריינגעמישט:

„איך קען אַ מיידל, וואָס האָט היינט אויף דעם יוניאָן-סקוועַר געקראָגן אַ זעץ מיט אַ פּאָליציייאישע גומקע. דער דאָקטאָר האָט איר געמאַכט דריי נעט. עס זענען געווען אומרוען צוליב דידאָזיקע יונגען".

„איך וואָלט גענומען אַ קוילנוואַרפער", האָט געזאָגט פאַדי, „און וואָלט אין דער באַנדע אַריינגעשאָסן. גיט מיר עטלעכע מאַטראָסן און אַ פּאָר קוילנוואַרפערס, און איך וועל זיי באַווייזן אומרוען".

„דאָס גלויב איך", האָט געענטפערט דער מאַן. „אויך דער סענאַטאָר וואָלט דאָס געטון. — אַ בוטלעגער *) מיט אַ באַזויפענעם סענאַטאָר".

„אויב דאָס שטייט אייך נישט אָן, וועל איך אייך זאָגן, וואָס איר קאָנט טון", האָט פאַדי געזאָגט און ער איז צוגעגאַנגען נענטער צו דעם מאַן. „איך וועל דאָס אייך ווייזן..."

דער סענאַטאָר האָט זיך אויפגעהויבן אַ צעשראָקענער.

„קיין שום סקאַנדאַלן", האָט ער באַפוילן, און האָט זיך געווענדעט צו דעם מאַן:

„ער איז נאָר אויפגערעגט, דאָס איז אַלץ. ער מיינט נישט קיין שום שלעכטס. אמת, אַז איר מיינט נישט קיין שום שלעכטס?", האָט ער געפרעגט פאַדין. דער סענאַטאָר איז געווען שטאַרק דערשראָקן.

דער מאַן האָט זיך אויפגעהויבן, אַ לאַך-געטון, און האָט געזאָגט: „די מאַכט פון דער פרעסע, אָבער די פרעסע נוצט איר מאַכט נישט אויס. די פרעסע האָט מורא צו פאַרלירן דעם פּאָסטן. זייט געזונט, סענאַטאָר, מיר וועלן אין אַלבאַני זיך

*) בוטלעגער — אַ הענדלער מיט אומלעגאַלן שנאַפּס.

ווידערזען. איך האָף, אַז ביז דעמאָלסט וועט ביי אייך קיין שנאַפּס נישט פאַרפעלן״.

„אַ חוצפּה אַביסל״, האָט געהיצט זיך אַנאַס שוועסטער. „אַזוי מיט אייך צו רעדן. איך וואָלט דאָס קיין איין מינוט נישט געדולדעט. איך וואָלט אים באַוויזן״.

דער סענאַטאָר האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט.

„שווייג, פלאָסי״, האָט אַנאַ געזאָגט. „ער ווייסט וואָס ער טוט״. דער סענאַטאָר האָט זיך באַמיט צו שמייכלען. אַנאַ האָט פאָרגעזעצט: „מיש זיך נישט אין ענינים, וועלכע דו קאָנסט נישט פאַרשטיין. דו האָסט קיין שייכות נישט מיט פּאָליטיק״.

„אַזוי גאָר״, איז פלאָסי געוואָרן בייז. „דו קומסט פון פילאַדעלפיע און קאָמאַנדעוועסט אַרום, האַ? איך הייב-אָן צו באַדויערן, וואָס איך האָב דיך איינגעלאַדן״.

„איך קאָן אַוועקגיין״, האָט אַנאַ געענטפערט, און איז אויפגעשטאַנען פון אָרט. „און טאַקע שוין, קיינער וועט מיר נישט אָנווייזן, וואָס צו רעדן, און דו — אויך נישט״.

אויך דזשים איז אויפגעשטאַנען. אַ האָטעל-צימער. ער און אַנאַ. אַנאַ טוט זיך אויס. אַנאַ נאַקעט אין בעט. „קומט״, האָט ער געזאָגט. „איך וועל אייך באַגלייטן, וווהין איר וועט וועלן״.

„דו ווערסט שוין גלייך ברוגז״, האָט פלאָסי אויסגערופן. „איך האָב דאָס נישט אַזוי געמיינט. פאַרליר נישט דעם קאָפּ. זעץ זיך אַוועק און באַרויק זיך. איצטער ביסטו אין ניו-יאָרק״.

„זעצט זיך״ האָט געזאָגט דער סענאַטאָר. „עס איז נאָך זייער פרי. מיר וועלן נאָך גיין ערגעץ-וווהין-אַנדערש. ווי זיי קריגן זיך דאָס״, האָט ער געזאָגט צו דזשימען. דזשים האָט אַ לאַך-געטון. „נו-נו״. ער האָט צוגעוווּנקען דעם סענאַטאָר און האָט זיך אַוועקגעזעצט.

ער האָט געזען, ווי העלען גייט-אַוועק. זי איז אַרויס געאָרעמט מיט אַ בחור, דער הוט אין דער האַנט. גוט, וואָס ער איז פון איר פּטור-געוואָרן.

„טרינקט-אויס, סענאַטאָר, איינס אויף מיין חשבון״, האָט פאָרגעלייגט פאַדי. „איך וועל אייך געבן פון דעם בעסטן, וואָס עס איז דאָ ביי מיר אין שטוב. וואָס וועט איר טרינקען, מיינע דאַמען?״

מען האָט באַשטעלט, און פּאַדי איז אַוועק אין באַר.

איצטער האָט ער סענאַטאָר געהאַלטן דער שוועסטערס האַנט, האָט געפּרוווט אַרײַנקוקן איר אין די אויגן, און זי האָט אויף אים נישט געוואָלט אַ קוק-טאָן. זײַערע קעפּ האָבן זיך צונויפּגערוקט נאָענט, און ער האָט איר עפּעס אַרײַנגעשושקעט. „ניין, פּאַרקי", האָט די שוועסטער געענטפערט. „הײַנט בײַנאַכט נישט". זי האָט אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויף אַנאַן, האָט אָנגעקוקט דעם סענאַטאָר און האָט איבערגעחזרט: „הײַנט בײַנאַכט נישט". דער סענאַטאָר האָט זיך אַוועקגעזעצט גלײַך, אַרײַנגעשטעקט אַ ציגאַר אין דעם ציגאַרן-שפּיץ. אַנאַס שוועסטער האָט דעם ציגאַר אָנגעצונדן.

דזשים האָט גענומען אונטערן טיש אַנאַס האַנט און זי פעסט אַ דריק-געטאָן. אַנאַ האָט געענטפערט מיט אַ האַנט-דרוק. פון צײַט-צו-צײַט האָט זי אים צוגעוואָרפן אַ בליק; ער האָט אַוועקגעלייגט די האַנט אויף אירע היפטן און האָט זיי געדריקט. איר קלייד האָט זיך הויך אויפגעהויבן, און איבער די פאַרבויגענע זאָקן, האָט זיך געזען דאָס לײַב. דזשים האָט געוואָלט עס אָנרירן, פּאַקן עס, אַלע זײַנע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אַרום דעמדאָזיקן לײַב. זײַן בליק איז פאַרנעפּלט-געוואָרן. ער האָט לכתחילה געזען צוויי נאַקעטע שענקעלן, דערנאָך פיר, דערנאָך אַן ענדלאָזע נאַקעטקייט, וואָס האָט זיך אומעטום פאַנאַנדערגעגאָסן. אין זײַן קאָפּ איז געווען אַ מוראדיק געפּילדער: גלעקער האָבן געקלונגען, עפּעס האָט געברויזט. ער האָט זיך געפילט שווער און נישט מיט אַלעמען. ער וואָלט מיט פאַרגעניגן אויפגעשטאַנען און געמאַכט אַ שפּאַציר אויף דער פרישער לופט. נאָר, אײַגנטלעך, וויל ער דאָס גאָרנישט. ער וויל נעמען אַנאַן און עטוואָס מיט איר טאָן. ער וויל אַוועקגיין, קיינעם נישט אָנקוקן, ערגעץ-ווו ליגן אין דער פינסטער, שטיל, מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער וויל שלאָפן, טאַנצן, שרײַען.

צום אָוונט וועט קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען. אָט האָט מען געבראַכט די געטראַנקען. דער סענאַטאָר האָט גענומען אַ גלאָז און, באַנעצט די ליפּן. פלאָסי האָט איר גלאָז נישט געוואָלט אָנרירן. אַנאַ האָט געדריקט דזשימס האַנט. פּאַדי האָט

געשמייכלט. דזשים האָט נישט געוואָלט טרינקען. ער האָט קיין טראָפּן מער נישט געוואָלט נעמען צו די ליפּן.

„פאַר אַלעמענס געזונט", האָט פּאַדי אויסגערופן, און זיי האָבן געטרונקען. דער ווייסקי איז געווען ביטער און זויער.

„גיט מיר אַ ביר", האָט געזאָגט דזשים.

„עס שטייט פאַר אייער נאָז".

„גוט".

דער סענאַטאָר האָט אָנגעבליקט די שוועסטערס. „קומט, מיידלעך, נעמט זיך קלייבן".

„איר ווילט דאָך טאַנצן, נישט אפשר? מיר וועלן זוכן אַ לאָקאַל".

דזשים האָט נישט געוווּסט, צי ער איז איינגעלאַדן. אים איז נישט געגאַנגען אין דעם, אַז ער זאָל דווקא מיטגיין, אָבער ער האָט געוואָלט מען זאָל אים איינלאַדן. ער וועט קיין פּיפּס נישט טון, ער וועט זיך זיצן זייער שטיל, נאָר על־פּי־יושר דאַרפן זיי אים איינלאַדן. די זייטן האָבן אים וויי־געטון, ער האָט נישט געקאָנט האַלטן אָפן די אויגן, ער האָט געוווּסט, אַז ער איז נישט אימשטאַנד אויפצושטעלן זיך. ער האָט געוואָלט ליגן אין בעט, איינזינקען אין טיפן שלאָף, אָבער זיי מוזן בעטן אים, אַז ער זאָל מיט זיי מיטגיין.

פאָרן אַהיים מיט אַן אויטאָ־דראָזשקע. קיין שום אונטער־ערד־באַן, קיין איבערזעצן זיך, קיין שום גיין פון דער סטאַציע אַהיים, נאָר אַ לאַנגע רייזע אין דער פינסטער, ליגן אין די קישנס, הוידן זיך אַביסעלע, אַזוי ביז צו דער שטוב, דערנאָך שנעל אַרויפגיין אויף די טרעפּ, איינס־און־צוויי אַראָפּוואַרפן די קליידער, אין בעט, אונטער דער קאָלדרע, אויסציען זיך און... איינזינקען אין שלאָף.

„אַהער, יונגערמאַן", און עס האָבן געקלימפּערט מטבעות. דזשים האָט געעפנט די אויגן. „אַנדי, איך צאָל". „שוין אַלץ אין אָרדענונג, יונגערמאַן", האָט געזאָגט דער סענאַטאָר. „לאָזט מיך צאָלן", האָט געענטפערט דזשים.

„עס איז שוין באַצאָלט", האָט דערקלערט אַנדי.

נעמט זיי דער רוח. ער האָט ווידעראַמאָל פאַרמאַכט די אויגן. שלאָפן.

„ער וועט אויך מיטגיין?"

„ווי דען, געוויס, פלאָסי, וועט ער מיטגיין; האָבן מיר אים דען נישט איינגעלאַדן?"

„אָבער ער וועט דאָך אויף דיר איינשלאָפן. טאַקע אַ פּאַסיקע געזעלשאַפט. אַ מענטש, וואָס מען קאָן אים נישט, און וואָס איז דערצו נאָך שיכּור".

„אַלנפאַלס וועט ער מיטגיין", האָט דערקלערט אַנאַ.

אַנאַ איז אַ פאַרפלוכט ליב מיידל. ער מוז פאַר איר עטוואָס טון. ער וועט איר וואָס קויפן, אַ האַנט-זייגערל. פּלאַטין, געפּאַסט אין דימענטן. אַ קליין זייגערל, נישט גרעסער פון אַ פערטל דאָלאַר. אָט איז, אַנאַ, עטוואָס פאַר דיר, דערפאַר, וואָס די ביסט אין דעם אָוונט פון אונזער ערשטער באַקאַנטשאַפט געווען אַזוי וווּנדערלעך ליב.

„איך וועל דערציילן דעם סענאַטאָר, אַז דו זעסט אים היינט אינאָוונט דאָס ערשטע מאָל".

„טו דאָס טאַקע, פלאָסי, דערנאָך וועל איך אים דערציילן, אַז דו ביסט מיט טעדין געפאָרן קיין אַטלאַנטיק-סיטי".

„נו-וואָס, מיידלעך, איר זענט שוין גרייט?"

אַ האַנט האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דזשימס אַקסל. עס איז אים שווער-געווען צו עפענען די אויגן. שטיל:

„איר גייט נישט מיט אונז?"

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרויפגעטראָטן אויף גלאָז-שערבלעך. איצטער זענען דאָ שוין נישט געווען אַזוי פיל מענטשן. עס איז געוואָרן שטילער. אַ שטול איז געלעגן אַן איבערגעקערטע. ביי די ווענט האָט מען געשמועסט.

„יאָ, איך גיי-מיט".

ער האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט פאַרמאַכטע אויגן. „אָט", האָט געזאָגט אַנדי. דזשים האָט אויפגעבליקט. דער חשבון האָט באַטראָפן ביין מיט פופציק. ער האָט אַרויסגענומען זיין געלט און געגעבן אַנדין עלף דאָלאַר.

„אַ שיינעם דאַנק", האָט געזאָגט אַנדי.

„אַ גוטע-נאַכט, סענאַטאָר. אַ גוטע-נאַכט, מיינע דאַמען: אויף ווידערזען, דזשים. קומט אינגיכן נאָך אַמאָל".

VII.

## די אויטאָ־דראָזשקע.

אויטאָ, סענאַטאָר?

דאָ איז, מיין הער. געוויס, הער, אויטאָ. תיכף. אויטאָ. אויטאָ. אויטאָ.

בלייבט איר דאָ שטיין, ביז איך וועל אייך רופן. דורך דאַנען, סענאַטאָר.

אָלרייט, יונגערמאַן. דער אָט דאָ. שטייגט אַלע איין.

איך פרעג דיך, פאַרוואָס באַזינסטו זיך נישט? ער וועט איינשלאָפן. פאַרוואָס לאָזסטו אים נישט איבער דאָ?

אָ שווייג, און זאָרג זיך וועגן דיינע אייגענע עסקים. איך האָב גרויס חשק דיך דאָ איבערצולאָזן. דו ביסט מיר מאוס געוואָרן, פאַרשטאַנען? בעסער שוין, דו זאָלסט שווייגן און האַלטן דיין פּאַרקי ביי דער האַנט.

שטייג־איין, האַרץ מיינס, און זאָלן אויך איינשטייגן דיין שוועסטער מיט איר יונגן פריינט. אַזוי איז רעכט.

אַ דאַנק, סענאַטאָר. אַ גוטע־נאַכט סענאַטאָר.

פאָרט גלייך צו דער זיבעטער עוועניו. וואָס פעלט אייער יונגן פריינט?

ער פילט זיך שלעכט. ער האָט צופיל ציטרין־לימאָנאַד געטרונקען. דאָס פאַרטראָגט נישט זיין פילאַדעלפיער מאָגן. ער וואָלט געדאַרפט טרינקען מילך.

כאַ—כאַ—כאַ—כאַ.

אַאו.

כי—כי—כי—כי.

דו ביסט משוגע.

זי איז אייפערזיכטיק צוליב מיין יונגן פריינט. איר באַפרידיקט זי נישט, סענאַטאָר. פעלט אייך דען וואָס? קאָנט איר דען נישט זיין אַביסל צערטלעכער? צי אַזוי באַהאַנדלט מען דאָס אַ טעמפעראַמענטפול קליין מיידל פון פילאַדעלפיע?

כאַ—כאַ—כאַ—כאַ.

אַאו.

איך וועל דיר דאָס שוין ווייזן.

רעד העכער. דער סענאַטאָר וויל אַלץ וויסן. מיר זענען אַלע אייגענע. מיר וועלן אויפעפענען דעם גיהינום און זיך אויסגעצייכנט ווײַלן, הוראַ.

קום נענטער, פלאָסי, גיב מיר די האַנט, האַרץ מײַנס. דו זיסע קליינע סענאַטאָרס געליבטע.

איר פילט זיך גוט? זאָל איך אפשר עפענען דאָס פענסטער? איר פילט זיך אויף אַן אמת גוט? לייגט־אַוועק דעם קאָפּ אויף מײַן אַקסל. אָט אַזוי.

ליבע, זיסע פלאָסי. קום נענטער. אַזוי. זיסע סענאַטאָרס פלאָסי.

דידאָזיקע פאַרפלוכטע לאַמטערנעס. אַנטשולדיקט מיר, מײַנע דאַמען, נאָר אַלץ, אָט די פאַרפלוכטע לאַמטערנעס. הײַנט אָוונט גייט מיר שלים. יעדעס מאָל, ווען איך וויל אַ נעם־טון זיך, צעשטערן די לאַמטערנעס אַלע מײַנע פּלענער.

פלאָסי, האָסט ליב דעם סענאַטאָר?

פלאָסי איז אין דעם סענאַטאָר פאַרנאַרט. פלאָסי איז אין דער גאַנצער וועלט פאַרנאַרט. פלאָסי איז דער רוח ווײַסט ווי גליקלעך. פלאָסי וועט זיך וואַרפן אין וואַסער אַרײַן.

וואָס איז דיר דען, האַרץ מײַנס? וואָס ערגערט דיך? קום אַהער, דו זיסע, קליינע...

נעם־אַוועק דײַנע פאַרשאָלטענע הענט. קוועטש מיך נישט אַזוי. איך בין דיר נישט קיין שמוציקע שמאַטע, וואָס דו באַגייסט זיך אַזוי מיט מיר. איך האָב מײַנע רעכט, אויב אַפילו דו מיינסט, אַז דו האָסט מיך געקויפט.

האַרצינקע... האַרצינקע...

איך בין נישט דײַנע אַ שמוציקע צויג. איך האָב דיר געזאָגט: הײַנט בײַנאַכט נישט. אַז איך וועל וועלן, אַז דו זאָלסט מיך אָנרירן, וועל איך דיר שוין דאָס זאָגן. פאַרשטאַנען?

אַ רירנדיק פּאָר פאַרליבטע. דעם סענאַטאָרס זיסינקע קעצעלע. מײַן גאָט, ווען איך וואָלט באַדאַרפט פירן אַזאַ מין לעבן, וואָלט איך זיך פאַרסמט.

איך גיי־אַרויס. שטיין־בלײַבן.

שוין, מײַן דאַמע.

קיין איין מינוט בלײַב איך מער נישט מיט איר. איך

האָב דאָס איבערן האַלז. יעדער פאַרפלוכטער הינטישער זון זאָל מיך קאָנען באַליידיקן. דו מיינסט, אַז דו קאָנסט מיך באַהאַנדלען ווי אַ הור, און דו אַליין קלייבסט־אויף יעדן הפקר־יונג, וואָס דו געפינסט אין אַ באַר און שלעפסט אים מיט זיך. לאָזט מיך אַרויס.

האַלט זי צו, אַנאַ, זי איז שיכּור.

איך האַלט זי. נעמט זי אָן ביים צווייטן אָרעם. איצטער זייט רויק.

דו ביסט גאַנץ גערעכט. איך בין שיכּור. לאָזט מיך אַרויס, זאָג איך אייך. אַן אומגליק אויף אייערע קעפּ, לאָזט מיך אַרויס.

דאַרפט איר הילף, מיין דאַמע.

ניין, ניין, אַלץ איז אין אָרדענונג.

אָ מיין גאָט, וואָס זאָל איך טון? וואָס וועל איך טון? אָ, מיין גאָט. אָ, יעזוס קריסטוס. אָ, אַלמעכטיקער גאָט.

שטיל... שטיל...

קוקט נאָר אָן דעם אָנגעזויפּענעם בענקאַרט, ווי ער ליגט דאָס דאָ. איך האָב איר געזאָגט, אַז ער וועט איינשלאָפן. איך האָב איר געזאָגט: ביסטו מיט מיר, טאָ קלייב נישט אויף קיין שלעפּערס. איך האָב איר געזאָגט: איך בין מיטן סענאַטאָר, און ער וויל נישט האָבן קיין הפקר־לייט. און וואָס טוט זי? זי לאַכט מיר אין פּנים אַריין. דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי גייט מיט מיר אַרויס, טרעפט זי אַ באַזויפּענעם, וואָס זיין נאָז איז איר געפעלן, און זי מוז אים שוין מיטשלעפּן. קוקט אים נאָר אָן.

דיין גליק, וואָס דו ביסט שיכּור, איך וואָלט דיר שוין באַוויזן.

אָ, יעזוס, מיר איז שלעכט. איך וועל אויסברעכן אָ, לאָזט מיך אַרויס, אָ.

נישט אויף די קישנס פון מיין דראָזשקע. האַלט איר צו דעם קאָפּ איבערן פענסטער.

נישט אויף מיין קלייד. לאָזט זי אַרויס. נעמט זי צום פענסטער.

די ליבע פלאָסי דאַרף אָפּברעכן. דאָס זיסע ליבע סענאַטאָרס מיידל וועט אָפּברעכן, און עס וועט שוין ווידער גוט זיין.

נעם, גיב דאָס אָפּ. טו זיך אַ הויב, ברען־אָפּ.

אָ... אָ... אָ...

אַנטשולדיקט מיר, מיינע דאַמען, וואָס איך מיש זיך אַריין, אָבער די קישנס זענען נאָך גאָר נייע, און זיי האָבן געקאָסט גאַנץ טייער. איך קאָן מיר נישט איינשאַפן נייע קישנס, יעדעס מאָל ווען...

אָלרייט.

איר וועט אויך נישט וועלן איינשטייגן אין אַ דראָזשקע, וווּ די קישנס זענען דורכאויס פאַרשמוצט. איך קאָן מיר נישט איינשאַפן נייע קישנס, יעדעס מאָל ווען...

איר פירט דעם אויטאָ, צי איר דעבאַטירט מיט מיר?

זאָלן מיר די דאַמען מוחל־זיין...

ווי פילסטו זיך איצט?

פלאָסי וועט זיך זעצן ביים סענאַטאָר אויף די קני, און איר וועט ווערן בעסער. אַזוי, אויף דעם סענאַטאָרס קני.

גיט אַכטונג, אַז זי זאָל נישט אַרונטערפאַלן. האַלט זי פעסט.

איך האָב געמיינט, אַז זי האָט אין ניו־יאָרק שוין אויסגעלערנט זיך טרינקען.

איך קאָן דעם וואָגן פירן, און איך קאָן רעדן, און איך קאָן זאָרגן וועגן מיינע קישנס. וואָלט איך דאָס נישט געקאָנט, וואָלט איך געווען אַ פאַרפלוכטער שטיק שלים־מזל, נישט קיין שאָפער.

איך האָב געזאָגט, וואַרפט־אַרויס דעם בראָדיאַגע פון אויטאָ. איך בין מיט דעם סענאַטאָר, ווייל דאָס איז מיר אָנגענעם, און איך בין מיט מיין שוועסטער, ווייל איך מוז דאָס, אָבער איך פאָר נישט מיט צופעליקע בראָדיאַגעס, אויב איך קאָן דאָס אויסמיידן.

לפחות, פאַרמייקנט ער נישט אַלץ, אַזוי ווי דו טוסט עס.

אויב איך צאָל פאַר די דראָזשקע, מעג איך דעריבער מייקענען וויפל איך וויל. אויב מיר געפעלט, קאָן איך אַלץ אויסברעכן. און קיין שום נאַרישע גאַנז, ווי דו, קאָן מיר דערין נישט שטערן.

צו־וואָס האָסטו אים מיטגעשלעפט. ער איז דאָך שיכור, אפשר נישט? אַט ליגט ער, הינטער דיר.

שוין ווידער די לאַמעטרגעס.

קוש דעם סענאַטאָר, האַרץ מיינס.

איך בין איצט נישט אויפגעלייגט אויף קושן זיך. טאָר איך דאָס נישט? מוז איך דען דיך קושן, און האָבן מיט דיר עסקים, אויב אַפילו איך בין נישט אויפגעלייגט, נאָר ווייל דו ווילסט אַזוי?

איך בעט דיך אָבער נאָר...

מיר ווילן רעדן צו דער זאַך. איך געהער דיר אינגאַנצן, האַ, וואָס? דו האָסט מיך אָפּגעקויפט, ווי? דו באַקומסט שטענדיק נאָר איין טייל פון מיר און שוין. אַלזאָ היינט אינאָוונט פאַר־צעליר איך מיך נישט. דאָס געשעפט איז צו. איך בין פריי און זעלבשטענדיק, אַזוי איז דאָס.

נעם גיב אים אַ קוש. הער־אויף צו פישטשען.

איך פישטשע נישט. איך האָב מיר מיינע רעכט. מיר וועט קיינער נישט אָנווייזן. איך...

דו ביסט שיכור, און מאָרגן וועסטו באַדויערן און בריוועלעך שרייבן: זיסער, קליינער פּאַרקי. קום היינט אינאָוונט. פלאָסי איז אינגאַנצן אַליין.

אַ מכּה וועל איך.

וווּהין זאָל איך אייך פירן?

גענוג מיט אָט דעם פאַרגעניגן. איך וויל אַהיים.

דו ווילסט נאָך נישט אַהיים. מיר פאָרן ווייטער, ריכטיק, פּאַרקי?

וואָס מאַכט אייער יונגער פריינט?

גאַנץ גוט. די לופט האָט אים אַביסל פאַרשאַדט. ער וועט שוין באַלד זיין געזונט.

גוט. מיר ווילן גיין צו טאָמי מורפי. פאָרט ווייטער, איך וועל אייך שוין זאָגן, ווען אָפּצושטעלן זיך.

גוט. מיין מיידל הייסט וועראָניק, האָט זי אַ האַרמאָניק. איך ליב זי, מיין וועראָניק און שפּיל אויף איר האַרמאָניק. בין איך צו איר האַרט, זאָגט זי, וואַרט. גיב איך זי אַ גלעט, קומט זי אין מיין בעט. און דאַן ליב איך מיין וועראָניק און שפּיל אויף איר האַרמאָניק.

אוי דו קיצלסט מיך, אוי איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן. האַ — האַ — האַ.

אָ קוש, קוש, מוצי־פּוצי מיינע.

הערט מיך אויס, איך קאָן זיך מער נישט באַהערשן. ווי קאָן איך אָפּבריבן? שנעל.

שאַ, שטיל אַט דאָ. הינטער מיין קלייד. גיט נאָר אייער קאָפּ, בויגט אים אַרונטער. איך האָב אַוועקגענומען די פּיס. מאַכט דאָס שטיל.

וואָס איז מיט אים ווידער?

גיי־צוריק צו דיין פּאַרקי און צו דיין מוצי־פּוצי. זאָרג אָקאָרשט וועגן דיינע אייגענע אָנגעלעגנהייטן...

העי, דו, געדענק אָקאָרשט...

אָך, שווייג.

קום צו מיר, מיין הערצעלע, נאָך אַ קושעלע.

נו, ווי גייט דאָס?

אויסגעצייכנט. איך האָב אָפּגעבראָכן. איך האָב געמיינט, איך שען זיך שוין. איר האָט זיך געקריגט, אמת?

ש־ש־ש. יאָ. זי האָט אייך געוואָלט אַראָפּוצן. איצט רעדן זיי שטילערהייט צווישן זיך. ווי רופט מען אייך?

דושים. מיין גאָט, זענט איר ליב.

ניין, נישט איצטער. וואַרט־צו, שפּעטער.

זיי קאָנען גאָרנישט נישט זען, זי זיצט צו אונז מיטן רוקן, איז אַליין אויך פאַרנומען. ביי גאָט, ווען איך וואָלט געווען מיט דיר אַליין.

קאָנסטו דען נישט רעדן שטילער? זי וויל פון דיר נישט הערן און געדענקען. איך האָב פאַר איר מורא. איך וויל בלייבן אין ניו־יאָרק, און די מוטער וועט דאָס נישט דערלויבן, אויב מיין שוועסטער וועט זיין קעגן דעם.

זאָג איר, זי זאָל גיין צום טייוול. דו ביסט דאָך נישט קיין קינד, וואָס זי זאָל דיר קאָנען זאָגן אַ דעה. זאָג איר, וואָס דו טראַכסט וועגן איר.

ש־ש־ש. זי איז מיין שוועסטער אָלרייט. אַלץ...

אַזוי?

אַלץ... מאַך ווייטער. מאַך ווייטער. אָ...

מוצי־פּוצי, סענאַטאָר. מוצי־פּוצי, פּאַרקי, איצטער וועט פּלאָסי דיר.

אייזנבאַן־סטריט. העי, גיט אַכטונג.

ניין, ער קוקט אַהערצו.

קום צו מיר אויפן שוים. ער וועט נישט זען. ווי איז דיר אויפן
געדאנק געקומען מיך אויסצוווילן?

דו ביסט מיר געפעלן-געוואָרן מיט דיין אויסערלעכן אויס-
זען. ביסטו נישט צופרידן?

א פראגע אביסל! קוש מיך. אזוי.

ווי זאָל איך זיך אָפשטעלן?

פאָרט נאָך אַביסל ווייטער.

ווי איז דאָ דאָס ליכט. ווו איז מיין טעקע? פלאָסי, בראָנג
מיר דיין שפיגל. פילסטו זיך שוין גוט?

יאָ, בין איך געווען זייער שלעכט?

ווילד פון דעם שנאַפּס. דו האָסט געוואָלט אַלעמען אַרויס-
וואַרפן.

הי — הי — הי. ווי דו זעסט אויס.

וואַרט, ביז איך וועל זיך ברענגען אין אָרדנונג.

גוטן-אָוונט, מיין הער. גוטן-אָוונט, סענאַטאָר. איר וועט
אריינגיין?

יאָ. איז ביי אייך אַ גרויסער עולם?

נישט צו פאַרזינדיקן. איך וועל באַזאָרגן פאַר אייך אַ גוטן טיש.

זענט איר פאַרטיק?

נאָך איין אויגנבליק.

לאָזט, איך וועל באַצאָלן.

איך צאָל, יונגערמאַן.

ניין, איצטער דערלויבט מיר צו באַצאָלן.

זאָל ער צאָלן. ער האָט מער געלט פון דיר.

ניין, איך וויל צאָלן.

יונגערמאַן, איך האָב געזאָגט, אַז איך צאָל.

איר דאַרפט דאָס נישט טון. אהער, שאָפער.

און וואָס איז מיט די קישנס?

וואָסערע קישנס?

די קישנס, וואָס איר האָט באַשמוצט.

וועגן וואָס, צום טייוול, פּלאַפּלט איר?

איך וועל שוין אייך ווייזן וועגן וואָס איך פּלאַפּל. גיט
מיר צוויי דאָלאַר פאַרן באַשמוצן די קישנס, אָדער איך רוף
אַ פּאָליציאַנט.

אזוי גאָר, איר וועט רופן אַ פּאָליציאַנט, מיר וועלן אייך...
הײַ, שאָפער, אָט זענען אײַערע צוויי דאָלאַר.

הערט מיך אויס, מענטש. איר מעגט טויזנט
מאָל זיין סענאַטאָר איקס, אָבער פאָרן אויטאָ צאָל
איך; מיר האָבן קיין קישנס נישט באַשמוצט און אויב
יעדער ממזרישער שאָפער...

דזשים, קום אַהער. לאָז-אָפּ. דו וועסט אונז נאָך פאַרשאַפן אומאָנגענעמלעכקייטן. זאָל ער צאָלן. ער קאָן באַשטיין.

איך אָבער נישט. און פאָרן אויטאָ צאָל איך.

ניין, דו צאָלסט נישט. דו ביסט אונזער גאַסט, פאַרשטאַנען? באַהאַלט דיין געלט.

איז איצטער שוין אַלץ אין אָרדענונג?

יאָ, מיין הער. גוטע נאַכט, מיין הער. איך דאַנק, דעם הער.

איז דער יונג נישט קיין חוצפּהניק? ער האָט געדאַרפט זיין צופרידן, וואָס מיר נעמען אים מיט.

שווייג. קימער זיך נישט וועגן דעם, וואָס זי רעדט, דזשים. זי איז איבער עפּעס-וואָס צערייצט.

אַזוי? וואַרט-נאָר ביז שפּעטער. — אויף די טרעפּ וועט נאָך ליכטיקער זיין.

ניין, נישט איצטער. ער וועט דערזען. אָ, ניין.

גיב מיר שנעל אַ קוש.
ש—ש—ש, ניין.

גוטן-אָוונט, סענאַטאָר, גוטן-אָוונט, מיינע דאַמען. זייט געגריסט.

מיר ווילן זיצן אין באַר און טרינקען ביר. דאָס איז פריילעכער. מיר וועלן לאַנג נישט בלייבן. הער מורפי, מיר זענען אַלע מיד, און מיר ווילן נאָר איין ביר אַלס שלאָף-טרונק.

פיר ביר.

פיר ביר.

גוט.

מיר וועלן טאַנצן.

ניין, איך טאַנץ מיטן סענאַטאָר. טאַנץ דו מיט פלאָסין און באַפריינט זיך מיט איר אַביסל.

ווילט איר טאַנצן?

אָ, איר קאָנט טאַנצן?

צי איך קאָן? פרווט-אויס.

דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט אין אויטאָ, דאַרפט איר ניש
נעמען ערנסט. איך האָב זיך שלעכט געפילט. און דער סענאַטאָר...

צו מיר, צו מיר נענטער.

טאַנץ איך אַזוי גוט ווי אַנאַ? זאָל איך?

אָ, קינד. צו מיר נענטער.

איר דאַרפט נישט לייגן קיין אַכט אויף דעם, וואָס איך האָב גערעדט אין אויטאָ. איך האָב אַזוי געמוזט רעדן, ווייל דער סענאַטאָר איז דערביי געווען. ער איז שרעקלעך אייפערזיכטיק, און לאָמיך נאָר זיין ליב צו איינעם, וואָס איז אין מיין עלטער, בין איך מיטן לעבן נישט זיכער.

מיך אַרט דאָס נישט. איר זענט ליב, און אייער שוועסטער איז ליב.

געוויס, אָבער איך בין ליבער. איר האָט גאָר קיין אַנונג נישט, ווי ליב איך קאָן זיין. אַזוי זאָל איך?

בחורל, בחורל נענטער צו מיר.

וואָס האָסטו פאַראַ געשעפטן מיט מיין פריינט? פאַרוואָס האַלטסטו זיך נישט אָן דיין סענאַטאָר?

לאָזט-אָפּ. איך צאָל. אַ טייוול נעמט דאָס ביר. מיר וועלן עפּעס טרינקען. גיט אונז פיר שאַמפּאַנישע און ביר. מיר וועלן טאַנצן, אַנאַ.

ניין, איר האָט מיין שוועסטער ליבער, נישט אמת? מיט איר אונטערהאַלט איר זיך בעסער.

אָ, אַנאַ. מאַך נישט קיין נאַרישקייטן. דו האָסט דאָך מיר אַליין פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל זיך מיט איר באַפריינטן.

איך האָב געזאָגט, באַפריינט זיך, אָבער נישט אַריינקריכן אין איר.

קום, אַנאַ, מיר וועלן טאַנצן. זיסע אַנאַ, ליבע אַנאַ. מיר גייט דיין שוועסטער אינגאַנצן נישט אָן. קום טאַנצן, אַנאַ.

זאָל זיין. אָבער הערט-אויף אַרומצושוועבן מיט די אויגן און לעקט זיך נישט צו אַלעמען.

וואָס איז דען געשען, אַנאַ?

גאָרנישט.

אַנאַ, וואָס צו אַלדי רוחות איז געשען?

טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר.

אָ יעזוס. אָ גאָט. ווידעראַמאָל. אַנטשולדיקט מיר. קעלנער...

בּיי מיר וועט איר האָבּן אַ רויק לעבּן. איר וועט, קינד מיינס, זיין פאַרזאָרגט. איך וואָלט אייך זייער ליבּ-געהאַט. וואָלט איך נישט געווען פאַרהייראַט, וואָלט איך אַלץ לעגאַליזירט. און וועט איר מיר, קינד מיינס, דערלויבּן, אַז מיינע שטיוול זאָלן נעכטיקן אונטער אייער בּעט, וועט איר קיין חרטה נישט האָבּן. דאָס זאָגט אייך, קינד, הער הוגאָ סמיט. איך בּין אַ וואָרטסמאַן. איך זאָג נישט צו קיין גאָלדענע בּערג, ווייל איך בּין נישט אַזאַ גביר, דאָס ווייסן מיר בּיידע. אָבּער אַזאַ קליין בּאַחנט בּאַשעפעניש, ווי איר, דאַרף האָבּן אַ מענגע זאַכן, וואָס מען דאַרף צו דעם נישט זיין קיין מיליאָנער, און אין געוויסע גרענעצן, מיין קינד, איז וואָס אייער האַרץ גלוסט. בּיי מיר, קינד וועט איר זיין גוט פאַרזאָרגט, פאַרשטאַנען?

אַ שאָטלענדישן.

אויך אַ בּיר?

צום טייוול מיטן בּיר. גיט מיר אַ שאָטלענדישן.

אָלרייט. אָט איז אַ שאָטלענדיש. נערווירט זיך נישט אַזוי.

איך נערוויר זיך נישט. איך האָבּ אייך נאָר געזאָגט וואָס איך וויל.

איר זענט, הוגאָ, גוט ווי אַ מלאך, אָבּער איך קאָן מיט אייך מער נישט גיין. מיין פאָטער זידלט מיך. ער זאָגט, עס האָט קיין שום זין נישט צו גיין מיט פאַרהייראַטע מענער. אַזעלכע האָבּן שלעכטע כּוונות. ער זאָגט, אים קימערט נישט, וואָס איך טו. נאָר אויבּ עס ווערט עפּעס צעבּראָכן, דאַרף מען דאָס פאַריכטן. און איר, הוגאָ, קאָנט דאָך נישט פאַריכטן, ווייל איר זענט אַ חתונה-געהאַטער. איר פאַרשטייט, וואָס איך מיין?

קינד, האָרכט נישט אייער אַלטן. ער ווייס בּכלל גאָר-נישט. ער איז שוין צו-אַלטמאָדיש. ער אַליין קאָן שוין נישט פאַרבּרענגען, דעריבּער איז ער מקנא. איך גיי אין געוועט, אַז יוגנטערהייט האָט ער זייער לוסטיק געלעבּט. קינד, איך וועל אייך פאַרשאַפן אַ שטעלע אַ פיל בּעסערע, ווי איר האָט איצטער, און וועט איר עטוואָס בּאַגערן, נאַטירלעך, נישט קיין בּריליאַנטן, אויבּ נאָר אין די ראַמען פון מיינע מעגלעכקייטן, וועל איך אייך דאָס תּיכּף קויפן.

ניין, הוגאָ. נישט דאָ, הוגאָ. מען קוקט אַהערצו, הוגאָ.

אַך, איך וויל נישט.

גיט מיר נאָך אַ שאַמפּאַנדישן.

און איך דאַרף קיין שום זאַך נישט?

גיט דער דאַמע אויך אַ שאַמפּאַנדישן.

זענט איר אויף מיר בייז, דזשים?

דזשים.

וואָס?

דזשים, זייט אויף מיר נישט בייז; נאָר פלאָסי האָט שטענדיק אַלץ, און איך, קוים האָב איך געפונען אַ פריינט, ווייל זי איז אַוועקגענומען. אָ, דזשים...

אָלרייט, אַנאַ, טרינקט אייער שאַמפּאַנדישן.

דזשים, קומט-נאָר אַהער. הערט מיך אויס. ווילסט, דזשימי, זיין מיין פריינט? איך קום נישט אָפט קיין ניו-יאָרק, נאָר איך וועל זיך באַמיען צו קומען אַזוי אָפט, ווי נאָר עס וועט זיין מעגלעך. איך האָב אַ שטעלע, פונדעסטוועגן, וועל איך איבעררעדן מיין שוועסטער, זי זאָל מיך אַראָפּנעמען קיין ניו-יאָרק. פלאָסי איז אַ גוט מיידל, אפשר וועט זי דאָס טון. און דו וועסט צו מיר קומען. איך וועל פלאָסין אַוועקשיקן, און מיר וועלן זיין אַליין. גוט אַזוי, דזשים?

לאָמיר עפּעס טרינקען.

איך וויל נישט טרינקען. מיר איז צו-שווער. איך האָב פיינט פילאַדעלפיע, איך האָב פיינט פלאָסין, איך האָס איר סענאַטאָר. ער צאָלט איר הונדערט מיט פופציק אַ וואָך, און מיינט, אַז זי איז דערפאַר שטענדיק מחויב צו זיצן אינדערהיים אָדער גיין מיט אים אין בעט. זי פירט אַ הינטיש לעבן. זי איז פאַרליובעט אין אַ חברהמאַן, וואָס לעבט אויף איר רעכענונג, און זיי ביידע פאָרן קיין אַטלאַנטיק-סיטי, ווען פלאָסי האָט נאָר געלט, און איר סענאַטאָר איז נישטאָ אין ניו-יאָרק; און זאָל נאָר דער סענאַטאָר פּאַקן זיי, וועט זי גיין צוריק אין ביורא. דעריבער שיכורט זי זיך אָן און סקאַנדאַלעוועט, און דער סענאַטאָר מיינט, אַז זי איז אין אים פאַרליבט, און אַז זי פייניקט זיך נאָר צוליב דעם, וואָס ער איז צו-אַלט, אויף...

לאָמיר עטוואָס טרינקען, אַנאַ. הײ, גיט אונז צוויי שאַמפּאַנדישע.

דזשים, אפשר דאַרפסטו געלט? איך האָב ביי זיך אַביסל. איך האָב איבער צווייהונדערט דאָלאַר. זיי קאָנען זיין דיינע, דזשים.

דו ביסט שיכור.

איך בין נישט שיכור. דאַרפסט נאָר זאָגן, אַז דו ווילסט האָבן דאָס געלט, און איך וועל דיר דאָס געבן. איך גיב דיר עס אויף יעדן פאַל. אָט איז דאָס. נעם עס.

ווער, צום טייוול, דאַרף דיין לייזיק געלט? באַהאַלט עס, איידער איך בין אַריינגעפאַלן אין צאָרן.

ווילסטו, דזשים, זיין מיין פריינט?

יאָ, איך וויל זיין דיין פריינט. און איך וועל דיך אָנשטענדיק באַהאַנדלען.

גיב מיר אַ קוש, דזשים, אָט דאָ פּאַר אַלעמען אין די אויגן.

אָט זענען זיי די טורטל־טויבן. קום, פּאַרקי, מיר וועלן אויסטרינקען מיט די טורטל־טויבן.

וואָס מאַכט איר, יונגערמאַן?

גאַנץ גוט. וואָס מאַכט איר, סענאַטאָר? אַלע זאָלן טרינקען אויף מיין רעכענונג. העי, איר, איר האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אָט דער דאַמע.

דאָס איז נישט דער דאַמעס פּלאַץ, דאָס איז מיין פּלאַץ.

הויבט זיך, זייט מוחל, אויף.

וואָס, איר מיינט, אַפּנים, אַז ער וועט מיך דערצו נויטן.

געוויס, אויפשטיין, שנעלער אַביסל.

זאָל מיך דער טייוול נעמען. איז דען אַזוינס ווו געהערט געוואָרן...

אַ פּאַטש!

פירט מיך, הוגאָ, אַהיים, פירט מיך תּיכּף אַהיים, אָדער איך וועל פון זינען אַראָפּ. הוגאָ, אויב עס וועט קומען פּאָליציי, וועט מיין פאָטער אַלץ זיך דערוויסן, און ער וועט מיך פון שטוב אַרויסטרייבן. איך ווייס נישט, וואָס זאָל איך אָנהייבן צו טון. הוגאָ, איך וויל זיין אַן אָנשטענדיק מיידל, און איך וויל נישט אַריינפאַלן אין אַן אומגליק, צוליב דעם וואָס דער פאָטער וועט זיך דערוויסן. אָ, הוגאָ, וואָס זאָל איך טון?

אין אַלץ איז אָט דער מאַן שולדיק, הער מורפי. ער האָט פאַרנומען מיין שוועסטערס אָרט, און אָט דער הער האָט אים געבעטן אויפשטיין, געבעטן זייער העפלעך, הער מורפי. און אָט

דער חברה-מאַן האָט מיין פריינט אָן אַ שום גרונט אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש, הער מורפי.

וואַרפט-אַרויס דעמדאָזיקן מאַן, מורפי. ער וויל מאַכן אַן אַוואַנטורע. איך וויל נישט פאַרמישט זיין אין געשיכטעס מיט דער פּאָליציי.

איך וועל טון וואָס אין מיינע כּוחות, סענאַטאָר. דער מאַן איז שיכּור.

הערט-נאָר, איך בין דאָ געזעסן, פרידלעך ווי אַ שעפּס. לאָזט מיך נאָר אָפּ. איך האָב קיין וואָרט נישט געזאָגט. און דערדאָזיקער פרישטשעוואַטער יונג, לאָזט מיך אָפּ, אויב נישט וועל איך... ער האָט געזאָגט: „שטייט-אויף, דאָס איז מיין אָרט". און איך בין דאָ געזעסן און געטרונקען ביר.

הערט וואָס מען זאָגט אייך, איר מוזט גיין.

וואָס האָב איך אַזוינס געטון? הער מורפי, איך האָב קיינעם קיין וואָרט נישט געזאָגט. דער קליינער...

רעדט נישט אַנטקעגן. איר געפינט זיך אין מיין לאָקאַל, און איך וויל אייך דאָ נישט האָבן. גייט-אַוועק, ווי אַ גוטער בחור.

דער רוח זאָל מין...

איך האָב דאָס געזאָגט דיר און דעם סענאַטאָר און אַלעמען. אַז דו האָסט אויפגעקליבן אַ שלעפּער פון דער גאַס, דאַרף מען זיך ריכטן אויף אַזעלכע געשיכטעס.

אַזוי, איצטער ביסטו צירלעך-מאַנירלעך, און מיט צען מינוט צוריק האָסטו ביים טאַנצן אַזוי געריבן זיך אָן אים, אַז איך האָב מורא-געהאַט, דו זאָלסט זיך נישט אַראָפּרייבן דעם גאַנצן פּאָדאָל פון דיין קלייד.

שווייג, דו זעסט דען נישט? פּאַרקי.

איך האָב דיך איבערן האַלז, איך האָב אייך ביידן איבערן האַלז. דיך מיט פּאַרקין. ניין...

איר מוזט אים אַוועקנעמען, סענאַטאָר. מיר איז אָן דעם אויך גענוג ביטער. איך ריכט זיך יעדן טאָג אויף אַ רעוויזיע. נאָך איין סקאַנדאַלעכל, און איך וועל מוזן פאַרמאַכן דאָס קרעמל.

דזשימי, ווי פילסטו זיך?

גיט אים אַ טרונק וויסקי, וועט ער קומען צו זיך. אָנגעשיכּורט, און ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. דער צווייטער

חבֿרהמאַן קאָן געבן אַ קלאַפּ אַ ווונדער, וואָס ער האָט אים דעם מוח נישט געעפֿנט.

איר מוזט אים אַוועקנעמען, סענאַטאָר, און וואָס שנעלער. ווער עפּעס אַרויסקומען, זע איך שיין אויס. איר קאָנט ביי מיר אַלץ קריגן, אָבער געשלעגן קאָן איך דאָ נישט דערלויבן.

גיט אים אַ שטאַרקן שנאַפּס. העלפֿט אים אויפֿשטיין. לאָזט אים זיך זעצן. ניין, לאָזט-אָפּ זיינע פּיס. רוקט-צו אַ שטול. אַזוי. זעצט זיך. טרינקט.

קויפֿט אַ מאָרגנצייטונג, סאַקאָ און וואַנזעטי טויט. גאָר-וואָס געשטאָרבן, מאָרגנצייטונג. אָט, ביטע.

אַרויס. וויפֿיל מאָל האָב איך אָנגעזאָגט, אַז איר זאָלט אַהערצו נישט קומען האַנדלען. טראָגט זיך אָפּ, איידער איר קריגט אַ קאַפּע אין היגטן.

אָלרייט. ווילט איר אַ צייטונג? מיט אַ שעה צוריק זענען זיי פֿאַרברענט געוואָרן. אומגעפּער, אַ שעה צוריק. סאַקאָ, וואַנזעטי טויט, מאָרגנצייטונג, ווער וויל...

שטייט דאָך נישט אַרום אים, אים איז גאָרנישט נישט געשען. אין אַ מינוט אַרום וועט ער זיין געזונט און שטאַרק. גייט-צוריק אין באַר. גייט-צוריק אויף אייערע פּלעצער, מיינע הערן. איך האָט מורא פֿאַר פּאָליציי. איך בעט אייך, גייט-צוריק.

העלף מיר, פּלאָסי. ער קאָן נישט גיין. נעם זיין אָרעם.

מיין גאָט, דו ביסט משוגע. וווהין וועלן מיר אים פֿירן?

אויף דער גאַס וועלן מיר אים נישט לאָזן. מיר וועלן אים צוריקברענגען אַהין, ווו מיר האָבן אים גענומען. פּאַרקי, איר שטימט-איין? עס וואָלט דאָך געווען מיאוס, אויב איר וואָלט איך אַזאַ צושטאַנד אים איבערגעלאָזט אויף דער גאַס.

אָלרייט. נעם זיין אָרעם, האַרץ מייגס. איצטער, פֿעסט.

איר זענט אַלע שיכּור ווי לויט.

איך באַדויער זייער, סענאַטאָר, איך וואָלט אייך גערן געדינט, נאָר איך דערוואַרט אַ רעוויזיע. איך וועל האָבן אומ-אָנגענעמלעכקייטן, סענאַטאָר.

אָלרייט. מיר וועלן אונזערע טויטע אַליין באַגראָבן. כאַ—כאַ, מורפי.

כי—כי—כי, סענאַטאָר. אַ גוטע-נאַכט. אַ גוטע-נאַכט, מיינע

דאַמען, איז נויטיק הילף אויף אַראָפּצופירן אים פון די טרעפּ?

ניין, עס איז אין אָרדענונג, אַ גוטע־נאַכט.

איך האָב היינטיקן אָוונט שוין אַוודאי הונדערט מאָל געזאָגט, אַז...

אַך, שווייג. פאַרמאָגסט אַפילו נישט גענוג אָנשטענדיקייט, אויף צו זאָרגן פאַר אַ מענטשן, מיט וועמען מען איז צוזאַמען?

מיט וועמען איז ער צוזאַמען? מיט מיר געוויס נישט. איך בין מיטן סענאַטאָר. איך האָב געזאָגט, אַז ער איז אַ בראָ־דיאַגע, און איך בין אין דעם נאָך אַלץ איבערצייגט. און אומזיסט און אומנישט...

איך וועל דיר אומזיסט און אומנישט די אויגן אויסדראַפּן. און מסתמא וועל איך דאָס טאַקע טון.

אויטאָ, הער, אויטאָ.

יאָ, העלפט אונז מיט אָט דעם מאַן.

אָלרייט. זעצט אים אַוועק אָט דאָ, איך וועל געבן אים זיצן.

ווילסט, האַרץ מיינס, זיצן אויף דעם סענאַטאָרס שויס?

שטייג־איין און זעץ זיך ביי אים אויפן שויס.

מיט וועמען קאָמאַנדירסטו דאָס אַרום?

מיט דיר. איך פאָר מאָרגן אַהיים, און וויל דיך קיינמאָל מער נישט זען.

וווהין זאָל איך פאָרן.

אַרויף מיט דער זיבעטער עוועניו. ביי דער זעקס־און־פערציקסטער וועט איר פאַרקערעווען.

גוט, הער. איז דער הער קראַנק?

יאָ. ער פילט זיך נישט מיט אַלעמען.

אויך איך פיל זיך נישט איבעריקנס גוט, מאַדאַם. שוין צוויי וואָכן, אַז איך פאָר אַלע נעכט, און מיין אַלטע לאָזט מיך בייטאָג נישט שלאָפן. זי זאָגט, אַז איך שלאָף זיך אויס, ווען איך וואַרט אויף די פּאַסאַזשירן. איך האָב געבעטן דעם שעף, מיך צו לאָזן פאָרן בייטאָג, אָבער בייטאָג פאַרדין איך נישט גענוג אויף אויסצוהאַלטן די פרוי און דאָס קינד. איך קאָן בייטאָג נישט שלאָפן, און קאָן ביינאַכט נישט שלאָפן,

ווייל ביטאָג פאַרדין איך נישט גענוג אויף צו דערהאַלטן דאָס לעבן. עס איז צרות.

עס איז ווירקלעך אייך נישט מקנא צו זיין.

אַנאַ, רעד פונדעסטוועגן נישט מיטן שאָפער.

הער מיך אויס, פלאָסי: אויב דו וועסט נאָך איין וואָרט זאָגן, וועט עפּעס געשען. איך מיין דאָס ערנסט. קאָמאַנדעוועט אַזוי פיל נישט אַרום.

אַזוי איז גוט, גיט איר, דער דאַמע, ווי געהעריק, מיין מאַדאַם. מיינט זי דען, אַז דאָ איז אַ טראַמוואַי, ווו מען טאָר נישט רעדן מיטן שאָפער? אויך אַ שאָפער איז אַ מענטש, מאַדאַם, און ער איז גאַנץ צופרידן, אויב מען רעדט מיט אים.

רעדט אָקאָרשט ווייטער, איך וועל אייך אָנקלאָגן אין אייער געזעלשאַפט.

איז דען דאָס נישט פּרעכטיק, מאַדאַם? זייט עטלעכע טעג, אַז איך באַמי זיך, אַז עמיצער זאָל זיך פאַרקלאָגן אויף מיר ביי מיין געזעלשאַפט. דעמאָלסט וואָלט איך נישט געדאַרפט אַרבעטן, און וואָלט געקאָנט שלאָפן. איך האָב בכיוון באַליידיקט פּאַסאַ-זשירן, אָבער יענע האָבן נאָר געזאָגט: דער יונג איז נעבעך שיכור. לאָמיר אויסשטייגן", און איך בין נישט נאָר נישט געקינדיקט-געוואָרן, נאָר איך האָב אויך קיין געלט נישט געקראָגן. און אַז איך בין געקומען אַהיים, האָט מיין אַלטע געשאָלטן מיך מיט טויטע קללות. וועט איר אפשר טאַקע, מאַדאַם, מיר טון די געפעליקייט, און מיטטיילן דער געזעלשאַפט, אַז איך בין פרעך-געווען קעגן אייך? אומהעפלעך, רופט מען דאָס. זאָגט, איך בין געווען פרעך און אומהעפלעך, און האָב אייך געוואָלט אַ ביס-טון, מאַדאַם.

רעדט-נאָר ווייטער, שאָפער. לייגט נישט קיין אַכט אויף מיר. איך בין גאָרנישט.

אַזוי איז דאָס, מאַדאַם. אייניקע מענטשן ווילן שטאַרבן; נעמט, צום ביישפּיל, מיך. מיר איז קיין חילוק נישט, צי איך לעב, צי איך בין טויט. מיר איז שוין אַזוי נמאס-געוואָרן דאָס קערעווען, שטענדיק דער פאַרפלוכטער פוס אויפן פאַרשאָלטענעם גאַז-פּעדאַל; אָפּטמאָל, ווען איך פאָר-פאַרביי אַ שטאַנג פון דער עלעקטרישער הויכבאַן, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט שטראָם פון הויכער שפּאַנונג, גלוסט זיך דאָס אָנרירן און אַוועקפאָרן אין

קאַפּעקאַל. און די גאַסן-ייִנגלעך, װעלכע מאַכן זיך אַ שפּאַס צו שטײן אַנטקעגן דעם לױפנדיקן אױטאָ, און ערשט אין דער לעצטער רגע אַנטלױפן, בכדי נישט איבערגעפאָרן צו װערן. איך זאָג אײך: אין אַ געװיסן טאָג װעט מיר שױן קריכן פון האַלז דאָס פאַרלאַנגזאַמערן די שנעלקײט צוליב אָט די קונדסים. איך װעל אָנדריקן דעם פּעדאַל און איבערפאָרן אַ קינד. אָדער איך װעל אַרױפפאָרן אױף אַ גרױסן לאַסט-אױטאָ.

טוט דאָס אָקאָרשט איצטער נישט.

אָבער, מאַדאַם, עס געפינען זיך אױך מענטשן, װעלכע װילן נישט שטאַרבן. למשל, די בײדע חבר׳הלײט אין באָסטאָן, װאָס זענען היינט בײנאַכט פאַרברענט-געװאָרן. זײ האָבן זיבן יאָר געקעמפט פאַר זײער לעבן, אײניקע מענטשן זאָגן, אַז זײ האָבן טאַקע דערמאָרדעט, און אַנדערע טענהן, אַז זײ האָבן דאָס נישט געטון. אין לאָקאַל, װו איך עס, קומט-אַרײן אַ יונגער בחור, און ער זאָגט, אַז די מענטשן, װעלכע רופן זיך אַנאַרכיסטן, חלומט זיך אַפילו נישט צו טױטן אַן אָרימען אַרבעטער-יונג, װי יענער קאַסירער, װאָס פאַר אים האָט מען זײ בײדן פאַרמשפּט. ער זאָגט, אַז די אַנאַרכיסטן װאָלטן אפשר אַװעקגעפּטרט אַ רײכן יונגאַטש, װעלכער זיצט דעם גאַנצן טאָג אױפן הינטן און שנײדט קופּאָנעס, אָבער צו-װאָס זאָלן זײ טױטן אַזאַ קבצנישן טײװל, װי זײ אַלײן? ער זאָגט, זײ זענען געװען מילדע, גוטע בחורים. ער זאָגט, זײ האָבן קײנמאָל נישט און ערגעץ נישט קײן שום קאַסירער נישט דערמאָרדעט. ער זאָגט, קײן שום מענטש גלױבט נישט, אַז זײ האָבן דערמאָרדעט. ער רופט דאָס אַלץ קלאַסן-קאַמף. װעגן קלאַסן-קאַמף װײס איך נישט, איך װײס נאָר, אַז די בײדע האָבן נישט געװאָלט שטאַרבן. זײ האָבן װי די רוחות געקעמפט פאַר דער פרײ און האָבן פאַרשפּילט. איך קאָן אַן איטאַליענער, װאָס האָט יעדע װאָך אַװעקגעגעבן אַ צענטל פון זײנע שכירות — און פאַרדינען פאַרדינט ער גאָר װײניק — אױף צו העלפן באַ-פרײען די צװײ חבר׳הלײט. די צײטונגען שרײבן, אַז עס איז פאַראַן אַ ספק. זײ שרײבן, אַז מען װאָלט געדאַרפט זײ לאָזן לעבן אױפן פאַל, טאָמער װעט זיך אַרױסװײזן, אַז זײ זענען אומשולדיק, זאָל מען זײ קאָנען אַרױסלאָזן פרײ. און פאַרגעסט נישט, אַז די צװײ האָבן נישט געװאָלט שטאַרבן. זײ האָבן אין די לעצטע

מאַנאַטן אין די קאַמערן געמוזט האָבן דעם אמתן גיהינום. וו
זאָל איך פאַרקערעווען?

אין דער זעקס-און-פערציקסטער סטריט.

אָלרייט. זאָגט, זאָל איך ווייטער רעדן?

איר קאָנט זיך רעדן, עס איז אַפילו היינט נישט זונטיק, פאַרוואָס זאָל אונז פונדעסטוועגן זיך נישט אויסדוכטן, אַז מיר זענען אין אַ קירך?

דאָס ווערט איר, מאַדאַם, אין אַ קירך נישט הערן. דאָס טראָגט קיין געלט נישט איין. איך האָב זיך אַליין נאָך נישט אַלץ קלאָר-געמאַכט. אָבער בעת מען פאָרט און מען באַמיט זיך נישט איינצושלאָפן, קריכן פאַרשידענע געדאַנקען אין קאָפּ, און מען ברעכט זיך דעם מוח איבער אַ תהום מיט זאַכן. איך, למשל, וואָלט פאַר יענע צוויי גערן אָפּגעגעבן מיין לעבן. איך האָב סיי-ווי-סיי קיין שום זאַך נישט, צוליב וואָס עס זאָל לוינען צו לעבן. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה איז ביי מיר מיט מיין פרוי אַלץ געווען אין בעסטן אָרדענונג. ניש געווען אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס איך פאַר איר און זי פאַר מיר וואָלטן נישט געטון. אָבער נאָך אַ געוויסער צייט געוויינט מען זיך צו, און אַלץ ווערט שוין נישט אַזוי וווּנדערפול. איך האָב אויף איר קיין פאַראיבל נישט, וואָס זי וויל נישט, אַז אַלץ זאָל זיין קאַפּויר: אַז איך זאָל שלאָפן בייטאָג, און דאָס קינד זאָל מוזן זיך פאַרהאַלטן רויק און זאָל זיין פאָטער קיינמאָל נישט אָנזען. זי זאָגט: זוך זיך אַ גוטע שטעלע, דו זאָלסט נישט דאַרפן ביינאַכט אַרבעטן און בייטאָג שלאָפן. איך האָב געזוכט, אָבער עס איז נישט געווען קיין חיונה. איז אָט, צוריקקערנדיק זיך צו די צוויי, וואָס האָבן היינט ביינאַכט אין באָסטאָן דאָס זייעריקע באַקומען, פלעגט מיר אַמאָל קומען אַזאַ געדאַנק אין קאָפּ: איך וועל אַוועק קיין באָסטאָן און וועל זאָגן: איר ווייסט אַליין נישט, צי די חברהלייט האָבן אומגעבראַכט דעם קאַסירער, אָדער נישט, איר זענט גאָרנישט זיכער אין אייער זאַך. נאָר אויב די עפנטלעכקייט וויל נישט אַנדערש, יוי עמיצער זאָל געטויט-ווערן, טאָ נעמט טויט מיך.

דער שאָפער איז נישט ביי קיין קלאָרע געדאַנקען, ער איז חסר-דעה...

איך בין סיי-ווי-סיי תמיד אַזוי שלעפעריק, אַז מיר איז קיין חילוק נישט, צי איך לעב, צי איך בין טויט. געוויס, אַז איך האָב איינמאָל אין צוויי וואָכן אַ פרייען טאָג, לאָך איך דעמאָלסט פון זיך אַליין און זאָג צו זיך, פונקט אַזוי, ווי איר זאָגט: דו ביסט חסר-דעה.

לאָמיר נעמען אַן אַנדערן אויטאָ. לאָמיר אויסשטייגן, מיר וועלן גיין צופוס.

ניין, איך וועל אייך שוין זיכער צושטעלן. איצטער, אַז די ביידע מענער זענען טויט, אַז קיין אַנדערע אַרבעט קריג איך נישט, אַז שלאָפן קאָן איך נישט, אַז...

פיו—פיו—פיו.

אָלרייט. אָלרייט. איך פאַרהאַלט תיכף.

העי, אָפשטעלן. ווו, צו אַלדי-רוחות, מיינט איר, זענט איר דאָס? וווהין, צום טייוול, מיינט איר, פאָרט איר דאָס? ווער, צום טייוול...

פּאָליציאַנט.

באַווייזט אייער פאָרשיין.

פּאָליציאַנט.

לאָזט מיר אָקאָרשט אַ שמעק-טון פון אייער מויל.

זאָג אים, ווער דו ביסט, פאַרקי.

איז אייך באַוווּסט אַזאַ זאַך, ווי אַ דערלויבטע דורכן געזעץ געשווינדקייט?

פּאָליציאַנט.

וואָס, איר ווילט אין פּאָליציי-צירקל? איר הערט נישט, אַז איך רעד מיטן שאָפער?

פּאָליציאַנט, איך בין סענאַטאָר פּאַרקער. אָט איז מיין קאַרטע. מיר האָבן געמוזט אַ קראַנקן איילִיק אָפּפירן אַהיים.

אַנטשולדיקט מיר, סענאַטאָר. איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס זענט איר. מיר פאַרדריסט זייער, וואָס איך האָב אייך מטריח-געווען, הער סענאַטאָר. אָלרייט, שאָפער. פאָרט ווייטער. גוטע-נאַכט, הער.

איך וויל אין דעם אויטאָ נישט פאָרן. דער שאָפער איז שיכּור, אָדער משוגע.

ניין, מאַדאַם. איך בין נאָר אַביסעלע שלעפעריק. איך וועל

איך זיכער צושטעלן, ווו איר באַדאַרפט. אום גאָטעס-ווילן, מיר האָבן דאָ היינט ביי אונז אַ סענאַטאָר. וואָלט דער סענאַטאָר דאָ נישט געווען, וואָלט מען ביי מיר שוין צו-גענומען דאָס פאָר-רעכט, ווייל מען האָט מיך שוין צוויי מאָל פאַרהאַלטן. אַפּנים, אַז איך וועל שוין מוזן פירן דעם וואָגן ביזן לעצטן יום-הדין.

שוין איין מאָל אַ געלונגענער אָוונט. איך גיי-אַרויס מיט מיין שוועסטער און מיטן סענאַטאָר, בכדי אַביסל אַ טאַנץ-טון און אויסצוטרינקען אַ גלאָז אָדער צוויי. און מיר קלייבן-אויף אויפן וועג עפּעס אַ בראָדיאַגע. יאָ, איך האָב געזאָגט בראָדיאַגע און מיר קריגן זיך, און דער בראָדיאַגע פאַרפירט געשלעגן, בעת ער וויל אַראָפּיאָגן איינעם פון זיין פּלאַץ, און ער קריגט געפּאַטשט און פאַרלירט דאָס באַוווסטזיין, דערנאָך פאַלן מיר אַריין צו אַ שאָפער, וועלכער איז חסר-דעה, ווי אַ קאַנאַריק, און דער האַלט דרשות, אַז ער וויל אָפּפערן זיין לעבן, און דערנאָך ווערן מיר שיער נישט אַרעסטירט, און דאָס איז אַלץ נאָך נישט געענדיקט. רבונו-של-עולם, וואָס וועט היינט נאָך זיין? איך מוז זיין גרייט אויף אַלץ.

אוודאי, איר קאָנט נאָך האָבן קאַלט-און-וואַרים, מאַדאַם.

איך רעד נישט מיט אייך. האַלט ס'מויל.

ווי עס שיינט, וועט קיינער שוין נישט אָנקלאָגן מיך פאַר דער געזעלשאַפט. מיר גייט שלים. אַזוי, אָט זענען מיר אין דער זעקס-און-פערציקסטער סטריט. ווו זאָל איך זיך אָפּשטעלן?

נאָך אַביסל ווייטער. גאָט מיינער, וועל איך דאָס זיין צופרידן, ווען מיר וועלן פון אָט דעם שיכור פּטור-ווערן, איך האָף, אַז פאַר דיר וועט דאָס זיין אַן אָנלערנונג, אַז מען טאָר נישט אויפקלייבן קיין אומבאַקאַנטע מענער. אָט דאָ, בלייבט-שטיין, שאָפער, גיט אַ קוק, צי די טיר איז אָפן.

העלפט מיר אים אויפהויבן.

הויבט זיך אויף. איר זענט געווים נישט אַזוי קראַנק, ווי איר מאַכט זיך.

ניין, מאַדאַם, די טיר איז נישט אָפן.

העלפט מיר מיט אָט דעם מאַן. מיר וועלן אים לאָזן ליגן אויפן טראָטואַר. ער וווינט אָט דאָ. ער וועט אין אַ ווײַלע-אַרום

קומען צו זיך און וועט אַריינגיין אין שטוב. שטעלט-אונטער אייער אַקסל. אַזוי, איצטער האַלט אים צו.

אָלרייט, מאַדאַם. איך האָב אים. קומט, יונגערמאַן, האַלט זיך אָן מיר פעסט.

אַנאַ, דו בלייבסט אין אויטאָ. האַלט זי צו, סענאַטאָר.

בלייבט, אַנאַ. איר וועט זיך אויסשלאָפן און אויף מאָרגן וועט איר אַלץ פאַרגעסן.

אין אָרדענונג, מאַדאַם. ער ליגט אויפן טראָטואַר. דאָרטן ליגט נאָך איינער. דאָ מוז זיין אַ גוטער לאָקאַל. רעכט, וווהין זאָל איך אייך אַליין איצטער פירן?...

---

### VIII.

## די קאַוויאַרניע.

די גאָמבע האָט אים ווייגעטון, זיין מויל איז פול-געווען מיט זאַמד; און אַז ער האָט געפּרוּווט עפענען די אויגן, האָבן אים וויי-געטון די ברעמען; דעריבער האָט ער זיי איבער-געלאָזט פאַרמאַכט, האָט געפּרוּווט אָטעמען און האָט דערפילט אַ ווייטיק אין ברוסט. אַ שמאָלער פּאַס בלענדנדיק ליכט האָט געטאַנצט אונטער זיינע פאַרמאַכטע ברעמען. ער האָט אויפ-געהויבן די ברעמען און האָט דערזען דעם סלופּ פון אַ לאַמטערן. ער האָט פונדאָסניי פעסט פאַרמאַכט די אויגן און האָט געפילט אַ באַגער ערגעץ-ווּ צו פאַרזינקען און ווערן גאָרנישט. ער איז געלעגן אויף עטוואָס זייער האַרטעס, און דאָס האָט וויי-געטון. ער האָט זיך געפילט זייער שלעכט. לאַנגזאַם האָט ער זיך אָנ-געלענט אויף אַן עלנבויגן, אינגאַנצן אַ צעווייטיקטער, און האָט פויל געעפנט די אויגן.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ לאַנגע פאַרנעפּלטע שורה הייזער. דורכויס טונקל, נאָר אויבן אינדערהייך איז אין איין פענסטער געווען ליכטיק. אַ נאַכט-אויטאָ איז געשטאַנען. צוליבן נעפּל האָט ער נישט געקאָנט זען די גאַס לענג-אויס, עס האָט זיך נאָר געזען דאָס ליכט פון אַ צווייטער גאַסן-לאַמטערן, און אין דער ווייטקייט, בלאַסער, נאָך אַ גאַסן-לאַמטערן, און נאָך

איינע, און מער גאָרנישט. ערגעץ־ווו האָט אַ סירענע געריסן די לופט ווי אַ גלאָק, און פונדערווייטנס האָבן זיך געהערט טריט.
ער האָט נישט געקאָנט דערמאָנען זיך, ווי אַזוי איז ער געקומען אַהערצו. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס טוט אים וויי די גאָמבע, פאַרוואָס איז שווער דער קאָפּ, און עס ווילן זיך צומאַכן די אויגן. ער האָט געפרוווט צונויפזאַמלען די געדאַנקען, נאָר די שמערצן זענען שטאַרקער־געוואָרן, און ער האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. ער האָט גענומען זוכן אין קעשענע פּאַפּיראָסן, האָט געפונען, אַרויסגענומען איינעם, געפונען שוועבעלעך און האָט פאַררייכערט. אַז ער האָט אַריינגעצויגן דעם רויך, האָט וויי־געטון די ברוסט, אָבער געפילט האָט ער זיך בעסער. ער וואָלט גערן־געוועזן זיך אָנשפּאַרן אויף עפּעס־וואָס, האָט זיך אומגעדרייט און האָט דערזען, אַז עמיצער ליגט ביי דער וואַנט פון מויער.
דעם עמיצנס הוט איז געלעגן נעבן אים אויף דער ערד, און דער עמיצער איז געשלאָפן.
מיין גאָט, עדי מיטשעל.
ביסלעכווייז האָט ער זיך דערמאָנט. העלען און עדי מיטשעל זענען אַריינגעקומען, און העלען איז געגאַנגען צו עדי מיטשעל, און דער גאַנצער עולם און העלען זענען געווען שיכור, און עדי האָט געזעהוועט: איי—יי—ך, און מען האָט אים אַרויס־געטראָגן. ער האָט אַ קוק־געטון צום טויער. דאָס איז געווען דער אַריינגאַנג צו פּאַדיס לאָקאַל. דער הינטישער זון האָט געמעגט עדין אַריינזעצן אין אַן אויטאָ און אָפּשיקן אים אַהיים, אָבער ער האָט אים גאָר איינפאַך אַוועקגעלייגט ביים טויער. שמוציקער ממזר. ווי נאָר די קונדן האָבן אויסגעגעבן זייער געלט, הייבט אים נישט אָן צו אַרן, וואָס מיט זיי וועט פּאַסירן.
„עדי".
קיין שום ענטפער. עדי האָט געאָטעמט זייער לאַנגזאַם. דזשים האָט זיך געשטעלט אויף די קני, האָט גענומען עדיס הענט און האָט זיי ווידער אָפּגעלאָזט. זיי זענען אַראָפּגעפאַלן, און עדיס קאָפּ איז אַראָפּגעזונקען אין אַ זייט. עדי איז געלעגן אָן באַוווּסטזיין.
„געוואַג, עדי, שטייט־אויף".
דזשים האָט אים געשטויסן, געטרייסלט, האָט זיך אויפ־

געשטעלט און געפרווּוט עדין אויפשטעלן און אָפּמינטערן. יענער איז אָבער אַלץ געווען אָן באַוווּסטזיין. זיינע קני האָבן זיך צונויפגעבויגן, זיין קאָפּ איז געלעגן אין דער זייט אויף אַן אַקסל. עמיצער איז אָנגעקומען מיט דער גאַס. אפשר אַ פּאָליציאַנט, און אויב אַזוי מוז מען עדין פאַנאַנדערטרייסלען. דזשים האָט עדין פעסט צוגעהאַלטן מיט איין האַנט, האָט די צווייטע צונויפגעביילט אין אַ פויסט, און האָט געגעבן עדין אַ בוכץ אין בויך. עדי האָט עטוואָס אַרויסגעמורמלט, און איז תּיכּף ווידער איינגעשלאָפן. טאַקע אַ פּאָליציאַנט. וועט איצטער דזשים גאָרנישט נישט זאָגן, וועט מען זיי ביידן פאַרהאַלטן.

„פּאָליציאַנט, דער יונג האָט געחלשט. העלפט מיר אים אָפּמינטערן".

„אָלרייט, קאַמעראַד", האָט געענטפערט דער פּאָליציאַנט. ער איז צוגעגאַנגען נענטער, האָט אָנגענומען עדין און אים פעסט אַ טרייסל-געטון. עדי האָט גענומען שילטן. דער פּאָליציאַנט האָט געזאָגט:

„צי האָט איר עפּעס דאַקעגן, איך זאָל אים געבן אַ לייכטן זעץ מיט מיין שטעקל? ער וואָלט זיך שוין דעמאָלסט אויפגעכאַפּט.

„גוט", האָט דזשים איינגעשטימט.

„האַלט אים צו", האָט באַפוילן דער פּאָליציאַנט, און בעת דזשים האָט עדין געהאַלטן, האָט דער פּאָליציאַנט אים געגעבן אַ קלאַפּ איבער די איקרעס. עדי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אָנגעקוקט דעם פּאָליציאַנט און ווידער גענומען שילטן. דער פּאָליציאַנט האָט אַ שמייכל-געטון און האָט געזאָגט: „וואָס פאַראַ טומל ער וואָלט דאָס איצטער געמאַכט, ווען ער וואָלט נישט געווען שיכּור". דער פּאָליציאַנט איז אַוועק ווייטער. דזשים האָט באַכגערופן: „אַ דאַנק". און דער פּאָליציאַנט האָט צוריקגערופן: „נישטאָ פאַרוואָס, קאַמעראַד".

„פאַרוואָס האָט ער מיך געשלאָגן?" האָט געפרעגט עדי.

„האַלט ס'מויל", האָט געענטפערט דזשים. ער האָט גענומען עדיס אָרעם, און זיי האָבן צוזאַמען גענומען גיין לענג-אויס דער גאַס.

אַ גאַראַזש. אינעווייניק זענען געשטאַנען מעכאַניקערס, געהילפן

און שאָפערן און האָבן גערעדט. אַ גרויסער, שוואַרצער אויטאָ איז פאַרבייגעפאָרן, האָט זיך פאַרקערעוועט און איז אַריינגעפאָרן אין גאַראַזש. דער שאָפער האָט געזאָגט: „האַלאָ", דזשים און עדי זענען אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין, עדי איז געוואָרן אַלץ שווערער, און ער איז כמעט שוין ווידער געשלאָפן. „לאָמיר גיין", האָט גערופן דזשים. עדי האָט געענטפערט: „תּיכּף". זיי זענען געגאַנגען ווייטער. דזשים האָט אַרונטערגערוקט עדיס אָרעם אונטער זײַנעם און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אים פעסט געהאַלטן בײַם גענלענק. ווען עדי פלעגט האַלטן בײַ אומפאַלן, פלעגט דזשים אַ דריי-טון דעם גענלענק: עדי פלעגט דעמאָלסט אַ ברום-טון, און זיי פלעגן גיין ווייטער, ביי איין טויער, וווּ דער נומער איז געווען אויסגעמאָלט מיט גרויסע ציפערן, איז געשטאַנען אַ מאַן. אַ שפּעקייזי. אין אַ ראַזיר-אַנשטאַלט איז דאָס ליכט געפאַלן איבער דער קאַסע אויף די מעשענע באַשלאָגן, אויף די פלאַשן און שפּיגלען. נאָך אַ גאַראַזש. דער אַרײַנגאַנג אין אַ רוסישן נאַכט-קלוב. אַ גרויסער יונג מיט אַ באַקנבאָרד פון כמעט אַ פוס די לענג, איז געשטאַנען אין אַ קאָמישן אוניפאָרם אין דער טיר-ראַם, און זײַן אויסזען איז ווײַט געווען פון צו דערוועקן צוטרוי.

„איך וויל דעמדאָזיקן יונג זאָגן גוט-מאָרגן", האָט עדי דערקלערט.

„איר וועט אַ טייוול גוט-מאָרגן זאָגן".

עדי האָט געזאָגט: „ער געפעלט מיר, און איך וועל אים זאָגן גוט-מאָרגן". דזשים האָט אַ דריי-געטון דעם גענלענק. עדי האָט וויי-געטון, און זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

„דאָס, וואָס איר דאַרפט, יונגערמאַן, איז אַ גלעזל קאַווע", האָט דזשים געזאָגט זײַן מיינונג.

„איך וויל נישט קיין שום קאַווע. איך וויל שלאָפן".

„איר וועט טרינקען קאַווע, פאַרשטאַנען?"

זיי האָבן דערגרייכט אַ ראָג. אַ שאָפער, וועלכער איז גע-שטאַנען מיט זײַן אויטאָ נאָענט פון דעם טראָטואַר, איז אַרויס פון וואָגן, האָט געעפנט דאָס טירל און געפרעגט: „אויטאָ"? דזשים האָט געענטפערט: „ניין"; ער האָט אַרומגעקוקט זיך אויף דער גאַס און געזוכט אַ קאַוויאַרניע. אַ צוג פון דער הויכבאַן איז דורכגעפאָרן, און די זײַלן האָבן זיך געטרייסלט. אין יענעם

אויגנבליק האָט עדי גענומען רעווען, אָבער זיינע קולות האָט פאַרטויבט דער ליאַרם פון צוג. „פרוווט דאָס אָקאָרשט נאָך איין מאָל", האָט דזשים געוואָרנט. „איר וועט דעמאָלסט זען, וואָס עס וועט זיין" — „לאָזט מיך אָפּ, איך מוז אָפּברעכן", האָט עדי דער־קלערט. ער האָט אַרויסגעריסן זיך פון דזשימס אומקלאַמער, האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טראָטואַר און האָט גענומען אָפּגעבן. דזשים האָט פאַרמאַכט די אויגן און האָט נישט איינגע־האָרכט זיך. דער קאָפּ האָט אים ווײ־געטון, נאָר ער איז געווען ניכטער. ער האָט דערשפּירט אין מויל אַן איבלקייט. עדי האָט געפרעגט: „איר האָט אַ פּאַפּיראָס?" און ווען ביידע האָבן פאַר־רויכערט און זענען אַוועק ווייטער, האָט ער געזאָגט: „איר דאַרפט מיך שוין נישט האַלטן. איך בין שוין גאַנץ פעסט". דזשים האָט אים אָפּגעלאָזט און באַטראַכט ווי ער גייט. עדי איז שוין געווען איינגאַנצן מונטער.

„ווילט איר טרינקען אַ גלאָז קאַווע?"

„מיט פאַרגעניגן".

זיי זענען געגאַנגען לענג־אויס דער זעקסטער עוועניו.

„דער אַלקאָהאָל ווערט אַלץ ערגער און ערגער", האָט עדי באַמערקט, נאָר באַלד האָט ער צוגעגעבן: „און אפשר ליגט די סיבה אויך אין מיר".

דזשים האָט געשוויגן, און עדי האָט פאָרגעזעצט: „איר האָט מיט זיך געהאַט אַ שיין מיידל, ווו איז זי אַהינגעקומען?"

דזשים האָט געענטפערט: „זי איז אַ נארישע גאַנז און אינטערעסירט מיך נישט".

„זי איז פונדעסטוועגן אַ חנעוודיק מיידל. פון וואַנען האָט איר זי?"

דזשים האָט נישט געענטפערט. עדי האָט געזאָגט: „איך בין אַ בעלן זי ווידערצוזען".

דזשים האָט געענטפערט: „זי אַרבעט אין אַ קאַוויאַרניע אין מיין ביוראָ־געביידע. זי איז אַ נאַרישע גאַנז און אַן אָנגעבלאָזן מיידל, און זי מעג גיין צום טייוול".

„מיר דוכט, אַז איך בין איר געפעלן־געוואָרן".

„הייבט־אָן אין יענעם לאָקאַל צו עסן פרישטיק, און איר וועט זען, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען".

„אפשר וועל איך דאָס טאַקע טון“.

„נו, ווייטער“.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער, דערנאָך האָט דזשים געזאָגט:

„העי, באַטראַכט מיך אָקאָרשט אין ליכט. איך האָב אַן אונטערגעהאַקט אויג?“

עדי האָט זיך צוגעקוקט: „ניין“.

„אויב אַזוי האָט מען מיך אַפּנים געשלאָגן אין דער גאָמבע. דאָס געזיכט טוט מיר ווי“.

„וווּ זענט איר געווען?“

„איך דערמאָן מיך נישט“.

„זענט איר אַוועקגעגאַנגען פון פּאַדיס לאָקאַל?“

„איך ווייס נישט. וואַרט-נאָר אַ רגעלע. יאָ, איך בין אַוועקגעגאַנגען. איך בין געזעסן אין אַ דראָזשקע און ערגעץ-וווּהין געפאָרן. דאָרטן איז געווען אַ מיידל, וועלכע האָט געמייקנט. דערנאָך איז געקומען אַ ייִנגל און האָט אויסגערופן צייטונגען. באַריכטן וועגן די צוויי חברה־לייט, וואָס זענען היינט ביינאַכט פאַרברענט־געוואָרן“.

„זענען זיי טויט?“

„איך מיין אַזוי. וואָס איז דען?“

„איך ווייס נישט. סתם-אַזוי“

„ווי פילט איר זיך?“

„מיך שווינדלט“.

„איך האָב קאָפּ-ווייטיק. מסתמא, האָב איך געקראָגן געשלאָגן אין דער גאָמבע. זי טוט מיר שרעקלעך ווי“.

„צו אַלדי רוחות, וועלן מיר שוין אַמאָל אָנטרעפן אַ קאַוויאַרניע? אַ גלאָז קאַווע און אַ טעלער באָב העלפט מיר שטענדיק“.

„אויב איך וועל היינט ביינאַכט זען אַ טעלער באָב, וועל איך שטאַרבן“.

„אויך איך האָב אַמאָל אַזוי געמיינט. אַמאָל. אָבער אַ באַקאַנטער האָט דאָס מיר אין אַ געוויסער נאַכט נאַראַיעט, האָב איך עס פאַרזוכט, און דערנאָך האָב איך זיך געפילט אויסגעצייכנט. קיין זאַך איז נישט אַזוי גוט, ווי אַ טעלער הייסע באָב, אויב מען וויל זיך גוט אויסניכטערן“.

„זאָל זיין געגוג. לאָמיר רעדן פון עטוואָס אַנדערש“.

„מסתמא איז אייך נאָך נישט גוט, פאַרוואָס שטעקט איר נישט אַריין קיין פינגער אין האַלז?“

„אַלץ וואָס עס האָט געדאַרפט אַרויס חזרה, איז שוין דרויסן. דאָס פאַרבליבענע וועט שוין מוזן זיך אַליין העלפן“.

פון דער טונקלקייט איז אַרויסגעשווומען אַ געשטאַלט. אַ פרוי. עס האָט געקאָנט זיין אַרום דריי אַ זייגער פאַרטאָג. אַ יונגע פרוי. זי איז געגאַנגען האַרט ביי די געוועלבער. זי האָט זיך אַלץ מער-און-מער דערנענטערט און איז פאַרבייגעגאַנגען. דזשים און עדי האָבן זיך אומגעקערט און איר נאָכגעבליקט.

„אַזוי שפעט אויף דער גאַס, זי איז, אַפנים, קיינעם נישט קיין שוועסטער“.

„זי איז עמפפאַנג-דאַמע אין אַ נאַכט-קלוב“.

„זי איז טעלעפאָניסטין“.

„אומזין. זי האָט אויפן קאָפּ נישט געהאַט קיין הוט“.

„אַ חנעוודיק ווען“.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער. אַוו, היילִיקער פאָטער, איז אַ קאַוויאַרניע? איך וועל פגרן פון דורשט“. „אַ גלאָז קאַווע, אָדער זאָל זיין כאָטש אַ גלאָז וואַסער“. „דאָרטן אַנטקעגן שטייט אַן אויטאָ. אפשר דאָרטן“. „שנעל“.

אַן אויבסט-שטעלע. „ווילט איר אַן עפּל?“ „גיט, וואָס נאָר איר האָט“. דזשים האָט גענומען צוויי גרויסע רויטע עפּל, האָט באַצאָלט, האָט איינעם געגעבן עדין, דעם צווייטן איינגעביסן און געזויגט דעם זאַפט. „אָך, ווי נעמט מען אַ גלאָז וואַסער“.

אַטעני‍שע קאַוויאַרניע. טישן פאַר דאַמען. עס ווערט געזוכט אַ געשיר-וואַשער.

ליכט אויף ווייסע קאַפלען, פאָמעראַנצן, וויינטרויבן, ריחות.

די טישן זענען געווען באַזעצט. „וואַרט-נאָר צו אַ רגעלע“, און דזשים איז געגאַנגען דורכן געשפּרעכן-גערויש פאַרביי די טישן, איז צו צום קראַן, האָט גענומען אַ גלאָז, עס אויסגעשווענקט, און געטרונקען פריש וואַסער. איין גלאָז, נאָך אַ גלאָז, און נאָך אַ גלאָז. דער קאָפּ האָט נאָך אַביסל געשווינדלט. ער האָט אַ ציטער-געטון, און האָט גענומען באַטראַכטן די געסט.

צווי מענער זענען געזעסן איבער לידיקע קאַווע-טעסלעך, און האָבן זיך געשעפּטשעט. איין מאַן איז געזעסן איבערגעבויגן איבער אַ ריינעם טיש, אַ טויט-מידע פּרוי, זי איז געזעסן אַליין און האָט געבליקט צו אים. ער האָט גענומען גיין צום בופעט. ביי איין טיש זענען געזעסן פיר מענטשן, די מענער האָבן געהאַלטן זייערע אָרעמס אויף די מיידלעך, זייערע אויגן זענען געווען טונקל און פאַרשלאָפן, די מיידלעך האָבן זיך באַמיט צו לאַכן, זייערע היט זענען געזעסן קרום אויפן קאָפּ, די האָר צעשויבערט, זיי האָבן באַוויזן נאַקעטע שענקעל. „קומט אַהערצו", האָט עדי אים צוגערופן. ביים בופעט איז געווען זייער ענג, אָבער נעבן עדין איז נאָך געווען אָרט.

אונטער גלאָז-גלאָקן קוכנס, פלאָדן און געקאָכטע פרוכטן, וואָס האָבן אויסגעזען חלשותדיק. „וואָס, צום טייוול, זאָל איך עסן?" דזשים האָט אויפגעשווידערט. דער מאַן, וואָס נעבן אים, האָט געגעסן ראָגאַלקעס און פאַרטרונקען מיט מילך, אַ צווייטער האָט געפּאַקט אין זיך שינקע מיט איי און געפּרעגלטע קאַרטאָפל, אַ דריטער — פּאַשטעט. „באָב", האָט עדי באַשטעלט.

דער מאַן, הינטער דעם בופעט, איז געווען אַ ווילער יונג, בלאָנדע האָר און אַ בלאַס געזיכט. אַפילו אין אַט דער פריאיקער שעה האָט ער אויסגעזען גוט-געוואַשן און זויבער. ער האָט אַ צעשטראַלטער געשמייכלט און געוויזן די ציין.

„אַ טעפּל שוואַרצע קאַווע".

אַ צוג איז פאַרבייגעפאָרן. דער מאַן נעבן דזשימען האָט געזאָגט: „מיר איז קיין נפקא-מינא נישט, וואָס מען וועט טון, אָדער וואָס עס וועט פּאַסירן, אָבער מען מוז מיך לאָזן דאָס מיטמאַכן." „מען וועט אייך אָבער צווינגען". „וועט מען מיר שטערן", האָט געזאָגט דער מאַן. „וועט עמיץ-ווער זיך אויסבעטן אַ ביין יאָר". „ביי אייך וועט אויף דעם קלעקן מוט". „אַט אַזאַ בין איך", האָט געזאָגט דער מאַן.

דער בופעטשיק האָט שמייכלענדיק אַוועקגעשטעלט די קאַווע. „מען מוז אים אַראָפּווישן דעם שמייכל פון פּנים". עדי האָט נישט געהערט. ער האָט זיינע באָב באַגאָסן מיט פּאָמידאָרן-סאָאוס, האָט אַרויפגעלייגט אויפן טעלער זענעפט, און האָט אַלץ באַשאָטן מיט זאַלץ און מיט פעפער. דזשים האָט געקוקט אין

דער זייט, האָט פאַרזוכט זיין קאַווע און ווידער אויפגעציטערט.

ער איז געווען זייער מיד. ער האָט זיך קוים געהאַלטן. „מיר וואָלטן זיך געדאַרפט אַוועקזעצן ביי אַ טיש"; ער האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס, זייער לאַנגזאַם, מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט אים שמעקן, ער האָט אַ צי-געטון, נאָר אים איז געוואָרן נישט-גוט, און ער האָט אים אַוועקגעשליידערט.

עס האָט זיך אויפגעעפנט די טיר, און וואַרימע לופט האָט אַריינגעשטראָמט אין לאָקאַל. אַ מאַן איז צו צום בופעט, האָט זיך אַדורכגעשטופּט צווישן דזשימען מיט עדין, האָט מיט אַ פינגער צוגערופן דעם בופעטשיק און געזאָגט: „באַזאָרגט מיר אַ שאָפער, וועלכן איר קענט. איך האָב אויף דער גאַס אַ פּאַס ביר". „עס איז שוין שפּעט", האָט געענטפערט דער בופעטשיק. „איך ווייס דאָס, מיר איז דאָס איילי́ק. איך וועל אים געבן פינף דאָלאַר".

דער בופעטשיק האָט געענטפערט: „וואַרט-צו אַ רגע̇לע", האָט אויסגעטון דעם ראָק און איז אַרויסגעגאַנגען. דער מאַן האָט אים נאָכגעפאָלגט.

שלאָפן. די זייטן טוען וויי. דאָס בעט. מיין גאָט, נאָך אַ גאַנצע שעה, אָדער אפשר נאָך מער.

„וואָס איך וואָלט איצטער גערן געטרונקען, איז אַ קאַלט גלאָז ביר", האָט דערקלערט עדי. „לאָמיר זוכן אַ לאָקאַל, וואָס איז נאָך אָפן".

„איך גיי אַהיים".

„פאָלגט מיך, גייט נאָך נישט אַהיים, מען קאָן נאָך געוויס געפינען אַן אָפענעם לאָקאַל".

עטוואָס איז מיט אַ טראַסק אַראָפּגעפאַלן אויפן באָדן. „כאַ—כאַ—כאַ", האָט זיך צעלאַכט איינער אַ יונג, וואָס איז געזעסן מיט די מיידלעך. „כי—כי—כי—כי", האָבן געכיכיקעט די מיידלעך.

דזשימען איז געווען אויף דער נשמה, אַזוי ווי עמיצער וואָלט דאָרטן אינעווייניק געפּירט אַ סמיטשיק. דעם פידלערס אָרעמס באַוועגן זיך אַרויף-און-אַראָפּ. ווי-אי-איי-ווי-אי-איי, — קרעכצן די סטרונעס.

אין דער קאַוויאַרניע איז געווען זייער שטיל. קיינער האָט נישט גערעדט. דער ווענטילאַטאָר נאָר האָט געזשומעט און גע-

דרייט זיך הין-און-צוריק. צום ווענטילאַטאָר זענען צוגעפּעסטיקט געווען שמאָלע רויטע און גרינע בענדלעך. זיי האָבן געפלאַטערט און געשלענגלט זיך. אין דער קיך האָט די געשיר-וואַשערין ווידער געקלונגען מיט די טעלערס. איינע פון די מיידלעך האָט פונדאָסניי געכיכיקעט: „כי—כי—כי—כי". און ווידעראַמאָל דער סמיטשיק.

עדי האָט אויפגעגעסן זיינע באָב און האָט אַריינגע-שטעקט אין מויל אַ פּאַפּיראָס. דער בופעטשיק איז צוריקגעקומען, האָט אָנגעטון זיין ווייסן ראָק, געשמייכלט, צוגענומען די שמוציקע טעלער און געפרעגט עדין: „ווילט איר נאָך עטוואָס?" „דערלאַנגט מיר אייז-קרעם", האָט געענטפערט עדי. „מיר האָבן וואַניל, שאָ-קאָלאַד און פּאַזיאָמקעס", האָט געזאָגט דער בופעטשיק.

אַ צוג איז פאַרבייגעפאָרן. עס איז געוואָרן הייסער. דזשים האָט פריי‏ער-געמאַכט דעם קראַוואַט און אויפגעקנעפּלט דעם קראַגן. ער האָט געפילט, אַז זיין הוט איז פייכטלעך, ער האָט אים אַראָפּגענומען, דאָס אינערלעכע באַנד איז געווען נאַס און האָט פאַרשפּרייט אַ שווערן גערוך. ער האָט אים אויסגעווישט און ווידער אָנגעטון דעם הוט.

„זיי זענען טויט", האָט עמיצער געזאָגט. „אַלע אייערע רייד־עלן זיי שוין לעבעדיק נישט מאַכן".

„אָבער באַגרייפט איר דען נישט, וואָס הייסט רעכט?"

„האַלט ס'מויל. די צוויי וואָפּס קריכן מיר שוין פון האַלז. זיי האָבן עס געטון, צי זיי האָבן עס נישט געטון, יאָ שולדיק, אָדער נישט שולדיק, בין איך אַלץ נישט מחויב צו פאַרלירן מיין שלאָף. צי דען בין איך מחויב אויסצוהערן אַזוי פיל געפּילדער, ווייל מען האָט צוויי מענטשן געטויט? איז דאָס מיין דאגה? זענען דען אין דעם קריג נישט אומגעקומען מיליאָנען לעבנס, און האָט עמיצער צוליב דעם געמאַכט אַזאַ רעש? זענען אפשר די-יעניקע, וואָס זענען געפאַלן אין קריג געווען ערגער פון דידאָ-זיקע צוויי? האָבן זיי געוווּסט, פאַרוואָס זיי שטאַרבן? מען האָט זיי אַוועקגענומען און געטויט, און דערמיט איז אַלץ געווען דער-לעדיקט. וואָס גייט דאָס מיך אָן, וואָס עס הייסט רעכט? ווו איז דאָס רעכט? גייט קויפט דאָס, אָדער פאַרקויפט דאָס, אָדער ברענגט דאָס אייער פרוי אַלס נאַשוואַרג, לייגט דאָס אַוועק אויף

איין וואָגשאָל און אויפן צווייטן אייער טייסטער און קוקט, וואָס וועט אַראָפּוועגן. דינגט-אָפּ אַ גרויסן זאַל און פּריידיקט דאָסדאָזיקע רעכט, וועט איר זען, צי עס וועלן זיך געפינען פיל בעלנים אייך צו קומען הערן. האַלט דאָס דאָרט, וווּ דאָס דאַרף זיך געפינען, ביי זיך אין האַרצן, און שווייגט וועגן דעם. זיי זענען טויט, זאָג איך. זיי זענען איצטער אין גיהינום. עס וועלן נאָך צוקומען אַ היפּש ביסל מתים, איידער מען וועט וויסן, וואָס איז רעכט".

איינע פון די מיידלעך האָט ווידער אַ כיכיקע-געטון. אַלע האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און געהאָרכט. און אַלע האָבן צוריקגעקערט זיך צו זייער קאַווע, זייערע אייער מיט שינקע און אייז-קרעם.

„אַ קלוגער יאַט", האָט עדי פעסטגעשטעלט.

דזשים האָט געשוויגן. דער קלוגער יאַט האָט ווידער גערעדט, אָבער קיינער האָט שוין נישט געהאָרכט. דער קלוגער יאַט איז געווען אויפגערעגט, ער האָט אויפגעהויבן די שטים, געקלאַפּט אין טיש און איבערגעריסן דעם מאַן, וואָס האָט מיט אים געשמועסט. קיינעם האָט דאָס נישט געאַרט. דער בופעטשיק האָט פאַרזאָרגט באַטראַכט די פנימער, איז צוגעגאַנגען צום קלוגן יאַטס טיש און האָט אים עטוואָס איינגערוימט אין אויער. דער קלוגער מאַן האָט געזאָגט: „אָלרייט, אויב איך טאָר נישט רעדן אַזוי הויך, ווי מיר געפעלט, גיי איך אַוועק". ער און זיין פריינט האָבן זיך אויפגעהויבן, געצאָלט, די קאַסע האָט געקלונגען, און די צוויי זענען אַוועק. דער בופעטשיק האָט דערקלערט: „איר וואָלט געדאַרט שפּירן זיין אָטעם. ער איז געווען פולשטענדיק שיכור", און האָט געשמייכלט.

דער דינער האָט גענומען אויסלייגן די שטולן אויף די טישן. ער האָט גענומען קערן. דער ווענטיליאַטאָר האָט גערוישט, דערנאָך האָט זיין געזשומעריי פאַרהילכט דער ליאַרם פון אַ פאַרביפאָרנדיקן צוג. די שויבן האָבן געציטערט. פון קיך איז אַרויס אַ געשיר-וואַשער, איבער זיין אונטערשטער ליפּ איז אַראָפּגעהאָנגען אַ פּאַפּיראָס, זיין געזיכט איז געווען זייער בלאַס, און זיינע אויגן רויט.

„זענט איר שוין פאַרטיק?" האָט דזשים געפרעגט.

„לאָמיר גיין אויסטרינקען אַ ביר".

„גיין. ענדיקט עסן. איך גיי אַהיים".

דער הויז-דינער האָט געררוימט אונטער די שטולן. ער האָט קיינעם קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר ער האָט אַרונטערגערוקט זיין בעזים אונטער די פיס און האָט געקערט. אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן צונויפגעשאַרט קופּעס האָלץ-זאַמד, אויף דעם — פּאַפּיראָסן, שוואַרצע ליחות, שוועבעלעך.

„איך מוז אָנהייבן צו קומען אין ביוראָ נישט אַזוי טייוו-לאָניש פאַרשלאָפן. מען וועט מיך אַזוי אויך איינגיכן אָפּזאָגן".

„וואָס אַרט אייך דאָס?" האָט געענטפערט עדי. „זאָגט דעם שעף אייערן אייער מיינונג וועגן אים. מען קאָן שטענדיק גע-פינען אַ שטעלע".

„איך קאָן זיך אָבער נישט האַלטן", האָט דזשים געענטפערט. „איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געקראָגן קיין לוין-העכערונג. קוים בין איך דערצו באַרעכטיקט, — איז אָדער איך גיי-אַוועק, אָדער מען איז מיך משלח. איך טויג צו גאָרנישט".

„אָך, ניכטערט זיך שוין אויס".

„איך רעד ערנסט, עדי. איך בין קיינעם נישט נויטיק. איך קאָן נישט אַוואַנסירן. איך ווייס נישט וואָס פאַראַ שד זיצט דאָס אין מיר".

„איר דאַרפט אַ שנאַפּס. נאָך אַ טאָפּלטן שאָטלענדישן, וועט איר געזעגנט ווערן".

„איך וויל גאָרנישט נישט טרינקען, עדי, הערט מיך אויס. איך ווייס נישט, וואָס איך וויל. איך בין נישט צופרידן, איך האָב נישט קיין פריינט..."

„ווער באַהויפּטעט, אַז איר האָט נישט קיין פריינט?"

„עדי, איך שפּאַס נישט. איך בין אַ שלים-מזל. איך האָב קיין איין נאָענטן מענטש נישט. אַפילו ווען איך נעם מיט אַ מיידל, בלייבט זי נישט מיט מיר. איך בין צו איר ליב, איך גיב אויף איר אויס אַ סך געלט, און זי, ווי נאָר זי דערזעט אַ צווייטן, לאָזט זי מיך זיצן".

„דזשים, זי איז אַ נאַרישע גאַנז. עס לוינט נישט צו טראַכטן וועגן איר. קומט, מיר וועלן עטוואָס טרינקען".

„איך וויל נישט טרינקען".

דער רוימער האָט געבראַכט אַן עמער מיט אַ שמאַטע, האָט איינגעטונקט די שמאַטע, אויסגעדרייט זי און אָנגעהויבן אַרבעטן. אין דער קאַוויאַרניע זענען איצטער געווען ווייניק מענטשן. דער בופעטשיק האָט פאַרלאָשן אייניקע ליכטער. אַ פּאָליציאַנט איז אַריינגעגאַנגען, האָט זיך פאַרקליבן הינטער דעם בופעט און גערויכערט אַ פּאַפּיראָס.

„איך האָב אַ שוועסטער", האָט געזאָגט דזשים, „וועלכע ווייסט שוין זייער גוט, וואָס זי וויל, און זי דערגרייכט דאָס. איך וואָלט פאַר אַלע אוצרות פון דער וועלט נישט איינגעשטימט צו לעבן אַזוי ווי זי, אָבער זי איז אַ סך גליקלעכער פון מיר".

דער הויז-דינער האָט געשייערט די פּאָדלאָגע. דזשים האָט אים אַ ווײַלע באַאָבאַכטעט.

„איך האָב אַ מוטער, איז זי אַזוי גוט, אַז אַזאַ יונגאַטש ווי איך איז גאָרנישט ווערט זי צו האָבן פאַר אַ מוטער. און פונ-דעסטוועגן וועל איך צוליב יעדער פאַרשאָלטענער צויג, וואָס איך וואָלט פאַר איר קיין צוויי סענט נישט געגעבן, באַשווינדלען מיין מוטער, און דערנאָך האָבן אַזאַ לייזיקע נאַכט ווי די הייַנ-טיקע, און איך וועל דאָס ווידער-און-ווידער טון".

עדי האָט אים אָנגעקוקט. „איי, וואָס איז מיט אייך גע-שען?" האָט ער געפרעגט.

„איך בין אַ געמיינער יונג".

„געוויס". האָט געענטפערט עדי. „איך אויך. לאָמיר דערפון קיין צער נישט האָבן".

„איר פאַרשטייט דאָס נישט. איך בין פיל ערגער, ווי איר מיינט. איך בין איבערהויפּט אַ טויגעניכטס".

„איך מיין, איר זענט נישט מיט אַלעמען".

„איך האָב קאָפּ-ווייטיק, און פיל מיך עלנט".

„הערט מיך אויס", האָט געזאָגט עדי. „איך האָב אויף דער פינף-און-זעכציקסטער סטריט צוויי פריינטינס. זיי זענען שוועסטער, און איך האָב זיי אַנומלטן געטון אַ געפעליקייט. מיר קאָנען אַהינצו גיין און דאָרטן פאַרבלייבן. זיי זענען נישט איבעריקנס טעמפּעראַמענטפול, אָבער אויך נישט שלעכט".

דזשים האָט געענטפערט: „היינט בייַנאַכט וועל איך מיט קיין איין פינגער נישט אָנרירן אַ פרוי."

„גוט. איר וועט קאָנען אויף דער סאָפע שלאָפן. איר זענט אַ שײנער אָנבליק פאַר אַ מוטערלעך אויג״.

(דו וועסט גײן צהײם, ווען אַפילו דאָס זאָל זײן דאָס לעצטע, וואָס דו טוסט אין דײן לעבן).

„איך ווייס אַלײן נישט״, האָט דשים געזאָגט.

„איר וועט גײן, ווי דען? וואַרט-נאָר, איך וועל צו די מײדלעך אָנקלינגען און דערוויסן זיך, צי דער וועג איז פרײ, און צי וועט נישט זײן קײן קאָנקורענץ״.

עדי האָט אַרויסגענומען צען סענט און איז אַרײן אין טעלעפאָן-בודקע.

די מײדלעך האָבן נאָך אַלץ געכיכיקעט. אײנע האָט אָנגעטון אַ מענער-הוט, געמאַכט העוויות, און געלאַכט און געלאַכט.

דער דינער איז צו צו אַ דרעמלענדיקן מאַן, האָט אים געגעבן אַ שטופּ, אָנגענומען, צוגעפירט צו דער טיר און אַרויסגעשטויסן.

(ווועסטו נישט גײן אַהײם, ביסטו אַ פאַרלוירענער. עס איז האַלב פיר. די מוטער וואַרט אויף דיר. זי וועט זיך נישט לײגן, אײדער דו ביסט געקומען. מאָרגן זײן פאַרשלאָפן. מאָרגן ווערן אַרויסגעוואָרפן. קײן שום אַרבעט. קײן שום געלט. דו מוזסט אַהײם-גײן.)

ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פערטל-דאָלאַר-שטיק. גײן אַהײם אָדער בלײבן. ער האָט אים אַ וואָרף-געטון, אויפגעהויבן און אַ קוק-געטון. אָדלער. ער גײט אַהײם.

אים איז געוואָרן אַביסל לײכטער. נאָך אַלץ מיד, אָבער דער קאָפּ האָט ווײניקער ווײ-געטון. ער האָט זיך אומגעדרײט אויף זײן בענקל. די אײנזאַמע פרוי האָט אַקוק-געטון און אירע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט זײנע. זי איז געוואָרן הײטערער. מײן גאָט, וואָס פאַראַ געזיכט. די חברהלײט האָבן נאָך אַלץ געסודעט זיך בײ זײערע קאַווע-טעפּלעך. די פיר זענען אַוועקגעגאַנגען. אין אַ ווינקל בײם פענסטער האָט אַ מאַן שטײגערעדט מיט אַ פרוי. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך איבערגעבויגן צו איר איבערן טיש, געוויזן מיט אַ פינגער, אַ נײג-געטון דעם קאָפּ און געפּרוווט זי איבערעדן. זי האָט געענטפערט נײן. דזשים האָט פון זײ אַוועקגעקוקט. די אַלײן-

זיצנדיקע פרוי האָט געעפנט איר בייטל, אַרויסגענומען אַ שמוציק טאַשנטוך און געווישט דאָס געזיכט. אַז זי האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט דזשים זיך אָפּגעקערט.

עדי איז צוריקגעקומען. „אַלץ איז אין אָרדענונג". האָט ער געזאָגט. „זיי זענען ווילע מיידלעך. מיר דאַרפן אין אַ האַלבע שעה אַרום קומען".

דזשים האָט דערקלערט: „איך וועל נישט מיטגיין".

„מיין גאָט, איר וועט דאָך נישט אָנהייבן דערמיט איצטער, ווען אַלץ אין שוין דערליידיקט?"

דזשים האָט אים אָנגעקוקט. „איך גיי אַהיים".

„נו, און וואָס זאָל איך אָנהייבן צו טון מיט צוויי פרויען?"

אַהיים. שלאָפן. שטראָף מיך גאָט, איך וויל גיין אַהיים.

„אָלרייט", האָט געזאָגט דזשים. „לאָמיר גיין".

„איך האָב טאַקע געגלויבט, אַז איר וועט זיך נאָך איבערלייגן".

זיי האָבן געצאָלט. דער בופעטשיק האָט געשמייכלט, אַפילו געזאָגט אַ דאַנק. „מיר וועלן גיין צופוס. מיר האָבן גענוג צייט".

דזשים האָט געזאָגט: „איך הייב נישט אָן צו וויסן, פאַרוואָס איך גיי מיט. איך וויל היינט ביינאַכט נישט קיין שום פרוי. דאָס וואָס איך וויל – איז מיין היים און מיין בעט און מאָרגן פרי גיין אין ביוראָ, און באַמיען זיך נישט צו פאַרלירן מיין פּאָסטן. און פונדעסטוועגן גיי איך מיט", האָט ער אויסגערופן.

„וואָלט איר אַזוי פיל נישט געהאַט אין זינען זיך אַליין", האָט עדי געזאָגט זיין מיינונג, „וואָלט געווען אַ סך גלייכער".

נאָך דער קאַוויאַרניע איז די לופט געווען אָנגענעם. דזשים האָט טיף געאָטעמט, האָט אַריינגעצויגן דאָס לייכטע ווינטל טיף אין די לונגען – און זיין ברוסט האָט זיך געהויבן און ווידער געפאַלן. מיט יעדן שריט איז ער געוואָרן פרייער, אינערלעך ווייניקער געפּענטעט, און נאָר די פיס און דער ווייטיק אין די זייטן האָבן אים נישט געלאָזט פאַרגעסן, אַז ער גייט, אַז ער איז נאָך אַלץ שיכור, אַז, וואָלט ער כאָטש וויפיל-נישט-איז געהאַט אין זינען דעם מאָרגן, וואָלט ער געדאַרפט עדין פאַרלאָזן, איינשטייגן אין דער אונטערערד-באַן, לויפן אַהיים, און

אָפּשפּאָרן די שוואַכע קראַפט, וואָס לעבט נאָך אין אים, פאַר דער אַרבעט פון מאָרגנדיקן טאָג. גאָט, מיט יעדן שריט, וואָס ער מאַכט, זינקט ער אַלץ טיפער און טיפער, ער וועט זיך שוין קיין מאָל נישט אויפהויבן — פאַרלוירן די מוטער, פאַרלוירן די שטעלע, אַלץ פאַרלוירן. — זייט אַזוי גוט, לאָזט מיך גיין אַהיים, האָט ער געבעטן אָן ווערטער. איך וויל נישט גיין ווייטער, איך וויל נישט זיין ביי די צוויי שוועסטער.

ער האָט געפרוווט צו דערמאָנען זיך אַ תפילה, וועלכע זאָל אים ראַטעווען. טו זיך אָפּ פון מיר, האָט ער געזאָגט. אָ, ראַטעווע מיך, האָט ער געבעטן, עמיצער זאָל מיך ראַטעווען.

ער האָט ברייט געשפּרייזט. ער איז געווען גרעסער פון עדין, און יענער האָט כמעט ווי געדאַרפט לויפן אויף נישט אָפּצושטיין. „וואָס איז די יאָגעניש?" האָט געפרעגט עדי. „זי האָט געזאָגט, נישט פריער ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום".

פאַרביי אַ קבורה-אַנשטאַלט, מיט אַ קליין ליכט איבערן שרייב-טיש און אַ שילד: נאַכט-גלעקל; פאַרביי אַ קאָלאָניאַל-געשעפט פון צ. און פ.; פאַרביי אַ פולן עמער מיסט; פאַרביי אַ הויכבאַן-סטאַציע, וועלכע האָט געברומט און געצויגן; קווער איבער דער גאַס, וווּ עס איז געשטאַנען אַ ביינאַכטיקער צייטונגס-פאַרקויפער, וועלכער האָט געשריגן אין די פּוסטע גאַסן אַריין: „קויפט די פרימאָרגן-צייטונג, די לעצטע ידיעות וועגן דער עקזעקוציע"; פאַרביי אַ בלומען-געשעפט, וווּ אין די ליידיקע שוי-פענסטער איז געשטאַנען נאָר איינע אָדער צוויי פּאַלמען; נאָך אַ פיליע פון צ. און פ., און ביי דער שוועל איז דאָרטן געלעגן אַ גרויס שטיק אייז און געוואַרט אויפן פרימאָרגן; פאַרביי די באַלויכטענע פענסטער פון אַ דראָגעריע, אינעווייניק איז געהאָנגען אַ בונטער פּלאַקאַט — אַ רעקלאַמע פאַר אַן אָפּפיר-מיטל, מיט אַ צייכענונג פון דעם מענטשנס אינגעווייד; אַ פרוי אין אַ פוטערנעם מאַנטל, אָן אַ הוט, האָט געפירט אַ שויס-הינטל שפּאַצירן; אַ מאַן איז געגאַנגען פאָרויס פאַר זיי, און זיינע טריט האָבן אָפּגעהילכט. אַ גרויע טונקלקייט, נאָר דאָ-אָדער-דאָרטן ליכט. און וואָס קומט-פאָר אינעווייניק, אין די הייזער? „לאָמיר גיין צום בראָדוויי, דאָרטן גייען מער מענטשן".

אַ זייטיקע גאַס. אַ נאַכט-קאַוויאַרניע מיט פרוכטן און דעליקאַטעסן, אַ מאַן סאָרטירט די פרוכטן; פאַרביי אַן אַקטיאָרן-

האָטעל, ווי מענטשן האָבן גאַנצענע טעג נישט וואָס צו טון, און קאָנען אַרומשפּאַצירן איבער די זאַלן, און שלאָפן, מיט וועמען זיי געלוסט זיך; פאַרביי אַ וויסטן ביר-גערטל, וואָס הינטער אים איז מסתמא פאַראַן אַ שפּעקייזי; פאַרביי אַ פאַרמאַכט פּאַפּיר-געשעפט; פאַרביי צוויי זיך-איילנדיקע מענטשן; פאַרביי אַ יאַגג-דיקן מעל-וואָגן; פאַרביי אַ געשעפט פון מוזיקאַלישע אינסטרו-מענטן; פאַרביי אַ נישט-באַלויכטענער קאַוויאַרניע.

עס איז דורכגעפאָרן אַן אָפענער אויטאָ, אינעווייניק זענען געזעסן לוסטיקע פרויען און מענער. „העי, איר", האָט איינע פון די פרויען אַ געשריי-געטון צו דזשימען מיט עדין. „זי פילט זיך זיכער אין וואָגן מיט אַ יונג ביי דער זייט".

„דידאָזיקע וועלן די נאַכט פאַרענדיקן אין האַרלעם. דאָרטן זענען פאַראַן באַרוישנדיקע לאָקאַלן. די מוזיק קרעכצעט, און די מענטשן שטייען אויף איין אָרט, ענג צונויפגעפּרעסט, און רייבן זיך איינס אָן דעם אַנדערן".

„אַמאָל, ווען איך וועל נישט זיין באַנקראָט, מוזן מיר גיין קיין האַרלעם; קיין פרוי איז נישט נויטיק מיטצונעמען. דאָרטן איז פאַראַן גענוג".

„איך קאָן קריגן אַן אויטאָ".

„איז לאָמיר צונויפרעדן זיך אויף אַן אָוונט אין דער נאָענטסטער וואָך".

האַרלעם, מיט שיינע פרויען, נאַקעטע ברוינע מיידלעך, מיט רונדע ווייכע היפטן און ציטערנדיקע בריסטן, מיט צעעפנטע מיילער, און דער דזשאַז ליאַרמט, און עס איז הייס און ווילד.

אַ שיכור האָט אַרויסגעטויכט פון דער טונקלקייט און גע-שפּאַנט גלייך צו זיי, די פיס שטייף; וויגנדיק זיך אַהין-און-אַהער, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן זיי, און איז פאַרבייגעגאַנגען; ער האָט דערביי געבורטשעט: „בראַוואָ, בייבי, וויין זיי אָקאָרשט".

דער בראָדוויי, אַן ליכטער, אָן טראַמוואַיען, אָן מענטשן. קעגנאיבער דער טיימס-סקווער, פּוסט און פאַרוואָרלאָזט. אויף אַ בלענדענדיק-באַלויכטענעם ראָג האָבן ביי די טראַמוואַי-רעלסן געאַרבעט מענטשן אין שוץ-ברילן מיט אַצעטילען-פלעמלעך אין די הענט. צש. צש., האָבן געצישעט די פלעמלעך. צוויי ליידיקע אויטאָס, די שאָפערן זענען געשלאָפן.

און איצטער שטעל זיך דאָס פּאָר: דו קומסט צו צו דעם הויז. דער שווייצאַר איז פאַרשלאָפן. ער פירט אייך אַרויף אין דער ווינדע אויפן נויטיקן שטאָק. דו קלינגסט. אינעווייניק אַ טומל, דערנאָך אַ געלעכטער, און דערנאָך: „איין רגע. מיר זענען נאָך נישט פאַרטיק“. דו וואַרטסט אַביסל. דערנאָך עפנט זיך די טיר. אַריין אין דעם טונקעלן פאָדער-צימער, אין אַ קליינעם וווין-צימער. אין שלאָף-צימער. אַ שעפּטשעריי. עס דערשיינען צוויי מיידלעך, אויף די נאַכט-העמדער שלאָף-רעק. אפשר טראָגן זיי נאָך שמוציקע נאַכט-העמדער. די ריכטיקע שעה אויף טעלעפאָנירן צו מענטשן. דו דרייסט זיך אַרויס מיט אַ וויץ. מען פאַרויכערט פּאַפּיראָסן, מען זעצט זיך אויס אויף דער סאָפע, מען רעדט וועגן וועטער, מען באַמיט זיך די ביידע מיידלעך צו צוטיילן פאַר יעדערן איינע. אפשר אַ כוס אָדער צוויי. אַ פריינט האָט אונז די פלאַש געשענקט. מיר האָבן זי נאָך נישט געעפנט. גלעזער, אַ קאָרקן-ציער, געלעכטער, און לאָזט מיך די פלאַש עפענען, אין דער דעק קלאַפּן, אַלקאָהאָל גיסן אין דער קעל. דו פילסט זיך בעסער, פלוידערסט אויפגערעגטער. די מיידלעך זיצן פאַרלייגט אַ פוס-אויף-אַ-פוס. אפשר וועט אַ גראַמאָפאָן שפּילן. אַפילו צו-שפּעט פאַר מוזיק. וואָס אַרט דאָס אונז? מען רוקט-צו דעם טיש צו דער וואַנט, דער טעפּיך ווערט צונויפגעוויקלט. ווילט איר טאַנצן? קומט גאָר נאָענט, בלייבט-שטיין אויף איין אָרט.

אָדער פאַרלעשן די ליכטער. די מיידלעך זענען נישט אָנגעטון, זיי וועלן זיין צעמישט.

אָדער אפשר זענען דאָס געמיינע נקבות. צו-וואָס דאַרף איך דאָס? וואָס וועל איך דערפון האָבן? לאָזט מיך צורו. זאָל איך אייך די האַנט פאַרזילבערן? וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן? זאָגט אייך עפּעס דערדאָזיקער צען-דאָלאַר-שיין? אָך, לייגט-אַוועק דאָס געלט. איך טרוי אייך.

„עדי“. ער האָט זיך געוואַקלט, „עדי, וועט אייך זיין שטאַרק נישט באַקוועם, אויב איך וועל אַוועקגיין אַהיים? איך בין שרעקלעך מיד. עדי!“

עדי האָט אַ וואָרטשע-געטון:

„גייט אַהיים, שנעל. גיט נאָך אייער פאַרפלוכטן פאַרלאַנג צו שלאָפן. נו, וואָס וואַרט איר נאָך? מאַרש, אַהיים“.

„אום גאָטעס ווילן, האָט נישט קיין פּאַראיבל, מיר איז צלין-איינס".

„אַ גוטע-נאַכט", האָט געזאָגט עדי.

---

.IX

## ווידער אינדערהיים.

דער צוג איז אָפּגעפאָרן; דער קאָנדוקטאָר איז אַריין אין קופּע און האָט זיך אַוועקגעזעצט לייענען אַ צייטונג. דער צוג איז געפאָרן איבער אַ ווייכן אָרט און האָט געהוידעט. ער איז געפאָרן שנעלער; ער האָט זיך אַביסל געשאָקלט אין די זייטן. די פאַרביילויפנדיקע זיילן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ מויער. אַ צווייטער צוג איז פאַרבייגעפאָרן. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך אויפגעהויבן. דער צוג איז פאַרשוואונדן. ווידער שוואַרצקייט. זיי האָבן זיך געפונען אונטער דער זעקסטער עוועניו.

אין לאָקאַלן צוג פון איסט-ענד וועט ער קאָנען שלאָפן. דערדאָזיקער פאַרפלוכטער אָרטיקער צוג, וואָס קורסירט פון נאָך איינס ביינאַכט, וועט זיכער פאָרן דעם גאַנצן וועג נישט ווייניקער פון אַ שעה. עס וועט שוין אַוודאי אויפגיין די זון, נאָך אַ פּאָר שעה אין בעט, דערנאָך ווידער אויפשטיין, ווידער אין דער אונטערערד-באַן, דערנאָך די אַרבעט. שנעלער, צוג.

אין קופּע האָט געעיפושט פון מענטשלעכע ריחות. די פּאָד-לאָגע איז געווען שמוציק. קיי-גומי-פּאַפּירלעך. זילבערפּאַרביקע שאָקאָלאַד-פּאַפּירלעך, אַלטע צייטונגען, אַ שלאָג-שורה מיט דעם וואָרט וואַנזעטי האָט אַראָפּגעשריגן פון אַ שטיק צייטונג אונטער די פיס. דזשים האָט אַ שאַר-געטון די צייטונג מיט דעם פוס, און זי האָט באַוויזן איר צווייטע זייט: סאַקאָ.

אַ מאַן האָט געראַוועט אַ פּאַפּיראָס. אין אָט דער צייט מעג מען אין דער אונטערערד-באַן רויכערן. דזשים האָט אַרויס-גענומען פון דער קעשענע אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און אַביסל קליינ-געלט. ער האָט איבערגעציילט דאָס קליינגעלט, און גענומען זוכן אין די קעשענעס באַנקנאָטן. ער האָט פערציק סענט. און איינ-אָוונט האָט ער געהאַט צוואָנציק דאָלאַר. ער וואָלט געהאַט

דרייסיק, ווען ער וואָלט געווען נישט אַזאַ טיפּש און וואָלט נישט געגעבן דער מוטער דאָס געלט. איצטער מוז ער זאָגן: „מאַ, דו מוזסט מיר געבן פינף דאָלאַר". די מאַמע וועט דאָס טון; און דעסי, וואָס וועט דאָס, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דערהערן און אַריינמישן זיך, וועט זאָגן: „ער וויל מיט מיין געלט מאַכן געשעפטן".

פערציק סענט נאָך אַ וואָך אַרבעט. און ער וויל רייזנדער זיין, איבערצייגן מענטשן, אַז זיי דאַרפן נאָר זיינע סחורות קויפן, אַרויסווייזן אַנטקעגן זיי זיין ווילנס-קראַפט. ווילנס-קראַפט.

ער האָט צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע די פערציק סענט; אייגנטלעך וואָלט ער זיך געדאַרפט שלעכט פילן, נאָר ניין. ער האָט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס, געגרויכערט, באַטראַכט די פּלאַקאַטן איבער די פענסטער, די מענטשן אין קופּע, אָבער ער האָט זיי גאָר גוט נישט געזען. ער האָט אָנגעהויבן צו פייפן.

אין דמיון זיינעם איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. מיט אַן עקספּרעס-ווינדע איז ער אַרויפגעפאָרן אויף אַ העכסטן שטאָק פון די וואָלוואָרט-געביידעס, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן צו דער פּלאַטפאָרם און אַרויפגעקלעטערט אויפן ברוסטווער. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אונטן אויפן רויך, אויף די בריקן, וואָס זענען אָנגעצויגן איבער די וואַסערן, אויף די הייזער, די מענטשן, די אויטאָס; ער האָט לאַנגזאַם צעשפּרייט די הענט און איז אַראָפּגעשפּרונגען.

ער איז אַראָפּ פון זינען: ער האָט פּלוצלינג מיט אַ געשריי אַריס-געטון זיך פון אָרט, האָט געוואָרפן זיך אויף זיין שכן, גענומען אים שלאָגן, געוואָרפן אים אויף דער ערד, געקאָפּעט מיט די פיס, ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, געקרעכצט, געריסן זיך די קליידער פון לייב, און ווילד-משוגע אַנטלאָפן-געוואָרן פון דאַנען.

ער מאָרדעט. בעת זיין קרבן האָט אים געוויזן דעם רוקן, האָט ער גענומען אַ לאַנג גלאַנציק מעסער און אַריינגעזעצט אינם פלייש. ער האָט אים אַרויסגעצויגן, צוגעקוקט ווי דאָס בלוט טריפט, באַטראַכט דאָס בלוט אויפן מעסער און ווידעראַמאָל אַריינגעזעצט.

זיין קרבן האָט זיך געוואָרפן אין קראַמפן, געשריגן און איז געשטאָרבן.

עס האָט אים געגומען שווינדלען אין קאָפּ, אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן דרייען, זיין קאָפּ איז אַראָפּגעזונקען, און אין די שלייפן האָט ער דערפילט אַ שטעכיקן ווייטיק. ער האָט זיך אַ הויב-געטון, אָנגעשטרענגט די האַלז-מוסקולן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט: מאַ.

זיי האָבן זיך געפונען אונטער דער פינפטער עוועניו. דער צוג האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג. דער מאַן, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן דזשימען, האָט אַוועקגעוואָרפן זיין פּאַפּיראָס, אָנגעטראָטן אויף אים מיטן פוס, און האָט אָנגעהויבן צו גיין. דזשים איז אויפגעשטאַנען, זיך פעסט אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל און האָט געפרוּווט גיין. זיינע קני זענען געווען שוואַך, און דער קאָפּ איז אים כסדר אַראָפּגעזונקען. האַלטנדיק זיך פעסט אָן די לעדערנע רימענס, האָט ער זיך דערנענטערט צו דער טיר.

די טיר האָט זיך געעפנט. דער קאָנדוקטאָר האָט געוואָרנט: „פאָרזיכטיק". דזשים איז אויסגעשטיגן און איז געגאַנגען מיטן פעראָן. אַ צווייטער צוג איז אָפּגעפאָרן.

ביז צום צוג קיין איסט-ענד איז ווייניקסטנס דריי בלאָקן אונטער דער ערד. אַז ער וועט קומען אַהינצו, וועט ער דאַרפן וואַרטן. אונטער דער בריק, דורך דעם טונעל, פאַרביי די קווענס-באָראָ-ווינדעס, ביז צו דעם שילד, וואָס אויף איין זייט זיינער איז אָנגעשריבן „אונטערשטע שטאָט", און אויף דער צווייטער, — „אויבערשטע שטאָט".

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט זיך אָן אַ זייל, איינגעקוקט זיך אין שפּיגל פון דעם קיי-גומי-אויטאָמאַט. ער האָט דערזען צוויי געזיכטער, ביידע גרין; אונטער צוויי פּאָר אויגן טונקעלע קרייזן. אויסער דעם האָט ער אַלץ געזען טאָפּלט.

דאָס איז אַלץ זייער שיין, אָבער אויף אַזאַ שטייגער וועט ער אַהיים קיינמאָל נישט אָנקומען. אַביסל זעלבסטבאַהערשונג. ער האָט אַ וואָרף-געטון מיטן קאָפּ, אָפּגעשטויסן זיך פונם זייל און איז אַוועק ווייטער. די סטאַציע איז געווען וויסט, אַזוי, אַז קיינער וועט אים נישט זען, און אויסער דעם פייפט ער אויף זעם, צי מען וועט אים זען. יאָ, דאָס טוט ער טאַקע.

(געוויס. דער הער פייפט אויף דעם. אָבער ברענגט אים אַ קליין מיידל מיט שיינע ציצן און שוואַנקענדיקע היפטן, וועט ער תּיכּף געזונט-ווערן און מאַכן אַ פּאַרזוך זי מיטצונעמען).

הער מיך אויס, איך האָב געקאָנט גיין מיט עדי מיטשעל און טרעפן צוויי מיידלעך, מכּתּמא גרויסאַרטיקע מיידלעך, און איך האָב דאָס נישט געטון. איך גיי אַהיים, ווייל איך וויל גיין אַהיים.

(באַלד וועל איך דיר טאַקע גלויבן).

איצטער איז ער געווען אונטער דער בריק, איז אַריין אין טונעל. אויף איין זייט פון די רעלסן אַ הילצערנע פּאַרענטשע, אַ וועג אויסגעלייגט מיט ברעטער, צווישן די ברעטער שפּאַלטן, ער האָט געפּרוווט טרעטן אויף יעדן דריטן ברעט, אַ ווײַלע איז אים דאָס געלונגען, דערנאָך זענען געווען ברעטער פון אַן אַנדערער מאָס, און ער האָט געמוזט טרעטן אויף יעדן פערטן. ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער לעבט, האָט דאָס אין יעדן אויגנבליק געדענקט, און ער וועט דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. וואָס ער זאָל נישט טון, האָט ער אַלץ אין זינען, אַז איצט לעבט ער, און ווען-עס-איז וועט ער שוין דאָס נישט קאָנען טון.

(און אַזוי ווייטער ביז צום משוגעים-הויז).

אַפילו, ווען ער זאָל זיך שטאַרק באַמיען, קאָן ער דאָס נישט פאַרגעסן. אין אַלע קומענדיקע יאָרן, שפּעטער, ווען ער איז שוין געוואָרן מיושבדיק, און האָט אַ פיין מיידל געפונען, האָט חתונה-געהאַט, און ער זעט ווי די קינדער וואַקסן, וועט ער תּמיד...

גאָרנישט קיין קרומער געדאַנק, חתונה-האָבן, אָבער דערצו דאַרף ער געפינען אַ מיידל, וועלכע זאָל אים אַזוי געפעלן-ווערן, אַז ער זאָל בײַ זיך פולן שטענדיק צו זיין מיט איר, אַלע יאָרן, כּסדר, ביז ער וועט ווערן אַלט און שוואַך, קיינמאָל נישט צו קענען קיין אַנדערע, קיינמאָל נישט צו זיין אַליין, און נישט צו טון דאָס, וואָס אים וואָלט זיך געוואָלט.

נאָך איין וואָרט, און ער וועט אַרויספּלאַצן מיט אַ געוויין. אָרימענקער ע ר, נעבעך, וואָס דאגהט וועגן דעם, וואָס וועט זיין, טאָמער וועט אַ מיידל אים אַריינפּאַגגען. צעפּייניקט, פאַר-

זאָרגט און טרויעריק. קיינמאָל וועט ער קיין וואָרט נישט קאָנען זאָגן, קיינמאָל וועט ער נישט וויסן וועלכעס בעט איז זיינס, ער וועט האָסן דאָס אַהיימגיין אינאָווענט, און ער וועט טרינקען, בכדי צו פאַרגעסן זיך, נישט ווי איצטער פון פאַרגעניגן-וועגן.

דאָס בעסטע וואָלט פאַר אים געווען... אַ בריקע אין הינטן. עמיצער, וועלכער וואָלט אים באַפוילן: דאָס מוזסטו טון, און דאָס טאָרסטו נישט טון, און אַזויפיל-און-אַזויפיל מוזסטו אָפּ-שפּאָרן, אויב נישט קריגסטו אַ הייסע פּאָרציע שמיץ, וועלכע דו וועסט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער נויטיקט זיך אין אַ פערדישער קוראַציע; פאַר אים טויג נישט קיין מענטשלעכע באַהאַנדלונג, דאָס מאַכט אויף אים קיין שום איינדרוק נישט. עס האָט קיין שום זין נישט צו קומען צו עמיצן מיט שכל-אַרגומענטן, אויב יענער נעמט זיך נישט איבער מיט קיין שום שכלדיקע באַווייזן, אויב ער טוט אַ נדר און דערנאָך ברעכט ער אים, אויב ער איז אַפילו נישט אימשטאַנד צו באַהערשן זיך פון עמיצנס-וועגן, וועמען ער האָט ליב.

פון דער קעגנזעצלעכער ריכטונג איז דערשינען אַ געשטאַלט, אַ ווידערקול פון שריט איז געקומען פון די ווענט, פון באַלקן,— פּאָך, פּאָך; די געשטאַלט האָט אים נישט באַמערקט, איז צו-געקומען זייער נאָענט, פאַרבייגעגאַנגען. איצטער האָבן אָפּגעקלונגען די שריט הינטער אים, לכתחילה הילכיק, דערנאָך שטיל און שטילער, ביז זיי זענען אונטערגעגאַנגען אין דעם בריאַזגען פון אַ פאַרביי-פאָרנדיקן צוג. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַס פאַלט-איין איבער אים. עס איז דורכגעפאָרן אַ טראַמוואַי. פון זייער ווייט האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פון אַן אויטאָ. איצט איז ער געגאַנגען פאַרביי אַ ליידיקן צייטונגס-קיאָסק; רויטע, געלע און גרינע טאָוולען הינטער אַ פאַרקראַטעוועט פענסטער. די קווענס-באָראָ-ווינדע. באַדינט דורך אַ נעגער. אַ פאָרפאָלק איז געשטאַנען אין דער ווינדע. די פרוי האָט אַ מידע זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם מאַן. פון ערגעץ-ווו איז אָנגעקומען אַ צוג. מיט צעווייטיקטע פיס איז דזשים פאַרבייגעלאָפן פאַרביי די זיילן, אַ קוק-געטון אויפן זייגער, פאַרבייגעלאָפן פאַרביי דעם שילד „אונטערשטע שטאָט“, האָט זיך דורכגעטראָגן נעבן אַ סלופּ, אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ, און עס איז געווען נישט זיין צוג.

ער האָט געשפּרייזט גראָד-אויס פאַר זיך פון איין עק טראָן ביזן צווייטן, האָט זיך געזאָגט: וועט מיר ווער קומען אין וועג, וועט ער מוזן אָפּגיין אין דער זייט, אויב נישט וועל איך אים אַ שטויס-טון. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ בויג פון די טרעפּ צו באַטראַכטן ווי אַ מאַן מיט אַ פרוי גייען-אַרונטער, דער פּרויס פּיס האָבן זיך געזען פון אונטער דעם קלייד, און איבער די פּיס נאָך עפּעס, אָבער ער האָט נישט געוווּסט, וואָס. דער מאַן האָט באַמערקט זיין בליק, און דזשים איז אַוועקגעגאַנגען. דזשים האָט אים אויסגעמיטן, אָבער דער מאַן איז נישט געווען קיין אָנגעזעענער, ער האָט אויסגעזען ווי אַ שלעפּער, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן אין דער אונטערערד-באַן, און וואָס האָט מורא פאַר יעדן-איינציקן. דערנאָך האָט ער דערזען צוויי איטאַליענישע בחורים, וואָס זענען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער טרעפּ-מויער און האָבן נישט געקוקט אין דזשימס זייט. ער האָט געטאָפּעט שטאַרק אָן די שטיינער, בכדי זיי זאָלן אים דערהערן. זיי האָבן דערהערט, זענען אַראָפּ פון וועג, און ער איז פאַרבייגעגאַנגען, נישט שענקענדיק זיי קיין בליק. אַזוי דאַרף מען תמיד גיין, קיינעם נישט איבערבעטן, נעמען זיך, וואָס עס גלוסט זיך, און נישט אַרומקוקן זיך. (דו ביסט אַ פאַרשאָלטענער נאַר.) אָלרייט, אָלרייט, ער איז צו-פאַרמאַטערט אויף צו טראַכטן, סימסאָן מעג פאַרלאָזן זיין פּאַטעל. ער, דזשים, איז דער נייער דירעקטאָר. ער האָט הונדערט דאָלאַר די וואָך, אַ פרוי, אַן אויטאָ, און אַ קליינע וווינונג, פון וועלכער די פרוי ווייסט נישט און וווּהין ער לאָדט-איין אַ שיין מיידל און פאַרברענגט מיט איר זייער גוט. דעסי זאָל נאָר חתונה-האָבן און נישט פאַרשאַפן אים מער קיין עגמת-נפש. מיט אַלץ וואָס זי טענהט כסדר, איז זי גערעכט: ער איז אַ טויגעניכטס, אַ לויז, אָבער זאָל מען אים לאָזן לעבן אַזוי ווי ער וויל. חוץ דעם ווייסט זי, אַז די מוטער האָט זי אַפילו אַ העלפט נישט ליב ווי אים, הגם זי איז אַ פיל בעסערע פון אים.

אויב ער וואָלט געבעטן די מוטער צו פאַרמשכונען איר פאַרזיכערונג ביזן לעצטן סענט, וואָלט זי דאָס געטון. אגב, איז דאָס אַ גאַנץ גוטער געדאַנק, באַקומט ער די פּאָר הונדערטער, וועט ער קאָנען עפענען אַ לאָקאַל. אייניקע פריינט וועלן קומען

אויסטרינקען אָדער שפּילן איןביינדלעך. אין אַ נעבן־חדר אַ שלאָף־צימער, אָדער אפשר אַ וויגשטול, ווהין זיי וואָלטן געקאָנט אַרויס־גיין מיט זייערע פריינטינס. עס וואָלט נישט געוועזן קיין שום ריזיקע, מחמת נאָר פריינט וואָלטן געקומען, אַביסל לייכט פאַרדינט געלט, און די סומע, חעלכע די מוטער וואָלט אים אָנפאַרטרויט, וואָלט געווען זיכער, ווי אין אַ באַנק.

(כמאַ...)

אָלרייט. ער וועט דאָס נישט טון. עס האָט קיין שום זין נישט צוליב דעם צו קריגן זיך מיט איר. אָבער אַ גוטע אויס־פירבאַרע אידייע איז דאָס, און דערביי איז קיין שום ריזיקע נישט פאַראַן. דער מוטערס געלט איז דער מוטערס געלט. ער וועט דאָס נישט לאָזן אין שפּיל. אָבער אַ גוטער געדאַנק פאַר דער צוקונפט.

(שלאָג זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ. ביי דיר איז גאָרנישט נישט הייליק. עס איז נישטאָ קיין איינציקער, וועמען דו וואָלסט נישט באַשווינדלט, אַפילו די מוטער. אויב דו ווילסט האָבן פרידן, רו; אויב דו האָפסט, אַז עס קאָן נאָך מעגלעך זיין, דו זאָלסט ווערן אַ מענטש, טאָ ,פאַרגעס אָן דעמדאָזיקן געדאַנק, טראַכט נישט וועגן דיין מוטערס געלט. דאָס איז נישט פאַר דיר. ווי ווייניק דאָס איז, באַטייט עס פונדעסטוועגן פאַר איר דאָס לעבן. מיט אַזאַ זון, ווי זי האָט, וואָלט זי אָן דעם פיין אויסגעזען. ווי גאָט איז דיר ליב, פאַרגעס וועגן דעם.)

וואָס איז דאָ דער רעש? ער וועט דאָס געלט נישט נעמען. באמת נישט. די גאַנצע זאַך איז נאָר אַ שפּאַס. נאָר אַ גוטע אידייע. ער מעג דאָך טראַכטן וועגן דעם, אפשר נישט? לפּחות דאָס איז אים דאָך דערלויבט?

(אָט דיין טראַכטן איז דאָס טאַקע. דו פאַרמאָגסט נישט קיין איין ערלעכן גוטן געדאַנק. אָפטמאָל ביסטו געשטימט צו זיין גוט. אָבער אויב נאָר עס שטערט דיין הנאה, ביסטו גלייך גרייט אַלעמען מקריב־זיין, יאָ, אַפילו דיין מוטער.)

דער צוג איז אָנגעקומען, אָפּגעשטעלט זיך, די טירן האָבן זיך געעפנט. פּאַסאַזשירן זענען ווי פאַרגולמט געזעסן אויף די פּלעצער; זיי זענען געשלאָפן, די פּנימער באַדעקט מיט היט און טאַשן־טיכער, בכדי נישט געשטערט צו ווערן דורך דעם ליכט.

דזשים האָט אויסגעזוכט אַ ווינקל, איז אַראָפּגעזונקען, האָט געלאָזט שלאַבעריק די מוסקולן, דעם נאַקן, געלאָזט אַראָפּפאַלן די הענט. מען האָט פאַרמאַכט די טירן. דער צוג האָט זיך געגעבן אַ ריס און גענומען פאָרן.

אַנאַ. גאָט, ער האָט אָן איר פאַרגעסן. די שיינע, ווייכע, בלאָנדע אַנאַ, וועמען ער איז געפעלן-געוואָרן, וואָס האָט געקריגט זיך מיט איר שוועסטער, פאַר דעם, אַז ער זאָל מיט זיי פאַרבלייבן, וואָס האָט צוליב אים געזאָגט ליגן דעם סענאַטאָר. האָט ער איר אַדרעס? ער האָט געזוכט אין דער בוזים-קעשענע, האָט אַרויסגענומען אייניקע בריוו, אַ רעקלאַמע-בויגן, לעש-פאַפּיר, אַ פאָסט-קאַרטל מיט דער מוטערס פאָטאָגראַפיע, געמאַכט אין קוני איסלאַנד, ער האָט אַלץ זאָרגפעליק דורכגעקוקט. ווו איז אַנאַס אַדרעס? ער דערמאָנט זיך, אַז זי האָט געזאָגט: קלינגט מיר אָן. ווו, צום טייוול, איז איר טעלעפאָן-נומער? אַנאַ.

ער האָט אים נישט. ער האָט געזוכט אין אַלע קעשענעס, ווידעראַמאָל אַרויסגענומען זיין געלט, געזען, אַז די פערציק סענט זענען פאַראַן, און האָט חשק-געהאַט אַ שליידער צו טון זיי אויף דער פאָדלאָגע. אפשר האָט זי אים דעם נומער געזאָגט? ניין, זי האָט דאָס נישט געטון. ער וועט זי שוין מער נישט זען. נישט ביי פאַדי, ווייל זי וועט אַהינצו געוויס שוין מער נישט קומען. אויסער דעם, וווינט זי אין פילאַדעלפיע, און נאָך אַזאַ נאַכט, ווי די היינטיקע, וועט מען זי אַוודאי צוריקשיקן.

דאָס איז אַ מיידל, וואָס מען מעג זיך אין איר פאַרליבן. זי באַקענט זיך מיט אים, ווייסט וועגן אים קיין שום זאַך נישט, אויסער דעם, אַז ער געפעלט איר, און זי איז גרייט צו שטיין שטאָל-און-אייזן פאַר אים, צו געבן אים אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, אַפילו איר געלט. קיין האָר נישט ענלעך אויף אַזאַ לייזיקע צויג, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן העלען. אַן ערלעכע פשוטע דו—ביסט—דו—און—איך—בין—איך—און—לאָמיר—פריינט—זיין—מיידל.

אַ שטיק שלים-מזל ער איז, וואָס ער האָט דאָס פאַרלוירן. ווי קאָן מען איצטער זוכן אַ מיידל, וועלכע ער האָט קוים געזען? שרייען אויף גאַנץ ניו-יאָרק: איך וויל מיין אַנאַ. זי איז אַ וווויל מיידל, און איך מוז זי ווידער זען.

קיינמאָל וועט נישט זיין קיין ווירקלעכע געלעגנהייט אַנ-

צוהייבן אַלץ פונדאָסניי. קיינמאָל וועט ער נישט קאָנען זאָגן, אַז זיינע פריערדיקע פּעלערן זענען אויסגעשטראָכן, ער וועט פּרוּוון אַלץ מאַכן בעסער, צו האַנדלען ווי אַ מענטש. וועט ער וועלן זוכן אַ נייע שטעלע, האָט ער זייער שלעכטע רעפערענצן. פּאָדערט ער אַ לוין-העכערונג, האָט ער אין דער לעצטער צייט שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט די אַרבעט. ער וויל ווערן רייזנדער, קאָן ער עס נישט, ווייל ער האָט גאָרנישט נישט אָפּגעשפּאָרט. און אַז ער האָט סוף-כּל-סוף באַקענט זיך מיט אַ מיידל, איז ער געווען שיכּור, האָט מיאוס זיך אויפגעפירט, אָדער מען האָט אים אַרויסגעוואָרפן פונם אויטאָ, און ער האָט אַפילו נישט געפרעגט איר טעלעפאָן-נומער.

דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס בעת עס פּאַסירן די זאַכן, וועלכע מאַכן אַ תּל מיט זיין צוקונפט, הייבט ער גאָרנישט אָן צו פאַרטראַכטן זיך. נאָר תּמיד טוט ער דאָס לאחר-המעשה, און דעמאָלסט גלויבט ער, אַז ווי נאָר עס וועט אונטערקומען אַ געלעגנהייט, וועט ער אַלץ פאַריכטן, און אַז די געלעגנהייט איז פאַראַן, פייפט ער אויף דעם.

ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער וועט נישט בעסער-ווערן. יאָ, מיט פערציק סענט אין דער קעשענע, נאָך פיר דעם זייגער פאַרטאָג, מיט אַ חלשותדיקן טעם אין מויל און אינגאַנצן פאַר-טעמפּט, — וואָלט אים אָבער עמיצער געגעבן פופציק דאָלאַר און אַ מיידל וואָלט אָפּגערעדט צו טרעפן זיך, וואָלט אַלץ ווידער אַוועק כאָדאָראַם.

(ניין, אַזוי שלעכט איז דאָס נישט. דו האָסט פון די מיידלעך, וועלכע עדי האָט דיר פאַרגעלייגט, זיך אָפּגעזאָגט. און דו האָסט דער מוטער די צען דאָלאַר געגעבן. און דו האָסט אַנאַס געלט נישט גענומען, ווען זי האָט דיר עס אָנגעבאָטן.)

און דו האָסט קיין שום באַנק נישט באַרויבט, און קיינעמס באָבע נישט פאַרגוואַלטיקט, און אַ צוויי-יאָריק קינד אין געזיכט נישט געשלאָגן. אַ שיינע טרייסט.

דער ריכטער פרעגט: האָט ער געלט אין דער באַנק.

ניין, ענטפערט דזשים, אָבער...

קיין שום אָבער, זאָגט דער ריכטער. ווייטער.

די מוטער איז געשטאַנען הינטער דעם ריכטער, געקליידעט

אין ווייסן, מיט אַ גאָלדענעם באַנד אַרום דער טאַליע. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דעם ריכטער און אים עטוואָס געשושקעט אין אויער. איבער דעם ריכטערס פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ שמייכל, און דזשים איז געוואָרן אין כּעס צוליב זיין אַזאַ לייכטער באַציִונג. ער האָט געוואָלט עטוואָס זאָגן, אָבער זיין מויל איז געווען פֿאַרמאַכט און, אייגנטלעך, איז אים דאָס ווייניקוואָס אָנגעגאַנגען.

זיין פֿאַרטיידיקער האָט זיך זייער אויפֿגערעגט: איך פּראָטעסטיר, האָט ער געזאָגט. דאָ איז אַ געריכטס-זאַל, נישט קיין וווּין-צימער. אַלע שעפּטשען זיך און שמייכלען, מען קאָן מיינען, אַז מען איז געקומען אַהערצו פֿאַרווייַלן זיך. מיר מוזן איבערגיין צום ענין.

איך האָב נישט געשעפּטשעט, האָט דערקלערט די מוטער, איך האָב נאָר וואָס געזאָגט.

ווער צום טייוול פֿירט דעם פּאָרזיץ? האָט געפֿרעגט דער ריכטער, איר אָדער איך? ווייסט איר וואָס עס קומט פֿאַר גרינגשעצן דאָס געריכט?

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. די מוטער מיטן ריכטער האָבן זיך אַרומגענומען און געטאַנצט. אַנדי האָט געבראַכט משקה. אַלע אויסער דזשימען האָבן געקראָגן עטוואָס צום טרינקען. מען האָט דאָס געקאָנט פּאָרויסזען, האָט דערקלערט דער פֿאַרטיידיקער, מען ווייס דאָך נישט, צי איר זענט שולדיק אָדער נישט. נאָר פֿאַרלאָזט זיך שוין אויף מיר, איך וועל אַלץ ברענגען אין אָרדענונג.

איר וועט קיין שום זאַך נישט ברענגען אין אָרדענונג, האָט דזשים געענטפֿערט. אַ שייגער אַדוואָקאַט זענט איר. איר מיינט, עס שפּילט ביי מיר אַ ראָלע, צו געבן אייך אַ כּמאַליע אין פּרצוף.

איר און ווער נאָך?

טאַקע איך אַליין. און בכדי צו באַווייזן אייך.

אָבער זיין פֿויסט האָט נישט געוואָלט שלאָגן, זיינע מוסקולן האָבן זיך נישט געוואָלט אָנשטייפֿן, און דער פֿאַרטיידיקער האָט געלאַכט. איר זענט אַלע דיזעלביקע. מען וויל אייך העלפֿן, דאַנקט איר אַזוי אָפּ. איך האָף, אַז די תּפֿיסה וועט אייך געפֿעלן זיין.

די מוטער מיטן ריכטער האָבן פֿאַרבייגעטאַנצט. זיי האָבן

שטאַרק געטוליעט זיך איינע צו דעם אַנדערן, און די מוטער האָט אויסגעזען שיין. דזשים האָט געוואָלט אַ קלאַפּ-טון דעם ריכטער איבער דער פּלייצע, אָבער די מוטער האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט געזאָגט: לאָז מיך מיט אים טאַנצן, וועל איך דיך שוין אַרויסקריגן אויף דער פריי. דזשים האָט נישט געוואָלט ווערן פריי, ער האָט געוואָלט טאַנצן מיט דער מוטער, נאָר זי מיטן ריכטער זענען שוין געווען ווייט.

צוויי פּאָליציאַנטן האָבן באַנאַנד געטאַנצט, און האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען ווילדע יאַטן. צוויי נאַקעטע מיידלעך זענען פאַרבייגעגאַנגען. נאָר אַז דזשים האָט זיך באַמיט צו זען מער, ווי זייערע טאַליעס, זענען זיי צערונען געוואָרן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט קיין שיך נישט אויף די פיס. זעלבסטפאַרשטענדלעך, קאָן ער אַזוי נישט טאַנצן. ער פרעגט דעם אַדוואָקאַט: האָט איר געזען, ווו איך האָב אַוועקגעשטעלט מיינע שיך? ניין, האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט, נאָר איך וועל דאָס שוין ברענגען אין אָרדענונג, און ער איז לויפנדיק פאַרשוווּנדן צווישן דעם עולם.

דזשים איז געשטאַנען ביי דער בזכּהאַנדלונג צווישן דער פינפטער עוועניו און צוויי-און-פערציקסטער סטריט. ער האָט זיך אָנגעלענט אָן די שטיינערנע לייבן און איז נאָך אַלץ געווען באָרוועס. אַ מיידל איז פאַרבייגעגאַנגען. ער האָט געטראַכט: איך שלאָף, מעג איך דאָך טון, וואָס איך וויל. וועט דאָס מיידל רופן פּאָליציי, וועל איך אויפוואַכן. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן מיידל און געשריגן: גיב מיר אָפּ דיינע שיך, ער האָט געוואָלט זיי צונעמען אָבער קיין שום מיידל איז גאָר דאָ נישט געווען. פרויען זענען פאַרבייגעגאַנגען, און נאָך יעדערער איז ער נאָכגעלאָפן. ער האָט באַשלאָסן צו גיין אין אַ האָטעל און אַריינרייסן זיך אין עטלעכע צימערן. וועט מען מיך אַרעסטירן, שלאָף איך. ער איז געפאָרן מיט אַן עלעגאַנטער ווינדע, איז אויסגעשטיגן אויף אַ שטאָק, געגאַנגען פון איין צימער אין דעם אַנדערן, געפונען פרויען, נאָר נישט קיין שיך. אים איז דאָס נמאס געוואָרן, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק.

און ער האָט קיין שום עצה נישט: פאַרשטעלט ער מיט די הענט די באָרוועסע פיס, קאָנען מענטשן זען די פרישטשעס אויף זיין געזיכט, און פאַרשטעלט ער דאָס געזיכט, פרעגן זיי, ווו

האָט איר אַהינגעטון אייערע שיך? ער האָט זיך צונויפגעקוידערט אויף דער באַנק; דאָס געזיכט פאַרדעקט מיט די קני, און מיט די הענט האָט ער פאַרשטעלט די נאַקעטע פיס. קיינער קאָן אים שוין נישט זען. דאָס איז נישט געווען קיין באַקוועמע לאַגע, נאָר אים האָט דאָס נישט געאַרט.

ער האָט אַנטדעקט, אַז ער קאָן די פינגער נישט באַפרייען, נישט אויסשטרעקן. ער האָט גענומען מאַטערן זיך דאָס צו טון, און האָט דערפילט אַ לייכטן עלעקטרישן ציטער, וואָס איז געוואָרן ווייטער שטאַרקער. פריער איז עס געווען אָנגענעם, דערנאָך האָט וויי-געטון. ער האָט געוואָלט באַפרייען זיך, צונעמען די הענט, באַוועגן מיט די פינגער פון די פיס, אַרויסרייסן זיך פון דעם עלעקטרישן קראַמף. ער האָט נישט געקאָנט. ער ברענט. אין דער נאָענטסטער רגע וועט ער שטאַרבן. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע מוסקולן, אַ ריס, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

דער צוג איז געשטאַנען. די ליכטער זענען געווען פאַרלאָשן. נאָר איינציקע לעמפּלעך האָבן געברענט אין עק פון יעדן קופּע: פּאַסאַזשירן האָבן זיך אויפגעשטעלט און זענען געגאַנגען צו דער טיר. איין מאַן האָט געזאָגט: „אַ רעכטע צייט פאַר פּאַרקער-שטערונגען". דזשים האָט זיך אַוועקגעשטעלט, זיך בעצויגן, ווידער זיך אַוועקגעזעצט און געפּרוּווט איינצושלאָפן.

אַ שיכּור האָט גערעדט צו די פּאַסאַזשירן:

„מיר האָבן צו-פיל פּאָליטיקער", האָט ער דערקלערט נישט גאָר פעסט שטייענדיק אויף די פיס. „אונז זענען נויטיק זעלנער. מיר זענען נישט גענוג שטרענג. צופיל מאָרדן בלייבן ביי אונז אומבאַשטראָפט. מיר דאַרפן האָבן דאָס געזעץ. און יעדערער מוז פאָלגן, אויב נישט זאָל ער גיין צו אַלדי שוואַרץ-יאָר".

דער שיכּור האָט זיך געוואַקלט. „זעצט זיך", האָט עמיצער געשריגן, „איר וועט איבערקערן דאָס שיפל".

„זאָרגט זיך נישט וועגן מיר", האָט געענטפערט דער שיכּור. „טראַכט וועגן דער רעפּובליק. מיר וועט גאָרנישט נישט געשען. אָבער אונז? ווילן מיר דען, אַז פרעמדע באַציעס זאָלן אונז דיקטירן? זאָל אונזער גרויס לאַנד...?" דער צוג האָט זיך אַ רוק-געטון און גענומען פאָרן, די ליכטער האָבן אויפגעפלאַמט, און דער שיכּור איז אַוועקגעפאַלן אויף זיין פּלאַץ. אַלע זענען

געוועו וואַך און האָבן געלאַכט. דער שיכּור האָט געפּרוּווט ווידער אויפשטעלן זיך, און ער האָט נישט געקאָנט, ער האָט געפּרוּווט רעדן, אָבער די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלז. ער האָט פאַרמאַכט דאָס מויל און די אויגן, און דערנאָך איז זיין קאָפּ אַראָפּגעזונקען.

דער מאַן, וועלכער איז געזעסן נעבן דזשימען, האָט גערעדט מיט אַ צווייטן:

„זאָל איך איצטער אויפשטיין און די מענטשן פון וואַגאָן מיטטיילן, אַז עס איז באַגאַנגען-געוואָרן אַ גרויזאַם פאַרברעכן, אַ שוידערלעכע אומגערעכטיקייט. שטעלט אייך פאָר, אַז איך וועל פלוצלינג אויף דער גאַס אָדער אין טעאַטער אַרויסשפּרינגען און שרייען: קוקט נישט אויף דער בינע, קוקט אויף מיר. איך וועל אייך דערציילן אַ זאַך, וואָס וואַרפט-אָן אַ גרויל. וואָס פאַר אַן אומגערעכטיקייט, וואָס פאַראַ פאַרברעכן, וואָס פאַר אַ גרויל; די מענטשן וואָלטן דאָס נישט געוווּסט. זיי וואָלטן אַ ווײַלע מיך אויסגעהערט, ווייל זיי וועלן אַלץ אויסהערן, און דער-נאָך וואָלטן זיי דערהערט דעם נאָמען סאַקאָ, דעם נאָמען וואַנזעטי, און וואָלטן זיך אָפּגעקערט. אָך אַזוי, וועגן דעם ווייסן מיר גראָד. דידאָזיקע צוויי, וואָס זענען פאַרברעכט-געוואָרן. מיר האָבן וועגן דעם געלייענט אין די צייטונגען. אייניקע האָבן זיך באַמיט זיי בײַדן צו ראַטעווען, אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז זיי זענען געווען שולדיק. וועמען איז דאָס נוגע?"

דעם מאַנס שטים איז געוואָרן הילכיקער.

זוכט-אויס אַ וועג, ווי אַזוי צו די מענטשן צוצוקומען. פּרוּווט זיי אויף אַ וואָסערן-נישט-איז אופן פאַנאַנדערצוטרייסלען. ווערטער זענען פאַר זיי גאָרנישט, ווערטער זענען אַלט און אָפּגענוצט, מען האָט זיי צו-אָפט געברויכט. אַ פאַלשער שיד-אורטייל בײַ אַ באָקסן-קאַמף איז אַן אומגערעכטיקייט. אַ רויבער, וועלכער דערשיסט אַ בוימלדיקן בוטלעגער באַגייט אַ פאַרברעכן. צו טראָגן אַ שטרוי-ענעם הוט נאָכן פופצטן סעפּטעמבער איז שוידערהאַפט. זייט מאָנאַטן האָבן די צייטונגען געשריגן צו די מענטשן מיט קידוש-לבנה-שורות. זיי האָבן עס דורכגעלייענט און געגאַנגען ווייטער. פּונקט אַזעלכע קידוש-לבנה-שורות זענען געווידמעט אויך אַנדערע געשעענישן. אַ נקבה שאַנטאַזשירט איר

עליבטן. די צייטונגען ליארעמען. אַ בוכהאַלטער פאַרכאַפּט באַנק־געלטער. קידוש־לבנה־שורות. צוויי מענער ווערן דערפירט צום טויט, צוליב אַ שפּיל מיט געצייכנטע קאָרטן. שרייאיקע קעפּלעך. שטענדיק דאָסזעלביקע. די ספּאָרטרובריק אין דער צייטונג איז אינטערעסאַנטער, די הומאָריסטישע אָפּטיילונג לעבעדיקער. צו וואָס לייענען דאָס, וואָס אונטער די שרייאיקע קעפּלעך?

צוליב וואָס לייענען צייטונגען? צוליב וואָס די געפילן און איבערלעבונגען? צוליב וואָס זיין באַהאַלטן אין דער גרויסער וועלט? איז מען אויפגעבראַכט, לאַכן איינע די אַנדערע אויס, — דינגט זיך אַ זאַל אויף צו האַלטן דרשות. איבערצייגט מען זיי, חוזקן זיי נאָך שטאַרקער אויס. ווען גייט דאָס אַלץ אָן?"

אויסגעפינען וואָס אַזוינס, וואָס זאָל די מענטשן אויפטרייסלען, וואָס זאָל זיי קלאָר־מאַכן דעם זין פון די ווערטער. רעדן מיט זיי אַזוי, אַז זיי זאָלן דאָס פאַרשטיין. טון עפּעס."

דער שיכור האָט זיך אויפגעשטעלט, געוויזן מיטן פינגער אויף די צוויי מענער און האָט געשריגן:

„נו, ווייטער, זאָגט עפּעס. מיר איז שוין נמאס־געוואָרן צו הערן רק וועגן די צוויי חברהלייט. דערקלערט, וואָס איר האָט צו זאָגן. אָט זענען מיר, מיר הערן אייך, מיר פאַרשטייען נישט, אָט די גאַנצע מאַשינעריע. איר, ווייזט־אויס, ווייסט יאָ. איצטער האָט איר אַ געלעגנהייט. רעדט".

אַלע אין קופּע האָבן געלאַכט. עמיצער האָט אַ פייף־געטון, אַ צווייטער האָט אָנגעהויבן צו רעדן. „לאָזט זיי רעדן", האָט געשריגן דער שיכור. עמיצער האָט אויסגעשריגן: „זאָלן זיי האַלטן אַ רעדע".

די ביידע מענער, זייער בלייכע, האָבן זיך אויפגעהויבן, געגאַנגען צו דער טיר, געעפנט זי און איבערגעגאַנגען אין אַ צווייטן קופּע.

„קוואַטש", האָט געברומט דער שיכור.

מען האָט אים אַפּלאָדירט: „זיי בלאָזן און בלאָזן, און דערנאָך פעלט זיי אויס פּאַרע".

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער הונדערט־און־דריטער סטריט און איז געפאָרן ווייטער. דזשים האָט באַגערט, עס זאָל זיין שטילער. אַנאַ, ווו איז זי? ליבע, ווייכע אַנאַ. וואָס

טוט זי איצטער? טראַכט זי וועגן אים? שיינע אַנאַ. אַנאַ אין שפּעקייזי, אַנאַ, וועלכע טרינקט, לאַכט, קריגט זיך מיט דער שוועסטער, אַנאַ אין אויטאָ אַ קושנדיקע, אַ ליבנדיקע.

סאַקאָ און וואַנזעטי זענען געווען צוויי יונגען, וואָס האָבן געליבט זיין אַנאַ. סאַקאָ און וואַנזעטי דאַרפן אין קינאָ נישט געוויזן-ווערן. מען האָט זיי געטויט פאַר דערמאָרדן דעם קאַסירער. זיי זענען געווען שולדיק. דער ריכטער האָט זיי נישט געוואָלט פּריישפּרעכן. סאַקאָ און וואַנזעטי זענען געווען זאַנפט. זיי זענען געווען צו-גוט פאַר אָט דער וועלט, זיי זענען פאַראורטיילט דורך אַן אומריין שפּיל, זיי זענען געשטאָרבן אויפן עלעקטרישן שטול, זיי זענען אין הימל אָדער אין גיהינום. זיי זענען געווען שרייאיקע קעפּלעך. סאַקאָ און וואַנזעטי האָבן אַ פליג אויף דער וואַנט נישט אָנגערירט. זיי זענען געווען אַ פיש-הענדלער און אַ שוסטער. פון וואַנזעטין האָט זיך געשפּירט פיש, און סאַקאָ האָט געניצט שיך, דער אויבערשטער ריכטער פון דעם העכסטן געריכט אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט זיי נישט געוואָלט פריילאָזן. זיי זענען געווען שולדיק ווי דער שטן. עס האָבן זיך געטון מעשים. אין אַרגענטינע, אין פּאַריז און אין ניו-יאָרק, ווו אויפן יוניאָן-סקוועער האָט אַ פּאָליציאַנט געשלאָגן מיט אַ גומי-קישקע איבערן קאָפּ אַ קליין מיידל, וועלכע הייסט דזשעני, און דער דאָקטאָר האָט איר געמאַכט דריי נעט. דער סענאַטאָר האָט געזאָגט, זיי זענען שולדיק, און מען האָט זיי געמוזט אויף יעדן פאַל טויטן. דער רעפּאָרטער האָט געזאָגט, זיי זענען אומשולדיק, און דאָס איז מאָרד. דער שאָפער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט מיט פאַרגעניגן פאַר זיי אָפּגעגעבן דאָס לעבן. מען האָט זיי פאַר-ברענט און באַגראָבן, זיי זענען טויט.

מען מוז עפּעס טון. ער וועט גיין קיין באָסטאָן און פרעגן, וואָס צום טייוול איז זיי איינגעפאַלן צו טויטן צוויי מענטשן, וואָס האָבן נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט? גיין צום גובערנאַטאָר און זאָגן אים: „איר זענט אפשר אַ בראַווער יונג און זייער אַ קלוגער, אָבער דאָך ווייסט איר נאָך נישט אַלץ, און אויב אַזוי פיל מענטשן זענען איבערצייגט, אַז די צוויי האָבן דאָס נישט געטון, איז פאַרוואָס זאָלט איר זיי נישט איבערלאָזן קיין שאַנס?” דער גובערנאַטאָר וואָלט געענטפערט: „גייט צום

טייוול, אויב איר ווילט נישט, איך זאָל רופן אַ פּאָליציאַנט". „גוט, רופט אייער פאַרשאָלטענעם מענטש. דאָ זענען מענטשן, וועלכע וואָלטן פאַר סאַקאָ און וואַנזעטין אָפּגעגעבן דאָס לעבן, און אַזעלכע שרעקן זיך נישט פאַר אַ לייזיקן מענטש".

מען מוז דעם גובערנאַטאָר אָנרופן הינטישער זון און ליגנער, און טאַקע אים גוט אַריינזאָגן. אפשר שלאָגן זיך מיט אים, אָדער דערפירן די זאַך צום געריכט. זאָל ער עמיצן אָנקלאָגן. און דערנאָך שטיין פאַרן ריכטער און דערקלערן: „אפשר ווייס איך נישט אַלץ וועגן דעמדאָזיקן ענין, אָבער אַזוי פיל מענטשן האַלטן, אַז דיביידע זענען אומשולדיק, טאָ פאַרוואָס לאָזט איר זיי נישט איבער קיין איין-איינציקן שאַנס? פאַרוואָס פאַרמשפּט איר זיי נישט צו לעבנסלענגלעכער תפיסה, און טאָמער וועט דערנאָך עמיצער קומען און דערווייזן, אַז זיי האָבן דאָס נישט געטון, וועט נישט זיין צו-שפּעט מודה צו זיין זיך, אַז איר האָט געהאַט אַ טעות?"

נאָר ניין. דער גובערנאַטאָר איז אַ כיטרער יונג. ער וויל זיך באַוואָרענען, אַז אים זאָל קיינמאָל נישט אויסקומען מודה צו זיין זיך אין אַ טעות. מחמת דעם טויט ער דידאָזיקע צוויי, און אויף אַזאַ אופן פאַרבלייבט ער אויף תמיד דער גערעכטער. קוים זענען שוין די ביידע טויט, וועט מען זיך שוין מער נישט ברעכן דעם קאָפּ, צי זיי האָבן דאָס געטון, צי זיי האָבן דאָס נישט געטון. מענטשן וועלן פאַרגעסן אָן דער גאַנצער געשיכטע, און דער גובערנאַטאָר וועט אויף תמיד פאַרבלייבן דער גערעכטער. יאָ, אַזוי איז עס.

סוף-כל-סוף איז נישטאָ קיין שום גרונט אַזוי אויפצורעגן זיך. יעדן טאָג קומען-אום מענטשן, און קיינער רעדט קיין וואָרט נישט. דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער נאַר, אייזשען, איז אַריינגעטראָטן אין מיליטער, מחמת ער האָט נישט געוווּסט, וווּ אַהינצוטון זיך, און אינמיטן דערינען איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ קריג, און דערנאָך איז ער מיטאַמאָל געוואָרן טויט, און קיינער האָט גאָרנישט נישט געהאַט דאַקעגן. די צייטונגען האָבן קיין איין וואָרט נישט געשריבן. אין קריג זענען אומגעקומען מיליאָנען אַזעלכע אומגליקלעכע טיפּשים ווי אייזשען, און קיינמאָל האָט אין אַן אונטערערדבאַן קיין שום שיכור אַפילו נישט געמאַכט וועגן דעם קיין גע-

פריי. עס איז אמת זייער שלעכט, וואָס די צוויי זענען אומגע־בראַכט־געוואָרן, אין פאַל, ווען זיי זענען אומשולדיק, אָבער איי־ניקע מענטשן טענהן, אַז זיי האָבן דאָס יאָ געטון, און אין סך־הכל איז עס אַ קליינע נפקא־מינא. נישט געקוקט אויף דעם, וועט ער מאָרגן גיין אין ביוראָ און וועט מוזן חנפענען סימסאָנען, אַז ער איז אַ גרויסער מענטש, און וואָלט מען זיי פרייגעשפּראַכן, וואָלט ער געמוזט טון פונקט דאָסזעלבע.

עס זענען פאַראַנען אַנגענעמערע זאַכן, וועגן וואָס צו טראַכטן. למשל אַנאַ, וואָס ער וועט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, און וועגן דעם, אַז ער וועט מאָרגן אַריינקומען אין קאַוואַרניע, באַשטעלן ביי העלען אַ גרויסן צובייסן, פונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט פּאַסירט, און דערנאָך אַוועקגיין און נישט איבער־לאָזן איר קיין גראָשן טרינק־געלט. ביי גאָט, ער וועט דאָס טון טאָג־איין טאָג־אויס, ביז איר וועט דאָס אַזוי נמאס ווערן, אַז זי וועט וואַרפן דעם פּאָסטן. ער וועט נאָר זיצן און קוקן אויף אירע בריסט־נאָפּלען, און וועט זי אים נאָר איין וואָרט זאָגן, וועט ער גיין צו דעם גריך און מעלדן אים: דידאָזיקע לייזיקע קעלנערין ווערט כסדר חוצפּהדיקער, און וועט זי נישט ענדערן איר באַנעמען זיך, וועט ער מוזן זוכן אַן אַנדערע קאַוויאַרניע. נאָר זיצן און עסן און גאַפן אויף אירע בריסט־נאָפּלען, ביז ער וועט זי דערברענגען צו משוגעת.

אָט וועט ער דאָס הנאה־האָבן. יעדן טאָג ביי דער אַרבעט קומט־אויס צו קריכן פאַר סימסאָנען און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען גלויבט, אַז ער איז דאָס זאַלץ פון דער וועלט, דערפאַר וועט ער בעת דער פויזע פון דער אַרבעט אַזוי באַהאַנדלען העלען, אַז זי וועט שפּרינגען פון דער הויט. קיינמאָל נישט קיין פערזענלעכער בליק, קיינמאָל נישט קיין גוטן־טאָג, קיינמאָל נישט קיין טרינק־געלט. נאָר קאַלט: ברענגט מיר דאָס, ברענגט מיר יענץ, זייער העפלעך, דער בליק געווענדעט צו אירע בריסטן.

אין דעם פאַרוויכערטן פּאַפּיראָס האָט ער דערפילט אַ טעם, דער קאָפּ־ווייטיק האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט. ער איז שוין נישט געווען פאַרשלאָפן. ער וואָלט געוואָלט, עס זאָל שוין זיין אַכט אַ זייגער, און ער זאָל דאָס איצטער פאָרן אין ביוראָ, — וואָלט דאָס טרעפן זיך מיט העלען געווען נעענטער. זי וועט

היינט פון דעם טרינקען, פוגם אויטאָ, און פון די מחזקות מיטן בחור, וואָס האָט זי באַגלייט אַהיים, זיין פאַרשלאָפן. אַז זי וועט דערזען דזשימען אַריינקומען אין קאַוויאַרניע, וועט זי גרייטן זיך צו אַן איידעלן שטרייט; אָבער ער וועט מיט אַ ליבנסווירדיקער מינע זיצן אויפן הויכן שטול, וועט עסן פוטערשניטן, וועט באַשטעלן קאַווע און נישט ענטפערן מיט קיין איינציק וואָרט, און וועט נאָר באַטראַכטן אירע רונדיקע טיילן.

אפשר וועט זי היינט נאָך נישט באַגרייפן, וווהין ער צילט. נו מילא, עס איז דאָ צייט. ער קאָן זי דעם גאַנצן זומער ערגערן. ער וועט אַפילו פלייסיקער אַרבעטן אין ביוראָ, בכדי נישט צו פאַרלירן דעם פּאָסטן און נישט זיין געצווונגען איבערצורייסן דעם שפּאַס מיט העלען. פאַר דעם לייזיקן אָונט וועט ער איר שוין אָפּצאָלן.

אויסער דעם מוז ער אַלץ בעסער איינאָרדענען. מען מוז אויפהערן אַזוי אויף בלינד גיין מיט מיידלעך, וועלכע ער קען גאַנץ ווייניק. ער וועט מיטן מיידל אַלץ אָפּרעדן פריער. אַזוי-און-אַזוי, איך בין גרייט מיט דיר צו גיין, דיר די שטאָט ווייזן, דיר עטוואָס געבן צו טרינקען, נאָר וואָס וועל איך האָבן דערפאַר? אַזעלכע פרימאָרגנס ווי דער היינטיקער טאָרן זיך מער נישט איבערחזרן. אַ וואָך שכירות איז פּיו-איט, און אַלץ, וואָס ער האָט פון דעם, איז קאָפּ-ווייטיק און די פּערספּעקטיוו פון אַ מידן טאָג.

אַלץ וועט פון פּאָרויס מוזן רעגולירט-ווערן אויף געשעפטלעכע יסודות, אָן שטעך-ווערטלעך און באַליידיקונגען. איך גיי מיט דיר, נישט מחמת דו גלויבסט, אַז איך בין אַ ווילער בחור, אָדער, ווייל איך וויל מיט דיר חתונה-האָבן. איך גיי מיט דיר נאָר צוליב אַ געוויסער זאַך. דו דאַרפסט פאַרברענגען אַזוי גוט, ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך, איך וועל זיין זייער איידל, זייער גוט טאַנצן, שמייכלען צו דיר, וויפל דו וועסט נאָר וועלן, אָבער... ביסטו צום האָבן?

(דו מוזסט אַוודאי מיינען, אַז דו קויפסט גרויפן. נאַט אייך אַ דאָלאַר, ביט מיר אַ פונט ציבעלע, אַ פונט פלייש צי צוויי פונט ברויט. אַ שיין פּנים וועסטו האָבן, אויב דו וועסט אַזוי רעדן מיט אַ מיידל. דו וועסט ביי איר אַ כּך פועלן. זי וועט דיר אָנלאַכן אַ פול פּנים, אָדער אַראָפּלאָזן אַ פּראַסק.

און אויב דאָס אַרויסגיין אינאָוונט דערוועקט נישט ביי דיר קיין שום בעסערע געדאַנקען, דאַרפסטו איבערהויפּט זיצן אין שטוב).

ריכטיק. איבעריקנס זענען די געדאַנקען פון פּאַרטאָג אַזוי אויך גאָרנישט נישט ווערט, און אַוודאי שוין געדאַנקען, וועלכע פּיקן זיך אויס נאָך אַזאַ נאַכט. קודם-כל, דאַרף מען שלאָפן, לאַנג שלאָפן. לפּחות אַכט שעה, און דערנאָך גיין אין ביוראָ, זיך דאָרטן אייסגעצייכנט פילן, לייסטן פיל אַרבעט, אַזויפיל אַרבעט, אַז די סמאָן זאָל בלייבן געפּלעפט ווי אַ שטיין.

אָנאַ, ווער איז זי? מיט אַזאַ מיידל, מיט אַזאַ חברטע...

(פּונקט ווי אין אַ ליד...)

וואָס אָבער וויל ער פון זיך האָבן? פאַרוואָס מישט ער זיך שטענדיק אומעטום אַריין? אויב אים געפעלט נישט דער שטייגער, ווי ער טוט אַלץ אַפּ, איז הלמאי זאָגט ער נישט, ווי ער וואָלט דאָס באַדאַרפט בעסער מאַכן? אויב ער וויל נישט, ער זאָל יעדן אָוונט אַוועקגיין, הלמאי ווייזט ער אים נישט אָן, וואָס זאָל ער אַנדערש טון, ווו זאָל ער אַהינטון די פרייע צייט? וואָס, צו אַלדי-רוחות, זאָל ער טון? גיין אויף אָוונט-קורסן?

אויב ער איז אַ געמיינער יונג, איז הלמאי מאַכט ער פון זיך נישט קיין אָנשטענדיקן מענטש? האָט ער דען נישט קיין מורא פאַר זיך אַליין? ציטערט ער דען נישט אויף, ווי נאָר ער טרעפט זיך גייסטיק מיט זיך אַליין און פרוווט אויף זיך אָנ-וואַרפן אַן אימה? צוליב וואָס תּמיד די לייזיקע וויצן, און דאָס שטענדיקע אָפּחוזקן, און דאָס פאַרשאַפן זיך אַליין עגמת-נפש? פאַרוואָס העלפט ער נישט זיך אַליין? וויל ער דאָס דען נישט? רעדט ער דען נישט איין זיך אַליין צו זיין גוט, צו זיין באַליבט? צו לעבן בשלום מיט זיך אַליין?

נאָר ניין. נעמט ער אַמאָל אָן אַן אָנשטענדיקן באַשלוס, זאָגט ער זיך שוין באַלד: דו וועסט דאָס נישט אויספירן, דו ביסט נישט געוווינט שטאַרק. דו באַזיצסט נישט קיין ווילנס-קראַפט. דו האָסט צו-פיל לוסט צו פאַרווילונגען. קיינמאָל זאָגט ער זיך נישט: געוויס, דו ווילסט גוט-זיין, איך וועל דיר אין דעם העלפן. איך וועל דיך באַרויקן איך וועל נישט באַשמוצן דיין גייסט מיט קיין ביליקע וויצן, מיט באַווייזן, אַז דו קאָנסט דאָס

נישט, מיט פראַגן, מיט זיפצן, מיט חשבונות, אַז דאָס וועט קיינמאָל נישט פאַווירקלעכט-ווערן.

(....)

האַלט ס׳מויל. איצט רעד איך. איצט בין איך דער האַר. אַפילו איך זאָל משוגע-ווערן, וועל איך דיך אַראָפּדריקן אַזוי טיף, ווי דו פאַרדינסט. איך וועל זיין פריי, טון אַלץ וואָס איך וויל. וועל איך גלוסטן גיין, וועל איך גיין, און קיינער וועט מיר נישט ברומען דאָרטן אינעווייניק, צוליב וואָס גייסטו דאָס? און וועל איך וועלן ערנסט נעמען זיך צו דער אַרבעט, וועט דאָס עפּעס פון אינעווייניק נישט אָפּשפּאָטן: אַהאַ, דעם הער איז שוין נמאס געוואָרן דאָס אויסגעלאַסענע לעבן, און ער טראַכט וועגן געשעפט.

אַנאַ, העלף אָט דעם דאָ. זאָל אים עמיצער העלפן.

(דו ביסט אַ גרויסער, גרויסער נאַר. דו ביסט אומגליקלעך. מאַך זיך נישט צו שפּאָט.)

דער קאָנדוקטאָר האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער אַ קליין יינגל, וואָס האָט געמוזט זיין נישט עלטער ווי צען אָדער עלף יאָר. דער קאָנדוקטאָר האָט אים אויפגעוועקט און געפרעגט:

„העי, ווהין פאָרסטו?"

דאָס יינגל האָט זיך אויפגעהויבן און האָט געציטערט.

דער קאָנדוקטאָר האָט געזאָגט צו די אַרומיקע:

„דאָס קינד פאָרט פון אינמיטן דער נאַכט. וווּ וווינסטו, קינד?"

דאָס יינגל האָט נישט געענטפערט.

„האָסטו נישט קיין היים?"

דאָס יינגל האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך געקליבן וויינען.

„מיינסטו, אַז דאָ איז אַ צען-סענט-האָטעל?"

עמיצער האָט געזאָגט:

„לאָזט אָבער דאָס קינד צורו".

„ווער איז דאָ קאָנדוקטאָר? מישט זיך נישט נישט אין אַנדערע עסקים. קינד, וואָס זאָל איך מיט דיר אָנהייבן צו-טון?"

דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן צו רעווען, העכער-און-העכער, פּונקט ווי מען וואָלט אים געריסן אויף שטיקער. „אָך, וואָס ליאַרעמסטו? איך טשעפּע דאָך דיך נישט".

דאָס יינגל האָט געשריגן און געכליפּעט, און זיינע טרערן זענען געפלאָסן.

„הונדערט-פינף-און-צוואָנציקסטע סטריט", האָט אויסגעשריגן דער קאָנדוקטאָר און איז געלאָפן צו דער טיר.

דזשים האָט אים נאָכגעפאָלגט, און איז דורך דער געעפנטער טיר אַרויס אויף דער פרישער לופט. הינטער אים האָט אָפּגעהילכט דער צוגן-גלאָק, און דער צוג האָט זיך אַ רוק-געטון און איז אַוועקגעפאָרן. זיין געשווינדקייט איז אַלץ געוואַקסן, און ער איז אַריינגעפאָרן אין טונעל. דזשים האָט גענומען אויפהויבן זיך אויף די טרעפּ, לכתחילה פּאַמעלעך, דערנאָך, אַז די לופט איז געוואָרן קילער, האָט ער אָנגעהויבן צו לויפן; ער האָט דערגרייכט דעם פּעראָן פון דער אונטערשטער שטאָט; דאָ האָט געווימלט פון מענטשן, וועלכע זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט; ער איז אַרויפגעלאָפן מיט די ווייטערדיקע טרעפּ אַרויף צום הויפּט-פּעראָן, דורכגעלאָפן דורך דעם דריי-אויטאָמאַט, און גענומען לויפן צו דריי טרעפּ אויף אַמאָל.

איז די זון שוין אויפגעגאַנגען? איז שוין געוואָרן ליכטיק? איז שוין טאָג? די זון דאַרף נישט אויפגיין, איידער ער איז אינדערהייך. שנעל, אייל זיך צו.

די גאַסן-לאָמפּן זענען געווען פאַרלאָשן, אומעטום טונקל און פאַרנעפּלט, נאָר אין מזרח אַ שוואַכע העלקייט. דזשים האָט געשוידערט. עס איז געווען די טונקלסטע שעה פון דער נאַכט. קאַלט און אַ ביסעלע פייכט. ער האָט הויך אויפגעשטעלט דעם קראַגן, האָט אַראָפּגעצויגן דעם הוט איבערן שטערן און האָט גענומען גיין אַהיים.

איצטער האָט ער ווירקלעך נישט געוווּסט, וווהין ער גייט. אין דעמדאָזיקן פייכטן נעפּל איז נישט געווען קיין היים, קיין וואַרימע וווינונג, קיין בעט, וואָס ער זאָל אין אים קאָנען אַריינקריכן, קיין מוטער, וואָס וואַרט אויף אים. עס איז געווען נאָר טונקלקייט און קאַלטער טוי, וואָס האָט געקאַפּעט אים אויפן נאַקן און געמאַכט אים שוידערן. הינטער אים איז געווען אַ לאַנגע נאַכט, פול מיט אַוואַנטורעס, קאָשמאַרן, שיכּרות, שרייענדיקע פּאָליציאַנטן, נאַקעטע און באַגערטע פרויען. קאָפּ-ווייטיק און שרעקלעכע געפילן. פאַר אים — מער גאָרנישט ווי נעפּל, קיין

היים, קיין רו, קיין מוטער. דזשים וואָלט גערן געלאָפן, נאָר ער האָט נישט געקאָנט, ער וואָלט גערן געשריגן, נאָר ער האָט נישט געוואַגט.

אָך, אַביסעלע ליכט, וואָס זאָל צעשטרייען דעם נעפּל, פאַריאָגן די טונקלקייט, אַביסל וואַרימקייט. זיך גוט פילן, זיין אינדערהיים, נישט מורא־האָבן. אָך, אויפהערן צו טראַכטן. האָבן זון. אָ, די זון.

אָט איז דאָס געוועלב, — אינעווייניק ברענט אַ קליין לעמפּל, — און די טעלעפאָן־בודקע, וווּהין די פרוי איז אַריינגעגאַנגען רעדן. דזשאָעס קראָם. אַ יונג פאַרקויפט שוין צייטונגען, בעת דזשאָע שלאָפט נאָך מיט זיין פרוי, דער דיקער איטאַליענערין; דאָ איז אַ ליידיקער וואָגן. און אָט אויף דער אַנדערער זייט גאַס דער פּאָליציאַנט, וואָס היט די אָרדענונג; ער גיט אַכטונג, צי די טירן זענען פאַרשלאָסן און קלאַפּט מיטן שטעקן אַנטקעגן די לאָדנס פון די פענסטער. אָט איז דער כשרער פליישמאַרק, אַרומגעצוימט מיט רויטע פייכטע ברעטער. און אָט איז די היים.

ער האָט אַרויפגעקוקט. אין רעכטן פענסטער פון דריטן שטאָק איז געווען ליכטיק. אָרימע מוטער. זי וואַרט נעבעך. ער האָט אַ בליק־געטון צו מזרח־צו, צו דער זון, זי איז נאָך נישטאָ. ער איז געשטאַנען שטיל. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט און האָט געזאָגט: „אָך, גאָט אין הימל, זיי זענען שוין טויט”, און איז אַריין אין שטוב.

---

# אינהאלט.



---

# אַלע ווערק פון שלום אַש

ש. אַש איז דער גרעסטער און שטאַרקסטער דיכטער פון אונזער צייט.
נישטאָ קיין יידישער אינטעליגענט, אַרבעטער און פאָלקס-מענטש, וואָס זאָל נישט טרוימען צו האָבן ביי זיך אין שטוב אַלע ווערק פון ש. אַש.

## ביז איצט זענען דערשינען:

XVI. דראַמאַטישע שריפטן

(נאַציאָנאַלע דראַמען)

משיחס צייטן

אונזער גלויבן

אַ שנירל פּערל

דער טויטער מענטש 336 ז'

XVII. דראַמאַטישע שריפטן

(סאָציאַלע דראַמען)

גאָט פון נקמה

בונד פון די שוואַכע

מאָטקע גנב

יחוס 3.50 ז'

XVIII. דראַמאַטישע שריפטן

די יורשים

מיטן שטראָם

דער זינדיקער

אום ווינטער

מאַראַנען 230 ז'

XIX. טויט-אורטייל 152 ז'

חיים לעדערערס

צוריקקומען 152 ז'

XX. פון איין קוואַל 256 ז'

XXI. פאַר יוגנט 268 ז'

מעשהלעך פון חומש 144 ז'

XXII. מיין רייזע איבער שפּאַניע 118 ז'

דער מזבח 132 ז'

XXIII. נייע דראַמען: רבי דר. זילבער; יוסף;

קוילן 274 ז'

XXIV. פּעטערבורג 442 ז'

XXV. וואַרשע 440 ז'

פּרייז פון אַלע 30 ביכער (7400 ז')

אַלע ווערק אין 25 פּראַכט-בענד